קנוט האַמסון

# הונגער

(ראָמאַן)

יידיש מרים רייזען

ווילנע — 1929

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

# ערשטער טייל

דאָס איז געווען אין יענע טעג, ווען איך האָב געוואָגלט און צעהונגערט אין קריסטיאַניע, אין דער דאָזיקער אויסטערלישער שטאָט, וואָס קיינער פאַרלאָזט זי ניט, איידער ער איז פון איר ניט געשטעמפּלט געוואָרן . . . . . . . . . . . . . . . . . .

איך בין געלעגן אין מיין דאַכשטיבל און געהערט, ווי דער זייגער אונטער מיר האָט געשלאָגן זעקס; ס'איז שוין געווען גאַנץ ליכטיק און ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער געלאַף אַרויף און אַראָפּ איבער די טרעפּ. אונטן ביי דער טיר, וואו מיין צימער איז אויסגעקלעפּט געווען מיט אַלטע נומערן פון „מאָרגנבלאַט", האָב איך דייטלעך געקענט זען אַ מודעה פון דעם דירעקטאָר פון לייכטטורעם און אַ ביסל לינקס—אַ גרויסע אַנאָנס מיט פעטן שריפט פון בעקער פאַביאַן אָלסען וועגן פרישן ברויט.

קוים געעפנט די אויגן, האָב איך, לויט מיין אַלטער געוווינהייט, אָנגעהויבן נאָכצוטראַכטן, צי איז ניטאָ עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל מיך היינט דערפרייען. די לעצטע צייט איז מיר גאַנץ שווער געגאַנגען; מיינע חפצים זיינען איינס נאָכן אַנדערן אַריבער צו דעם „פעטערל", איך בין געוואָרן נערוועז און געררייצט, עטלעכע מאָל איז מיר אַפילו אויסגעקומען אָפּצוליגן אַ גאַנצן טאָג אין בעט צוליב שווינדל אין קאָפּ. צייטנווייז, ווען דאָס מזל האָט מיר צוגעשפּילט, פלעגט מיר געלינגען צו כאַפּן אַ פינף קראָן פאַר אַ פעליעטאָן אין אַ צייטונג.

ס'איז אַלץ ליכטיקער געוואָרן און איך האָב זיך גענומען צום לייענען די מודעה ביי דער טיר; איך האָב אַפילו געקענט איבערלייענען די מאָגערע אויסגעשטשירעטע אותיות וועגן „די

תכריכים ביי פרייליך אַנדערסען אין טויער רעכטס". דאָס האָט מיך גאַנץ לאַנג באַשעפטיקט און איידער איך בין אויפגעשטאַנען און אָנגעהויבן זיך אָנצוטאָן, האָט שוין דער זייגער אונטן געשלאָגן אַכט.

איך האָב אויפגעעפנט דאָס פענסטער און אַרויסגעקוקט אויפן הויף. פון מיין אָרט האָב איך געזען אַ שטריק צום טריקענען וועש און אַ ברייט פעלד; פונדערווייטנס האָבן זיך געשוואַרצט די רעשטלעך פון דער אָפּגעברענטער קוזניע, וואָס עטלעכע אַרבעטער האָבן אויפגערוימט. איך האָב זיך צעגעשפּאַרט מיט די איילנבויגנס אין פענסטער און געקוקט אין דער ווייט. ס'וועט זיכער זיין אַ לויטערער טאָג. דער האַרבסט איז אָנגעקומען, די איידעלע, קילע צייט פון יאָר, ווען אַלץ בייט זיין קאָליר און פאַרגייט. דער גערויש אויף די גאַסן האָט זיך שוין אָנגעהויבן און האָט מיך געלאָקט אין דרויסן; דער דאָזיקער ליידיקער צימער, מיט דער דיל, וואָס האָט זיך געוויגט פון מיין יעדן טראָט, איז געווען ווי אַ פייכטער אומהיימלעכער קבר; ניט קיין רעכטער שלאָס אין טיר און אָן אַן אויוון. ביינאַכט פלעג איך ליגן אויף מיינע שקאַרפעטן, כדי זיי זאָלן זיך אַ ביסל אויסטריקענען ביז צומאָרגנס. מיין איינציקער פאַרגעניגן, וואָס איך האָב דאָ געהאַט, איז געווען דער קליינער רויטער ווינגשטול, וואָס אין די אָוונטן פלעג איך אויף אים זיצן און דרעמלען און טראַכטן וועגן כל המיני זאַכן. בשעת אַ שטאַרקער ווינט האָט געבלאָזן און די טירן פון אונטן זענען געווען אָפן, פלעגט זיך פון דער דיל און פון די ווענט דערטראָגן אַ אויסטערליש פייפעריי אויף אַלע טענער און אין דעם „מאָרגנבלאַט" ביי דער טיר פלעגן ווערן לעכער ווי אַ האַנט די גרייס.

איך האָב זיך אויפגעהויבן און גענומען זוכן אין ווינקל לעבן בעט, אין פעקל, צי איז דאָרט ניטאָ עפּעס צום אָנבייסן, אָבער גאָרנישט געפונען און זיך אומגעקערט צוריק צום פענסטער.

„גאָט ווייס, — האָב איך געטראַכט — צי וועט מיר טאַקע געלינגען באַקומען אַ באַשעפטיקונג!" די אָן אַ שיר אָפּזאָגן, די האַלבע הבטחות, די קאַטעגאָרישע „ניין", די געצערטלטע און אָפּגענאַרטע האָפענונגען, די נייע פרוּוון, פון וועלכע עס פלעגט גאָר-

נישט אַרויסקומען, האָבן דערשלאָגן אין מיר דעם מוט. לסוף האָב איך געזוכט אַן אָרט פון אַ שיקיינגל, אָבער כ׳האָב פאַרשפעטיקט; אויסערדעם האָב איך ניט געהאַט אַריינצוטראָגן די פופציק קראָן ערבות=געלט. אַלעמאָל איז געווען אַן אַנדערע מניעה. איך האָב זיך אויך געמאָלדן פאַר אַ פייערלעשער. זאַלבעפופציקט זענען מיר געשטאַנען אין פאָדערצימער מיט אויסגעשטרעקטע ברוסטן, כדי צו מאַכן דעם איינדרוק פון גבורה און גרויסער באַהאַרצטקייט. דער פאַרוואַלטער איז אַרומגעגאַנגען און אַרומגעקוקט די דאָזיקע קאַנדידאַטן, געטאַפּט ביי זיי די הענט און געשטעלט פאַרשיידענע פראַגן, און פאַרביי מיר איז ער אַדורכגעגאַנגען, בלויז אַ מאַך געטאָן מיטן קאָפּ און געזאָגט, אַז איך טויג ניט צוליב מיינע ברילן. איך בין געקומען ווידער, אָן ברילן, געשטאַנען דאָרט, אָנגערוקט די ברעמען, און זיך געפלייסט צוצוגעבן די אויגן אַ מעסער=שאַרפן בליק, אָבער דער דאָזיקער מענטש איז ווידער מיך פאַרביינגעגאַנגען און אַ שמייכל געטאָן — ער האָט מיך דערקענט. און צו אַלע מיינע צרות האָט מיין אָנצוג זיך אַזוי אָפּגעניצט, אַז איך האָב שוין ניט געקענט גיין ערגעץ פאָרשטעלן זיך אַלס אָנשטענדיקער מענטש.

ווי גלייכמעסיק און בהדרגהדיק בין איך געגאַנגען באַרג אַראָפּ די גאַנצע צייט! סוף=כל=סוף בין איך געבליבן אַזוי נאַקעט פון אַלץ, אַז איך האָב אַפילו ניט געהאַט קיין קעמל אָדער קיין ביכל צום לייענען, ווען עס פלעגט ווערן זייער אומעטיק אויפן האַרצן. אַ גאַנץ זומער פלעג איך פאַרברענגען אויף די בית=עלמינס אָדער אין שלאָס=פאַרק, וואו איך פלעג זיצן און שרייבן אַרטיקלען פאַר די צייטונגען, עמוד נאָך עמוד, וועגן די פאַרשיידנסטע זאַכן, אויסטערלישע ערפינדונגען, פאַנטאַסטישע טרוימען, איינפאַלן פון מיין אומרויקן מוח. פאַר פאַרצווייפלונג פלעג איך אָפט אויסקלייבן גאָר אַבסטראַקטע טעמעס, וואָס האָבן מיר געקאָסט לאַנגע שעהן אָנשטרענגונג און ערגעץ זיי ניט געקענט אויסברענגען. אַן אַרטיקל פאַרענדיקט, פלעג איך זיך נעמען פאַר אַ נייעם און זעלטן ווערן געפאַלן ביי זיך פון דעם רעדאַקטאָרס — „ניין“. איך האָב זיך אַליין איינגערעדט, אַז ווען=עס=איז וועט נאָך אָפּגליקן. און

באמת, צייטנווייז, אַז דער מזל איז געווען אויף מיין זייט, און עס האָט זיך מיר איינגעגעבן אָנצושרייבן אַ גוטן אַרטיקל, פלעג איך קענען באַקומען אַ פינף קראָן פאַר אַן אָוונט אַרבעט.

איך בין ווידער אַוועק פון פענסטער, צוגעגאַנגען צו דעם שמול, אויף וועלכן עס איז געשטאַנען וואַסער צום וואַשן זיך, און אָפּגעשפּריצט אַ ביסל מיינע גלאַנציקע הויזנקני, זיי זאָלן ווערן שוואַרצער און אויסזען נייער. אָפּגעטאָן דאָס, האָב איך לויט מיין געוויינהייט אַריינגערוקט אין קעשענע פּאַפּיר מיט אַ בלייפעדער. איך האָב זיך שטיל אַראָפּגעשלייכט פון די טרעפּ, כדי ניט צו דערוועקן די אויפמערקזאַמקייט פון מיין באַלעבאָסטע. אַ פּאָר טעג איז שוין אַריבער נאָכן טערמין און כ'האָב ניט געהאַט מיט וואָס צו באַצאָלן דירה=געלט.

ס'איז געווען ניין אַ זייגער. דער רעש פון פורן און קולות האָבן אָנגעפילט די לופט, אַן אומגעהייערע פרימאָרגנדיקער כאָר, אויסגעמישט מיט די טריט פון פוסגייער און דער קנאַקעריי פון בייטשן. די דאָזיקע רוישיקע באַוועגונג אומעטום האָט מיך גלייך אָפּגעפרישט און איך האָב זיך אָנגעהויבן צו פילן אַלץ רויקער. פון קיין זאַך בין איך ניט געווען אַזוי פרעמד, ווי פון דעם געדאַנק צו מאַכן אַ פרימאָרגנדיקן שפּאַציר אויף דער פרישער לופט. וואָס האָט געטויגט מיינע לונגען די לופט? איך בין געווען שטאַרק ווי אַ ריז און געקאָנט אָפּשטעלן אַ פור מיט מיינע פּלייצעס. אַ פיינע אויסטערלישע שטימונג, אַ געפיל פון ליכטיקער גלייכגילטיקייט האָט מיך באַהערשט. איך האָב גענומען אָבסערווירן די מענטשן, וואָס זיינען מיר אַקעגנ= און אַדורכגעגאַנגען, געלייענט שילדן אויף די ווענט, אויפגעכאַפּט דעם איינדרוק פון אַ בליק, וואָס איז געפאַלן אויף מיר פון אַ פאַרבייגעפאָרענעם עקיפּאַזש, דורכגעדרונגען זיך מיט יעדער קלייניקייט, מיט אַלע קליינע צופעליקייטן, וואָס האָבן מיר איבערגעשניטן דעם וועג און פאַרשוואונדן.

ווען ס'וואָלט זיין כאָטש עפּעס עסן אין אַזאַ ליכטיקן טאָג! דער איינדרוק פון פריידיקן פרימאָרגן האָט מיך באַהערשט, איך בין געווען אומגעהייער צופרידן און אָן שום סיבה האָב איך גענומען אונטערזינגען פאַר פרייד. ביי אַ פליישקראָם איז געשטאַנען

אַ פרוי מיט אַ קיישל אין האַנט און אויסגעקליבן וואורשט צו מיטאָג; אַז איך בין אַדורך פאַרביי איר, האָט זי מיך אָנגעקוקט. זי האָט געהאַט איינאיינציקן פאָדערשטן צאָן. בײַ מיין נערוועזקייט און לייכטער אויפגערעגטקייט פאַר דער לעצטער צייט האָט דאָס פּנים פון דער פרוי געמאַכט אויף מיר אַן עקלהאַפטן איינדרוק; דער לאַנגער געלער צאָן האָט אויסגעזען ווי אַ קליינער פינגער, וואָס האָט אַרויסגעשטאַרצט פון קינבאַק, און איר בליק, מיט וועלכן זי האָט מיך אָנגעקוקט, איז נאָך געווען פול מיט וואורשט. איך האָב גלייך פאַרלוירן דעם אַפּעטיט און דערפילט, אַז מיך איבלט. דערגאַנגען צום מאַרק, בין איך צו צום באַסיין און אויסגעטרונקען אַ ביסל וואַסער; כ'האָב אַ קוק געטאָן אויבן — אויפן קלויסטער-טורעם איז געווען צען אַ זייגער.

איך בין אַוועק ווייטער איבער די גאַסן, געבלאָנקעט, ניט זאָרגנדיק זיך וועגן קיין שום זאַך, אָפּגעשטעלט זיך ערגעץ בײַ אַ ראָג, כּתּם אַזוי, פאַרנומען זיך אין אַ זייטיקער גאַס, הגם איך האָב דאָרטן גאָרנישט געהאַט וואָס צו טאָן. איך האָב זיך געלאָזט מיטן שטראָם, באַוועגט זיך אין דעם פריידיקן באַגינען, געוואַנדלט זאָרגלאָז הין און צוריק צווישן אַנדערע גליקלעכע מענטשן; די לופט איז געווען לויטער און לער, אין אין האַרצן בײַ מיר איז ניט געווען דער מינדסטער שאָטן.

אין משך פון צען מינוט איז מיר פאָראויסגעגאַנגען אַן אַלטער הינקעדיקער מאַן. ער האָט געטראָגן אַ פּעקל אין איין האַנט, געגאַנגען מיטן גאַנצן קערפּער, געאַרבעט מיט אַלע כּוחות, כּדי גיכער דורצוכגיין. איך האָב געהערט, ווי ער האָט געסאָפּעט פאַר אָנשטרענגונג, און מיר איז איינגעפאַלן, אַז איך וואָלט געקאָנט טראָגן זיין פּעקל, אָבער איך האָב זיך ניט געמיט אים צו דעריאָגן. אויף גרענסען-גאַס האָב איך באַגעגנט האַנס פּאַולי, ער האָט זיך באַגריסט און איז שנעל פאַרבייגעגאַנגען. וואָס האָט ער זיך דאָס אַזוי געאיילט? איך האָב גאָר בדעה ניט געהאַט צו בעטן בײַ אים אַ קראָן, איך האָב אַפילו בײַ דער ערשטער געלעגנהייט געוואָלט אים אָפּשיקן די דעקע, וואָס כ'האָב בײַ אים גענומען מיט עטלעכע וואָכן צוריק. ווי נאָר איך וועל ווי עס איז אַרויסקריכי

פון דער נויט, וועל איך קיינעם ניט שולדיק בלייבן קיין דעקע; אפשר וועל איך נאָך היינט אָנהייבן אַן אַרטיקל וועגן פאַרברעכנס פון דער צוקונפט אָדער וועגן פרייהייט פון ווילן אָדער בכלל וועגן אַ זאַך, וואָס איז ווערט געלייענט צו ווערן, און וועל באַקומען ווייניקסטנס אַ צען קראָן. און ביי דעם געדאַנק וועגן דעם דאָזיקן אַרטיקל האָב איך מיט אַ מאָל דערפילט אַ באַדערפעניש תיכף זיך נעמען פאַר אים און שעפן פון מיין איבערפולטן מוח; איך האָב געוואָלט געפינען אַ פאַסיקן אָרט אין דעם שלאָס-פאַרק און לגמרי ניט געטראַכט וועגן אָפּרו, וואו דער אַרטיקל וועט ניט פאַרטיק ווערן.

אָבער דער אַלטער קאַליקע האָט נאָך אַלץ געמאַכט די זעלבע עקלהאַפטע באַוועגונגען. לסוף האָט עס מיך גענומען ערגערן, וואָס דער דאָזיקער צעבראָכענער מענטש גייט די גאַנצע צייט מיר פאָראויס. עס האָט זיך געדאַכט, אַז צו זיין נסיעה וועט ניט נעמען קיין סוף; אפשר האָט ער פונקט אויסגעקליבן די זעלבע ריכטונג וואָס איך און וועל אים נאָך דאָבן דעם גאַנצן וועג פאַר די אויגן. אין מיין אויפגערעגטקייט האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז אויף יעדן ראָג פלעגט ער פאַרלאַנגזאַמען די טריט און ווי אויסגעוואַרט, וואוהין וועל איך זיך פאַרנעמען, און נאָכדעם פלעגט ער הויך אַ הייב טאָן זיין פעקל און געשפאַנט מיט אַלע כוחות כדי מיך אַריבערצויאָגן. איך גיי און קוק זיך איין אין דער דאָזיקער פאַרקריפלטער בריאה און ווער אַלץ מער און מער פאַרביטערט קעגן אים; איך האָב דערפילט, ווי ביסלעכווייז מאַכט ער קאַליע מיין ליכטיקע שטימונג און ציט אויך אַריין דעם שיינעם לויטערן פרימאָרגן אין זיין העסלעכקייט. ער איז געווען ענלעך אויף אַ גרויסן הינקעדיקן אינסעקט, וועלכער האָט מיט געוואַלד און מיט עקשנות געוואָלט זיך דורכשלאָגן צו אַ באַשטימטן פלאַץ אויף דער וועלט און האָט פאַרנומען דעם טראָטואַר. אַז מיר זענען אַרויף אויפן שפיץ בערגל, האָב איך מער דערמיט ניט געוואָלט שלום ווערן, אויסגעדרייט זיך צו אַ פענסטער פון אַ קלייט און געבליבן שטיין, כדי צו געבן אים אַ מעגלעכקייט אַוועקצוגיין. ווען איך האָב אין עטלעכע מינוט אַרום זיך געלאָזט גיין ווייטער, איז

דער דאָזיקער מענטש ווידער גענאַנגען מיר פאָראויס — ער האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט. ניט לאַנג געטראַכט, מאַך איך אַ דריי-פיר גרויסע טריט און גיב אים אַ קלאַפּ איבער דער פּלייצע.

ער האָט זיך גלייך אָפּגעשטעלט. מיר קוקן שטאַר אָן איינער דעם אַנדערן.

— אַ פּאָר שילינג אויף מילך! — האָט ער ענדלעך געזאָגט און פאַרבויגן דעם קאָפּ אויף אַ זייט.

אָט האָסטו דיר אַ שיינע לאַגע! איך האָב אַ זוך געטאָן אין די קעשענעס און געזאָגט:

— אויף מילך, יאָ, הם! געלט וואָלגערט זיך ניט היינטיקע צייטן און איך ווייס ניט צי איר נייטיקט זיך אַזוי

— פון נעכטן אָן האָב איך גאָרנישט געגעסן — האָט דער מענטש געזאָגט — איך האָב ניט קיין שילינג ביי דער נשמה און כ'האָב נאָך ניט געפונען קיין אַרבעט

— איר זייט אַ בעל-מלאכה?

— יאָ, איך בין אַ נאָדלמאַכער

— וואָס?

— אַ נאָדלמאַכער, איבעריקנס קען איך נאָך נייען שטיוול.

— דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש — האָב איך געזאָגט: — וואַרט-אויף אַ פּאָר מינוט, וועל איך אַ לאָף טאָן נאָך קליינגעלט פאַר אייך, — עטלעכע ערע

אָן אַן אָטעם האָב איך אַ לאָף געטאָן אויף פילעסטרעדע, וואו עס האָט געוואוינט אַ מלווה אויפן צווייטן שטאָק; איבעריקנס בין איך נאָך ביי אים ניט געווען. אַריין אין טויער, האָב איך שנעל אַראָפּגענומען פון זיך די וועסט, זי צוזאַמענגעדרייט און פאַרשטעקט אונטערן אָרעם, אַרויף אויף די טרעפּ און אָנגעקלאַפּט אין טיר. איך האָב זיך פאַרנייגט און אַ וואָרף געטאָן דאָס וועסטל אויפן טאָמבאַנק.

— אַנדערטהאַלבן קראָן — האָט דער מענטש געזאָגט.

— זייער גוט, אַ דאַנק, — האָב איך געענטפערט — ווען עס וואָלט ניט געווען צו שמאָל אויף מיר, וואָלט איך עס אַוודאי ניט אַוועקגעגעבן.

איך האָב באַקומען דאָס געלט, אַ קוויטל אויפן משכון און אַוועק צוריק. אין גרונד גענומען, איז פאַרזעצן דאָס וועקסל געווען אַ גרויסאַרטיקער איינפאַל, עס וועט מיר נאָך איבערבלייבן געלט אויף אַ רייכן פרישטיק און אַוונט=צו וועט מיין אַרטיקל וועגן די פאַרברעכנס פון דער צוקונפט זיין שוין פאַרטיק. איך האָב באַלד אויפן אָרט איינגעפונען, אַז דאָס לעבן איז ניט אַזוי ביטער און געאיילט צוריק צו דעם מענטשן, כדי פטור צו ווערן פון אים.

— ביטע! — האָב איך אים געזאָגט.

— עס פרייט מיך זייער, וואָס איר האָט זיך גלייך געווענדט צו מיר.

דער מענטש האָט גענומען דאָס געלט און אָנגעהויבן מעסטן מיך מיט די אויגן. וואָס איז ער געשטאַנען און געקוקט? איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער האָט איבערהויפּט אויסגעפאָרשט מיינע הויזן אין די קני און די דאָזיקע אומפאַרשעמטקייט האָט מיך אויפגעבראַכט. צי דען האָט דער דאָזיקער טויגעניכטס טאַקע געמיינט, אַז איך בין אין דער אמתן אַזוי אָרעם, ווי מ'האָט געקענט משפטן לויט מיין אויסזען. איך האָב דאָך שוין כמעט אָנגעהויבן צו שרייבן אַן אַרטיקל פאַר צען קראָן. און בכלל, שרעק איך זיך ניט פאַר דער צוקונפט, איך האָב נאָך פיל געהאַט אין אויסזיכט. וואָס גייט עס אָן אַ גאַנץ זייטיקן מענטשן, וואָס איך האָב אַוועקגעשאָנקען אַ ביסל געלט אין אַזאַ ליכטיקן טאָג? זיין בליק האָט מיך אויפגערייצט און איך האָב באַשלאָסן אים אויסצורייידן איידער איך וועל פון אים פטור ווערן. איך האָב אַ דריק געטאָן מיט די אַקסלען און געזאָגט:

— ליבער פריינד, איר האָט אַן עקלהאַפטע מידה אָנצושטעלן די אויגן אויף אַ מענטשנס קני, אַז מען גיט אייך אַ גאַנצן קראָן.

ער האָט זיך אָנגעשפאַרט מיטן קאָפּ צו דער וואַנט און געעפנט דאָס מויל. הינטער זיין בעטלערישן שטערן האָט זיך עפּעס געאַרבעט, ער האָט געוויס געמיינט, אַז אַזוי צי אַזוי מאַך איך שפּאַס פון אים און ער האָט מיר דערלאַנגט דאָס געלט צוריק. איך האָב אַ טופּע געטאָן מיטן פוס און פאַרשוואָרן אים איבערלאָזן

דאָס געלט בײ זיך. וואָס מײנט ער זיך? אומזיסט האָב איך זיך געעסקט? סוף=כל=סוף בין איך אים גאָר אפשר שולדיק די קראָן, כ׳האָב פּשוט דערמאָנט זיך אַן אַלטן חוב. ער האָט צו טאָן מיט אַן אָנשטענדיקן מענטשן, וואָס איז ערלעך דורך און דורך. מיט אײן וואָרט, דאָס געלט איז זײנס... אַך, ניטאָ פאַרוואָס צו דאַנקען, מיר איז געווען זײער אײנגענעם. אַ גוטן!

איך בין אַוועק. ענדלעך בין איך פּטור געוואָרן פון דעם דאָזיקן הינקעדיקן שלימזל און מער וועט מען מיר שוין ניט שטערן. איך בין ווידער אַוועק אויף פילעסטרעדע און זיך אָפּגעשטעלט בײם גאַסטראָנאָמישן געשעפט. דאָס פענסטער איז געווען באַלײגט מיט עסנוואַרג און איך האָב באַשלאָסן אַרײנגײן און מיטנעמען עפּעס אויפן וועג.

— אַ שטיקל קעז און אַ פראַנצויזיש ברויט! — האָב איך געזאָגט און אַ וואָרף געטאָן אַ האַלבע קראָן אויפן טאָמבאַנק.

— קעז מיט ברויט פאַרן גאַנצן געלט? — האָט די פרויאיראָניש געפרעגט, ניט אַ קוק צו טאָן אויף מיר.

— פאַר די גאַנצע פופציק ערע, יאָ — האָב איך גאַנץ רויק געענטפערט.

איך האָב באַקומען מײן פּעקל, זײער העפלעך געוואונטשן אַ גוטן טאָג דער אַלטער דיקער פרוי און שנעל אַוועקגעשפּרײזט אין דער ריכטונג צום שלאָסבאַרג אין פּאַרק אַרײן. איך האָב זיך אויסגעפונען אַ באַנק און גענומען גערק צו קײען מײן עסן. ס׳איז געוואָרן גוט; איך האָב שוין לאַנג ניט געהאַט אַזאַ פולן רײכן מיטאָג און ביסלעכווײז האָב איך אָנגעהויבן צו שפּירן יענע זאַטערויקײט, וואָס קומט אָן נאָך אַ לאַנגן געווײן. מײן מוט איז שטאַרק אויסגעוואַקסן, מיר איז שוין ווײניק געווען אָנצושרײבן אַן אַרטיקל וועגן אַזאַ פּשוטער און זעלבסטפאַרשטענדלעכער זאַך, ווי די פאַרברעכנס פון דער צוקונפט, וואָס אגב קען עס יעדערער אַלײן פאַראויסזען, נאָר פּשוט אַרויסלײענען פון דער וועלט=געשיכטע; איך האָב זיך געשפּירט פעיק צו אַ סך אַ גרעסערער אָנשטרענגונג: בײ מײן שטימונג האָב איך געקענט בײקומען אַלע מניעות און איך האָב זיך אָנגעמערקט אָנצושרײבן אַ ווערק אין דרײ טײלן וועגן

דער פילאָסאָפישער דערקענטעניש. נאַטירלעך, וועל איך האָבן די געלעגנהייט צו צעקלאַפּן אויף טויט עטלעכע קאַנטס סאָפיזמען... אַז איך האָב געוואָלט אַרויסנעמען מיין שרייב-געצייג און צוטרעטן צו דער אַרבעט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס'איז ניטאָ דער בליי-פעדער, איך האָב אים פאַרגעסן ביים מלווה אין קרעמל. ער איז געלעגן ביי מיר אין וועסטל-קעשענע...

נאָט מיינער, ווי עס גייט מיר אַלץ מיטן קאָפּ אַראָפּ! איך האָב געשיקט עטלעכע קללות, זיך אויפגעהויבן פון באַנק און געגאַנגען הין און צוריק איבער די שטעגן. אומעטום איז געווען זייער שטיל; פונדערווייטנס, אַרום דעם קיניגס גאָרטנשטיבל האָבן עטלעכע אַמען אַרומגעפירט זייערע וועגעלעך, און מער איז ניט געווען צו זען קיין נפש. איך בין געווען שטאַרק צעטראָגן און געשפּרייזט פאַרביי מיין באַנק ווי אַ צעמישטער. אַ מערקווערדיקער פּלאָנטער פון צרות! דאָס ווערק אין דריי טייל קען פּלוצלונג ניט אָנגעשריבן ווערן צוליב דער פּשוטער סיבה, וואָס איך האָב ניט קיין גראָשענעם בלייפעדער אין קעשענע! ווען איך זאָל זיך אומקערן קיין פילעסטרעדע און צוריק קריגן דעם בלייפעדער? איך וועל נאָך באַוויזן פונדעסטוועגן אַ שיין ביסל אָנצושרייבן, ביז וואַנען דער שפּאַצירנדיקער עולם וועט אָנהייבן צו פאַרפילן דעם פּאַרק. אויסערדעם איז דאָך נאָך אַזוי פיל אָפּהענגיק פון דעם דאָזיקן אַרטיקל וועגן דער פילאָסאָפישער דערקענטעניש — אפשר דאָס גליק פון אַ סך מענטשן — דאָס קען קיינער ניט וויסן. איך האָב זיך אַליין געזאָגט, אַז ער וועט מן-הסתם ברענגען אַ גרויסע הילף אַ סך יונגע מענטשן. ווען איך זאָל זיך נוט באַדאַכטן, וואָלט איך קאָנטן ניט געדאַרפט אָנגרייפן; דאָס וועל איך דאָך קענען לייכט אויסמיידן, איך דאַרף פּשוט מאַכן אַן אומבאַמערקטע אָפּ-ווייכונג, צוקומענדיק צו דער פראַגע וועגן צייט און רוים; אָבער דענאָגען וועל איך ניט שווינען, דעם אַלטן גלח רענאַן... אַזוי צי אַזוי, איז אומבאַדינגט נייטיק אָנצושרייבן אַן אַרטיקל אויף אַזוי פיל און אַזוי פיל שפּאַלטן. די ניט-באַצאָלטע דירה, דער באַלע-באָסטעס קרומער קוק אינדערפרי, ווען איך באַגעגן זי אויף די טרעפּ, האָבן מיך געפּייניקט אַ גאַנצן טאָג און פלעגן אַרויפשווימען

אַפילו אין מיינע בעסטע מינוטן פון פרייד, ווען איך האָב ניט געהאַט קיין איין פינסטערן געדאַנק. איך האָב געמוזט דערצו מאַכן אַ סוף. איך בין גיך אַרויס פון פאַרק, כדי אָפּצונעמען ביי דעם מלווה מיין בלייפעדער.

אַראָפּגעגאַנגען פון שלאָסבאַרג, האָב איך אָנגעיאָגט צוויי דאַמען און דורכגעגאַנגען. פאַרבייגייענדיק האָב איך אָנגערירט איינע פון זיי פאַרן אַרבל. איך האָב אויפגעהויבן די אויגן — זי האָט געהאַט אַ פול בלאַסלעך פנים. פלוצלונג ווערט זי אויפגע־פלאַקערט און איבערראַשנדיק שיין, און איך ווייס ניט פון וואָס, אפשר פון וואָרט, וואָס זי הערט פון אַ דורכגייער, אפשר פון איין שטילן פאַרבאָרגענעם געדאַנק. אָדער אפשר דערפאַר, וואָס איך האָב אָנגערירט איר האַנט? די הויכע ברוסט הייבט זיך האַסטיק עטלעכע מאָל אויף און זי פרעסט שטאַרק דאָס הענטל פון שירעם. וואָס איז מיט איר?

איך בין געבליבן שטיין און זי אַדורכגעלאָזט פאָראויס. אין דעמזעלבן מאָמענט האָב איך ניט געקאָנט גיין ווייטער — דאָס אַלץ האָט מיר אויסגעוויזן אַזוי אויסטערליש! איך בין געווען אין אַן אויפגערייצטן צושטאַנד, זיך געקאָכט אויף זיך אַליין פאַר דער מעשה מיטן בלייפעדער און געווען אין אַ גרויסער מאָס אויפגע־רעגט פון דעם אַלעם, וואָס איך האָב אויפגעגעסן אויפן ניכטערן מאָרגן. פלוצלונג, עפּעס אויף אַ פאַנטאַסטישן אופן, נעמט מיין געדאַנק אָן אַ מאָדנע ריכטונג. איך פיל, ווי מיר באַהערשט אַ מאָד־נער איינפאַל — אָנצושרעקן די דאָזיקע דאַמע, פאַרפאָלגן זי און אויף וועלכן ניט איז אופן אָנטאָן איר אַן עגמת־נפש. איך יאָג זי ווידער אָן און גיי פאַרביי, קער זיך אום פלוצלונג צוריק און טרעף זיך מיט איר פנים־אל־פנים, כדי אָנצוקוקן זי. איך שטיי און קוק איר אין די אויגן אַריין און טראַכט באַלד אויפן אָרט צו אַ נאָמען, וואָס איך האָב קיינמאָל ניט געהערט, וואָס האָט געקלונגען גלאַ־טיק און נערוועז: אילאַיאַלי. אַזוי ווי זי איז צוגעגאַנגען צו מיר גאָר נאָענט, גלייך איך זיך אויס און זאָג פעסט:

— איר פאַרלירט אייער בוך, פריילין.

איך האָב געקענט הערן, ווי שטאַרק עס האָט געקלאַפּט מיין האַרץ, ווען איך האָב דאָס געזאָגט.

— מיין בוך? — פרעגט זי איר באַגלייטערין און זי גייט ווייטער.

מיין בייז געפיל שטאַרקט זיך און איך גיי־נאָך די דאַמע. דערביי האָב איך דאָס פולע באַוואוסטזיין, אַז איך באַגיי אַ משוגע־נעם שריט, קען זיך ניט אָפּשטעלן; מיין אויפגערעגטע שטימונג האָט מיך מיטגעריסן און געשטופּט מיך אויף די ווילדסטע באַוועגונגען, וועלכע איך פלעג זיך אונטערגעבן. וויפיל איך האָב זיך אַליין ניט איינגערעדט, אַז איך פיר זיך אויף ווי אַן אידיאָט, האָט גאָרנישט געהאָלפן און איך האָב געמאַכט די נאַרישסטע תנועות הינטער דער דאַמעס פּלייצע און עטלעכע מאָל ווילד אַ הוסט געטאָן, אַדורכגייענדיק פאַרביי איר. און אָט בין איך געגאַנגען גאָר שטיל פאָראויס, עטלעכע טריט פון איר, געפילט איר בליק אויף מיין פּלייצע, געמוזט אַראָפּלאָזן דעם קאָפּ פאַר שאַנדע, וואָס איך טו איר אָן עגמת־נפש. ביסלעכווייז האָט מיך באַהערשט אַן אויסטערלישע שפּירונג, אַז איך בין ערגעץ ווייט, אויף אַן אַנדער אָרט. איך האָב געהאַט דאָס אומקלאָרע געפיל, אַז ניט איך, נאָר עמעצער אַנדערש, גייט עס איבער די דאָזיקע שטיינערנע פּלאַטעס און פלעג אַראָפּלאָזן דעם קאָפּ.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז די דאַמע צוגעקומען צו פּאַשאַס בוכהאַנדלונג. איך בין שוין געבליבן שטיין ביים ערשטן פענסטער — און אַז זי איז פאַרביי־געגאַנגען, האָב איך געמאַכט אַ שריט פאָראויס און איבערגעחזרט:

— איר פאַרלירט אייער בוך, פריילין.

— ניין, וואָס פאַר אַ בוך? — זאָגט זי דערשראָקן. — דו פאַרשטייסט, וועגן וועלכן בוך ער רעדט?

און זי בלייבט שטיין. איך פריי זיך אכזריותדיק פון איר פאַרלעגנהייט. די דאָזיקע פאַרלוירנקייט אין אירע אויגן אַנטציקט מיך. איר געדאַנק קען ניט באַנעמען מיין קליינע געוואַגטע ווענדונג. זי האָט לגמרי ניט קיין בוך, קיין שום בלעטל פון אַ בוך, אָבער זי זוכט ביי זיך אין די קעשענעס, קוקט נאָכאַנאַנד אויף די הענט,

דרייט אוים דעם קאָפּ און באַטראַכט הינטער זיך די גאַס, שטרענגט אָן אויפן העכסטן אופן איר קליינעם שפּירעוודיקן מוח, צו דערנײַן וועגן וואָס פאַר אַ בוך איך רייד. איר געזיכט בייט זיך אין קאָליר, האָט אַלע ווײַלע אַן אַנדער אויסדרוק און איך הער דייטלעך איר אָטעם; אַפילו די קנעפּלעך אויף איר קלייד קוקן אויף מיר ווי אַ שורה דערשראָקענע אויגן.

— לאָז אים אָפּ, — זאָגט איר באַגלייטערין און טוט איר אַ ציי פאַר דער האַנט — ער איז דאָך שיכּור; דו זעסט דען ניט, אַז דער מענטש איז שיכּור!?

ווי פרעמד איך בין פאַר זיך אַליין ניט געווען אין דעם דאָזיקן מאָמענט, אינגאַנצן אין דער שליטה פון אומגעזעענע השפּעות, איז דאָך אַרום מיר גאָרנישט ניט פאָרגעקומען אַזוינס, איך זאָל דאָס ניט האָבן באַמערקט.

אַ גרויסער געלער הונט איז דורכגעלאָפן די גאַס אין דער ריכטונג צום בולוואַר און ווייטער צו טיוואָלי. ער האָט געטראָגן ווייער אַ שמאָלן האַלזבאַנד פון נייזילבער. אַ ביסל ווייטער אין גאַס האָט זיך געעפנט אַ פענסטער אויפן צווייטן גאָרן, אַ דינסטמיידל האָט זיך אַרויסגעלענט מיט פאַרקאַשערטע אַרבל און האָט אָנגעהויבן צו ווישן די שויבן פון דער דרויסנדיקער זייט. קיין זאַך האָט ניט אויסגעמיידט מיין אויפמערקזאַמקייט, איך בין געווען ביים פעסטן פאַרשטאַנד און קלאָרן באַוואוסטזיין, אַלצדינג האָט אַריינגעדרונגען אין מיר מיט שאַרפער דייטלעכקייט, ווי עס וואָלט אַרום מיר פּלוצלונג זיך אָנגעצונדן אַ העלע שיין. ביידע דאַמען פאָראויס פון מיר האָבן געטראָגן בלויע פעדערן אין די היט און שאָטלענדישע סטענגעס אויפן האַלז. מיר איז פאָרגעקומען, אַז דאָס זיינען שוועסטער.

זיי האָבן זיך פאַרנומען אָן אַ זייט, זיך אָפּגעשטעלט ביי סיזלערס מוזיק-האַנדלונג און גערעדט צווישן זיך. איך בין אויך געבליבן שטיין. דערנאָך זיינען זיי ביידע אַוועק צוריק מיט דעם זעלבן וועג, וואָס זיי זיינען געקומען, ווידער אַדורך פאַרביי מיר, פאַרנומען זיך אויף דער אוניווערסיטעטס-גאַס און זיך געלאָזט גיין צום פּלאַץ פון סאַנקט-אָלאַף.

די גאַנצע צייט האָב איך זיך געהאַלטן וואָס נעענטער צו זיי. איינמאָל האָבן זיי זיך אומגעקוקט און געוואָרפן אויף מיר אַ האַלב דערשראָקענעם, האַלב נייגעריקן בליק און אויף זייערע פּנימער האָב איך ניט באַמערקט ניט קיין בייזקייט, ניט קיין רוגזה־דיקע ברעמען. זייער געדולד צו מיין צודרינגלעכקייט האָט מיך זייער פאַרשעמט און איך האָב אַראָפּגעלאָזט די אויגן. איך האָב ניט געוואָלט זיי מער דערעסן, און מיט אַ געפיל פון דאַנקבאַרקייט האָב איך זיי באַגלייט מיט בליקן, ניט פאַרלירנדיק זיי פון אויג, ביז וואַנען זיי זיינען אַריין ערגעץ און פאַרשוואונדן.

ביי נומער 2 פון אַ גרויסן דריי־גאָרנדיקן מויער האָבן זיי זיך נאָך אַמאָל אומגעקוקט, און אַריין. איך האָב זיך אָנגעשפּאַרט אָן גאַס־לאַמטערן ביים פאָנטאַן און זיך צוגעהערט צו זייערע טריט אויף די טרעפּ. זיי זיינען פאַרקלונגען אויפן ערשטן שטאָק. איך גיי אָפּ פון לאַמטערן און קוק אַרויף אויפן הויז. און דאָ קומט פאָר אַ וואונדערלעכע זאַך. אויבן, אין דער הייך באַוועגן זיך די פאָרהענג, אין אַ רגע אַרום עפנט זיך דאָס פענסטער, אַ קאָפּ באַווייזט זיך און אַ פּאָר אויגן מיט אַן אויסטערלישן בליק שטעלן זיך אָפּ אויף מיר. „אילאַיאַלי!" — זאָג איך האַלב אין דער שטיל און פיל, אַז איך בין רויט געוואָרן. פאַרוואָס האָט זי ניט גערופן נאָך הילף? פאַרוואָס האָט זי ניט געוואָרפן מיר אין קאָפּ אַריין אַ בלומענטאָפּ פון פענסטער? אָדער ניט אַרויסגעשיקט עמעצן מיך אַוועקצוטרייבן. מיר שטייען, רירן זיך ניט און קוקן איינער דעם אַנדערן אין די אויגן אַריין; דאָס דויערט ביי אַ מינוט. צווישן גאַס און פענסטער טראָגן זיך דורך געדאַנקען און קיינער רעדט ניט אַרויס קיין וואָרט. זי קערט זיך אָפּ. דאָס רופט אַרויס אין מיין האַרצן אַ שטויס, אַ דינעם ציטער; איך זע, ווי איר אַקסל דרייט זיך אויס, ווי דער רוקן פאַרשווינדט אין צימער. דאָס דאָזיקע לאַנגזאַמע אַוועקגיין פון פענסטער, די באַטאָנונג אין דער באַוועגונג מיט די אַקסלען איז געווען — ווי אַ וואונק צו מיר; מיין בלוט האָט דערשפּירט דעם דאָזיקן ראַפינירטן גרוס און איך האָב גלייך דערפילט אַן אומגעהייערע פרייד. דערנאָך האָב איך זיך אומגעקערט און זיך געלאָזט אַראָפּ גאַס.

איך האָב זיך ניט אַנטשלאָסן אַ מצוקוקן אויף צוריק און ניט געוואוסט, צי זי איז צוגעגאַנגען נאָך אַמאָל צום פענסטער. וואָס לענגער איך האָב זיך געגריבלט אין דער דאָזיקער פראַגע, אַלץ מער בין איך געוואָרן אומרויִק און נערוועז. קען זיין, אַז אין דערזועלבער רגע איז זי נאָר געשטאַנען ביים פענסטער און באַטראַכט אַלע מיינע באַוועגונגען, אין דאָס באַוואוסטזיין, אַז מען קוקט דיר נאָך פון הינטן, איז געווען ממש אומדערטרעגלעך. איך האָב זיך געהאַלטן ווי מעגלעך גלייכער און געגאַנגען ווייטער; מיינע פיס האָבן מיר גענומען צוקן, מיין גאַנג איז געוואָרן אומזיכער, ווייל איך האָב געוואָלט אים בכיוון מאַכן שענער. כדי אויסצווייזן רויִק און גלייכגילטיק, האָב איך אומזיניק געמאַכט מיט די הענט, געשפּיגן אויף דער גאַס און הויך פאַררייסן די נאָז, אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. איך האָב די גאַנצע צייט געפילט דעם פאָרשנדיקן בליק אויף מיין רוקן און אַ קעלט האָט דורכגענומען מיין לייב. ענדלעך האָב איך מיך אַרויסגעראַטעוועט אין אַ זייטיק געסל, פון וואַנען איך האָב מיך געלאָזט גיין אויף פילוסטרעדע אָפּצונעמען מיין בלייפעדער.

עס האָט מיר ניט געקאָסט קיין שום מי צו באַקומען אים צוריק. דער מענטש האָט מיר אַליין געבראַכט מיין וועסטל און האָט מיך געבעטן אויפן אָרט באַזוכן אַלע קעשענעס; איך האָב געפונען נאָך אַ פּאָר קוויטלעך פון פאַרזעצטע זאַכן, אַריינגערוקט עס אין קעשענע און באַדאַנקט דעם ליבנסווירדיקן מאַן פאַר זיין איידלקייט. ער איז מיר אַלץ מער און מער געפעלן געוואָרן און מיר האָט זיך פאַרוואָלט אומבאַדינגט מאַכן אויף אים אַ גוטן איינדרוק. איך האָב זיך געלאָזט גיין צו דער טיר און ווידער זיך אומגעקערט צום טאָמבאַנק, ווי איך וואָלט עפּעס פאַרגעסן; מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך בין מחויב געבן אים אַ דערקלערונג, דערציילן אים פּרטים און איך האָב אָנגעהויבן אונטערצווייגען פאַר זיך, כדי צו ציִען אויף זיך זיין אויפמערקזאַמקייט. דערנאָך האָב איך גענומען דעם בלייפעדער אין האַנט אַריין און אויפגעהויבן אים אין דער הייך.

— מיר וואָלט גאָר קיינמאָל ניט איינגעפאַלן — האָב איך

געזאָגט — צו גיין אַזאַ מהלך צוליב עפּעס אַ בלייפעדער; אָבער דאָ איז נאָר אַן אַנדערע זאַך, אַ ספּעציעלער אומשטאַנד. וואָס פאַר אַן אָרעמען אויסזען דאָס שטיקל בלייפעדער זאָל ניט האָבן, האָט ער מיך פאָרט געמאַכט פאַר דעם, וואָס איך בין געווען אויף דער וועלט, האָט מיר אָנגעוויזן, אַזוי צו זאָגן, מיין אָרט אין לעבן.

מער האָב איך נאָרנישט געזאָגט. דער מענטש איז צוגעגאַנגען האַרט צו טאָמבאַנק.

— אַזוי גאָר? — האָט ער געזאָגט און מיט נייגעריקייט אויף מיר געקוקט.

— מיט דעם דאָזיקן בלייפעדער — האָב איך קאַלטבלוטיק ווייטער גערעדט — האָב איך אָנגעשריבן מיין דרייבענדיק ווערק וועגן דער פילאָסאָפישער דערקענטעניש; צי דען האָט ער ניט געהערט וועגן דעם?

און דעם מענטשן האָט זיך טאַקע געדאַכט, אַז ער האָט געהערט דעם נאָמען, דעם טיטל.

— יאָ, — האָב איך געזאָגט — דאָס איז מיינס אַ ווערק! דערפאַר דאַרף ער זיך ניט וואונדערן, וואָס איך וויל באַקומען צוריק דאָס קליינע שטיקל בלייפעדער; דאָס האָט געהאַט אַ צו גרויסן ווערט פאַר מיר; ער איז פאַר מיר, ווי אַ קליינער מענטש. אָנב, בין איך אים זייער דאַנקבאַר פאַר זיין גוטפריינדשאַפט און איך וועל דאָס אים ניט פאַרגעסן; יאָ, יאָ, באמת ניט פאַרגעסן; אויף מיין ערנוואָרט, איך בין שוין אַזאַ מענטש, און ער האָט דאָס טאַקע פאַרדינט. צום ווידערזען!

איך האָב זיך געלאָזט גיין צו דער טיר מיט אַזאַ מינע, ווי איך וואָלט דעם מענטשן געקענט געבן אַ וויכטיקן פּאָסטן. דער פריינדלעכער מלווה האָט זיך צוויי מאָל פאַר מיר פאַרנייגט, ווען איך בין אַוועק, און איך האָב נאָך אַמאָל זיך אויסגעדרייט און געזאָגט — צום ווידערזען!

אויף די טרעפּ האָב איך געטראָפן אַ פרוי מיט אַ רענצל אין האַנט. זי האָט מיט הכנעה זיך אָפּגערוקט אין אַ זייט, מיר אָפּגעטראָטן דעם וועג צוליב מיין אָנשטעל, און איך האָב זיך ניט-ווילנדיק געכאַפּט פאַר דער קעשענע צו געבן איר עפּעס. ניט

געפונען גאָרנישט, בין איך געוואָרן געפאַלן ביי זיך און מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ אַדורך פאַרביי איר. אין אַ ווײַלע אַרום האָב איך געהערט, ווי זי האָט אויך אָנגעקלאַפּט צ״ם מלווה; אויף דער טיר איז געווען אַ שמאָלענע גראַטע, און איך האָב גלייך דערקענט דעם גרילנדיקן קלאַנג אירן, ווען עס רירט זי אָן אַ מענטשלעך האַנט.

די זון איז געשטאַנען אין דרום־זייט, ס׳איז געווען אַרום צוועלף אַ זייגער. גאַנץ שטאָט איז שוין געווען אויף די פיס. ס׳איז געקומען די צייט פון שפּאַצירן, אַ כוואַליע פון גריסנדיקע און לאַכנדיקע מענטשן האָט זיך באַוועגט הין און צוריק איבער קאַרל־יאָהאַן־גאַס. איך האָב צוגעדריקט די איילנבויגנס צו די זייטן, זיך איינגעשרומפּן און אומבאַמערקט זיך דורכגעגליטשט פאַרביי עטלעכע באַקאַנטע, וואָס האָבן פאַרנומען דעם ראָג אוניווערסיטעט, בדי אָנצוקוקן די דורכגייער. איך האָב זיך אַוועקגעשלעפּט אויפן שלאָסבאַרג און פאַרזונקען אין מחשבות.

ווי לייכט און ווי לוסטיק באַוועגן דאָס די דאָזיקע מענטשן זייערע קלאָרע קעפּ, און גליטשן זיך דורך דורכן לעבן ווי דורך אַ טאַנץ־זאַל! ביי קיינעם אין די אויגן קיין שפּור פון זאָרג, קיין יאָך אויף די פּלייצעס, אפשר קיין איינציקער פינסטערער געדאַנק, קיין שום פאַרבאָרגענע ליידן אין די דאָזיקע פריילעכע הערצער. און איך בין געגאַנגען האַרט לעבן די דאָזיקע מענטשן, אַ יונגער, אָקאָרשט אַן אויפגעבליטער און שוין פאַרגעסענער, וואָס איז אַזוינס גליק! איך האָב זיך געטראָגן מיט דעם דאָזיקן געדאַנק און אײַנגעפונען, אַז איך בין אַ קרבן פון אַ געוואַלטיקער אומגערעכטיקייט. פאַרוואָס האָט זיך מיר פאַר די לעצטע חדשים געלעבט אַזוי אומדערטרעגלעך שווער? איך האָב שוין ניט דערקענט מיין לויטערע נשמה און פון אַלע זייטן האָבן אויף מיר געוואַרט די משונהדיקסטע פּלאָגן. איך האָב ניט געקאָנט זיצן אויף מיין באַנק, אָדער אַ שאָקל טאָן מיטן פוס, מיך זאָלן ניט באַפאַלן נישטיקע, אומזיניקע צופעליקייטן, לומפּיקע קלייניקייטן, וואָס האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין מיינע פאָרשטעלונגען און צעטראָגן איבערן ווינט מיינע כוחות. אַ פאַרבײַגעלאָפענער הונט, אַ געלע רויז ביי עמעצן אין לאַץ האָבן געקענט ברענגען אין באַוועגונג מיינע געדאַנקען און מיך

אַ לאַנגע צייט פאַרנעמען. וואָס איז מיט מיר געשען? אַן אצבע-אלקים האָט מיך געצייכנט? אָבער פאַרוואָס גראָד מיך? פאַרוואָס ניט עפּעס אַן איינוואוינער פון דרום-אַמעריקע, אויב שוין יאָ אַזוי? וואָס מער איך האָב געטראַכט, אַלץ מער איז געוואָרן אומבאַגרייפלעך, וואָס גראָד איך בין אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פּרוּווּשטיין פאַר דעם קאַפּריז פון גאָטס גענאָד. אַ גאַנץ איינגאַרטיקער גאַנג, אַריבערצוהיפּן די גאַנצע וועלט, כּדי מיך צו טרעפן; עס עקסיסטירן דאָך נאָך דער אַנטיקוואַר פּאַשאַ און דער שיף-אַגענט הענעכע!.

איך בין געגאַנגען און באַטראַכט דעם דאָזיקן אומשטאַנד און ניט געקענט מיט אים פאַרטיק ווערן. איך האָב געפונען די וואָגיקסטע אַרגומענטן קעגן דעם דאָזיקן הפקרות פון דעם אייבערשטן, וואָס האָט געצוואונגען מיך צו באַצאָלן פאַר אַלעמענס זינד, און אַז איך האָב שוין געפונען אַ באַנק און זיך שוין אַנידערגעזעצט, האָט די דאָזיקע פראַגע נאָך אַלץ מיך פאַרנומען און געשטערט צו טראַכטן וועגן אַן אַנדער זאַך. זינט יענעם מאַי-טאָג אָן, וו-ן ס'האָבן זיך אָנגעהויבן מיינע פורעניות, האָב איך דייטלעך באַמערקט מיין כסדר וואַקסנדיקע שוואַכקייט. איך בין געוואָרן צו מאַט, איך זאָל זיך קענען איינשטעלן ווי איך וויל. אַ גאַנצע מחנה קליינע שעדלעכע אינסעקטן איז אין מיר אַריינגעדרונגען און האָט מיך וויסט געמאַכט. און אפשר האָט מיך גאָט באַשערט גאָר פשוט אינגאַנצן אומצוברענגען. איך האָב זיך אויפגעשטעלט און אָנגעהויבן צו גיין הין און צוריק צרום דער באַנק.

מיין גאַנץ וועזן האָט אין דעם מאָמענט דערגרייכט די העכסטע מדרגה פון ליידן; איך האָב געהאַט אַפילו אַ ווייטאָג אין די הענט און איך האָב קוים געקענט זיי איינהאַלטן ווי עס דאַרף צו זיין. אויך נאָכן לעצטן שווערן מיטאָג האָב איך זיך געפילט ווייער ניט גוט, איך בין געווען איבערגעזעטיקט און אויפגערעגט און אומגעשפּאַצירט הין און צוריק, ניט אויפהייבנדיק די אויגן; מענטשן, וואָס זיינען אָנגעקומען און אַוועקגעגאַנגען פאַרביי מיר, זיינען אַדורכגעשוואומען ווי שאָטנס. לסוף האָבן מיין באַנק פאַרנומען צוויי מאַנספאַרשוינען, וואָס האָבן פאַררויכערט זייערע ציגאַרן און הויך צווישן זיך געשמועסט; איך בין אין כעס געוואָרן און געוואָלט

זיי אויסריידן, אָבער כ׳האָב זיך אומגעקערט און אַוועק אין צווייטן עק פּאַרק, וואו איך האָב זיך אויסגעזוכט אַן אַנ־ערע באַנק. איך האָב זיך אַנידערגעזעצט.

דער געדאַנק וועגן גאָט האָט מיך ווידער אָנגעהויבן עקבערן. איך האָב געדאַלטן, אַז פון זיין זייט איז אומפאַרצייליך געווען אַריינצומישן זיך יעדעס מאָל, ווען איך האָב געזוכט אַ פּאָסטן און צעשטערן אַלץ, הגם איך האָב בלויז געוואָלט אַ שטיקל טאָגטעגלעכן ברויט. איך האָב גאַנץ דייטליך באַמערקט, אַז אַלעמאָל, ווען איך פלעג הונגערן אַ לענגערע צייט נאָכאַנאַנד, פלעגט מיין מאַרך אַזוי ווי אויסגערונען ווערן פון מיין קאָפּ און איבערלאָזן מיך פּוסט. דער קאָפּ פלעגט מיר ווערן דאַן לייכט און צעשטרייט, כ׳האָב מער ניט געפילט קיין לאַסט אויף די פּלייצעס און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז מיינע אויגן פלעגן זיך עפענען צו ברייט, בשעת איך האָב אויף עמעצן געקוקט.

איך בין געזעסן אויף דער באַנק און געטראַכט וועגן דעם אַלעם און אַלץ מער און מער מתרעם געווען אויף גאָט פאַר זיינע אומאויפהערלעכע יסורים. אויב דורך פייניקן מיך, דורך שטעלן אויף מיין וועג שטרויכלונגען נאָך שטרויכלונגען האָט ער געוואָלט מיך דערנענטערן צו זיך, האָט ער געהאַט אַ שטיקל טעות, איך וואָלט אים געקאָנט אין דעם פאַרזיכערן. און איך האָב אַרויפגעקוקט צום הימל, שיר ניט וויינענדיק פאַר להכעיס און דאָס אים איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַרויסגעזאָגט שטילערהייט.

שטיקלעך פון מיין קינדערשער אמונה זיינען מיר געקומען אויפן זינען. דער שטילער ניגון פון דער ביבל קלינגט אין מיינע אויערן. איך האָב שטיל גערעדט מיט זיך אַליין און מיט פאָרוואורף אָנגעבויגן דעם קאָפּ אויף אַ זייט. צו וואָס האָב איך געדאגהט, וואָס איך זאָל עסן, וואָס איך זאָל טרינקען און אין וואָס איך זאָל אָנטאָן דעם לומפּיקן ווערעמדיקן זאַק, וואָס הייסט מיין חומר? האָט דען מיין הימלישער פאָטער ניט געזאָרגט פאַר מיר ווי פאַר די שפּערלען אונטערן הימל און מיר ניט אַרויסגעוויזן זיין גענאָד, אויסצייכענענדיק זיין נישטיקן קנעכט? גאָט האָט מיט זיין פינגער אַריינגעשטעקט אין מיין נערוונעץ א׳ן פאָרזיכטיק,

אַזוי אָפּגעהיט אַריינגעבראַכט אַ שטיקל אומאָרדענונג אין די פֿעדים. און גאָט האָט זיין פֿינגער ווידער אַרויסגעצויגן, און — אויף זיין פֿינגער זיינען געבליבן פֿעדעמלעך, דינע וואָרצל-פֿעדעמלעך פֿון מיין נערוון-געוועב. און עס איז געבליבן אַן אָפּענע וואונד פֿון זיין פֿינגער, פֿון דעם אצבע-אלקים איז אין מיין מוח געבליבן אַ וואונד.

אָבער אַז גאָט האָט מיך שוין געהאַט באַרירט מיט דעם פֿינגער פֿון זיין האַנט, האָט ער מיך אָפּגעלאָזט און מיך שוין מער ניט אָנגערירט און ניט געלאָזט מיר געשען קיין שום בייז. און ער האָט מיר געלאָזט גיין בשלום און מיט אַן אָפּענער וואונד. און קיין בייז האָט מיך גאָט ניט פֿאַרשאַפֿט, וואָרעם ער איז מיין גאָט לעולם ועד!

דער קלאַנג פֿון מוזיק האָט זיך צו מיר דערטראָגן מיטן ווינט פֿון בולוואַר; ס׳איז שוין אַלזאָ געווען אַריבער צוויי אַ זייגער. איך האָב אַרויסגענומען מיין פּאַפּיר, כדי צו פּרוּוון עפּעס אָנשרייבן, און פּלוצלונג איז פֿון מיין קעשענע אַרויסגעפֿאַלן מיין ראַזיר-אַבאָנעמענט. איך האָב עס געעפֿנט און איבערגעציילט די בלעטלעך: ס׳איז נאָך געבליבן זעקס בילעטן. גאָט צו דאַנקען! — האָט זיך ביי מיר אַרויסגעריסן. איך האָב זיך געקאָנט ראַזירן נאָך צוויי וואָכן צייט און אַרומגיין מיט אַן אָנשטענדיק פּנים. און פֿון דעם דאָזיקן קליינעם פֿאַרמעגן, בין איך גלייך געקומען אין אַ בעסערער שטימונג; איך האָב זאָרגעוודיק אויסגעגלייכט די בילעטן און באַהאַלטן דאָס ביכעלע אין קעשענע.

אָבער שרייבן האָב איך ניט געקענט. נאָך עטלעכע שורות איז מיר שוין גאָרנישט ניט געקומען אויפֿן זינען. מיינע געדאַנקען זיינען געווען ערגעץ ווייט און איך האָב זיך ניט געקענט קאָנצענטרירן אין אַ באַשטימטער ריכטונג. אַלצדינג האָט געווירקט אויף מיר און מיך צעשטרייט, אַלץ, וואָס כ׳האָב געזען, האָט געמאַכט אויף מיר אַ נייעם איינדרוק. פֿליגן און קליינע מוקן האָבן זיך געזעצט אויפֿן פּאַפּיר און האָבן מיר געשטערט. איך האָב געבלאָזן, כדי זיי אַראָפּצוטרייבן, אַראָפּגעבלאָזן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, אָבער אומזיסט. די קליינע ברואימלעך ליגן

זיך אויפן רוקן, ווערן שווערער און שטעלן אַזאַ ווידערשטאַנד, אַז זייערע דינע פּיסלעך בייגן זיך אויס. מען קען זיי בשום אופן ניט באַזייטיקן; זיי געלינגט אָנצוכאַפּן זיך פאַר עפּעס, שפּאַרן זיך איין מיט די פּיסלעך אין אַ פּונקט אָדער פאַר אַ ראַק אויפן פּאַפּיר און שטייען אומבאַוועגלעך אַזוי לאַנג, ביז וואַנען זיי אַליין געפינען פאַר נייטיק אַוועקצוגיין אין זייער וועג צוריק.

אַ ביסל צייט בין איך נאָך אַלץ געווען פאַרנומען מיט די זייטיקע קליינע ברואים און איך האָב פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס און נאָך אַ צייט זיי אָבסערווירט. פּלוצלונג האָבן זיך פון בולוואַר דערטראָגן צו מיר אַ צוויי=דריי קלאַרנעט=טענער און מיין געדאַנק געגעבן אַ נייעם שטויס. פאַר כעס, וואָס איך קען ניט אָנשרייבן מיין אַרטיקל, האָב איך אַריינגערוקט דאָס פּאַפּיר אין קעשענע און זיך אָפּגעלענט אויף ווענטל פון דער באַנק. אין דעם דאָזיקן מאָמענט איז מיין קאָפּ אַזוי קלאָר, אַז ניט מיד ווערנדיק קען איך טראַכטן די פיינסטע געדאַנקען. און ווי איך ליג אַזוי און בלאָנדזשע מיטן בליק איבער מיין ברוסט און די פיס, באַמערק איך אַ צוקנדיקע באַוועגונג, וואָס מיין פוס מאַכט ביים יעדן שלאָג פון פולס. איך הייב זיך האַלב אויף און קוק אויף די פיס און לעב איבער אין דער דאָזיקער רגע אַ פאַנטאַסטישע און מאָדנע שטימונג, וואָס איך האָב פריער קיינמאָל ניט געקענט. אַ דינער, וואונדערבאַרער שטויס איז מיר אַדורך איבער די נערוון און האָט זיי דורכגעדרונגען ווי אַ ציטער פון ליכט. אַ קוק געטאָן אויף מיינע שיך, האָב איך אַזוי ווי אַ גוטן באַקאַנטן באַגעגנט אָדער צוריק באַקומען עפּעס אַן אָפּגעריסענעם טייל פון זיך אַליין; אַ געפיל פון ווידערדערקענונג ציטערט דורך מיינע חושים, די אויגן ווערן פול מיט טרערן און איך דערשפּיר מיינע שיך, ווי אַ שטילן קלאַנג, וואָס טראָגט זיך צו מיר. — שוואַכקייט! — האָב איך שטרענג געזאָגט צו זיך אַליין און איך האָב צוזאַמענגעדריקט די פויסטן און געזאָגט: — שוואַכקייט. איך האָב פון זיך אַליין געלאַכט צוליב די דאָזיקע אומגעלומפּערטע שפּירונגען, חוזק געמאַכט איבער זיך גאַנץ באַוואוסטזיניק. איך האָב גערעדט זייער שטרענג און לאָגיש און שטייף פאַרמאַכט די אויגן, כדי צו פאַרהאַלטן די טרערן. אַזוי ווי איך

וואָלט קיינמאָל ניט געזען מיינע שיך, הייב איך אָן איצט צו שטודירן זייער אויסזען, זייער מימיק ביי יעדער באַוועגונג פון מיין פוס, זייער פאָרם, זייערע אָפּגעטראָגענע נעזער און איך אַנטדעק, אַז די דאָזיקע קנייטשן און די ווייסע נעט גיבן זיי צו אַן אויס־דרוק, אַן אייגענע פיזיאָגנאָמיע. עפּעס אַ געוויסער טייל פון מיין אייגענעם וועזן איז אַריבער אויף די דאָזיקע שיך, זיי האָבן געווירקט אויף מיר, ווי אַ הויך אויף מיין „איך", ווי אַ שטיק אָטעם פון מיר אַליין...

איך בין געזעסן און זיך נאָך לאַנג אָפּגעגעבן מיט די דאָזיקע שפּירונגען — אפשר אַ שעה צייט. ס'איז אָנגעקומען אַ קליינער אַלטער מאַן און פאַרנומען דעם אַנדערן עק פון באַנק; זעצנדיק זיך, האָט ער שווער אָפּגעזיפצט פון גיין און געזאָגט:

— יאָ = יאָ = יאָ = יאָ = יאָ = יאָ = יאָ = יאָ, אַזוי איז דאָס!

ווי איך האָב נאָר דערהערט זיין קול, האָט זיך אַזוי ווי אַ שטורעמווינט דורכגעטראָגן אין מיין קאָפּ, און איך האָב איבער־געלאָזט די שיך צו בלייבן שיך, און מיר איז אַפילו פאַרגעקומען, אַז די דאָזיקע נעפּלדיקע שטימונג, וואָס איך האָב ערשט איבערגעלעבט, געהערט צו אַ לאַנג פאַרגאַנגענער צייט, געוועזן, דאַכט זיך מיט אַ יאָר אָדער צוויי צוריק און אָנגעהויבן ביסלעכווייז אויסגעמעקט צו ווערן פון מיין זיכרון. איך האָב אָנגעהויבן צו באַטראַכטן דעם אַלטן.

וואָס איז מיר אָנגעגאַנגען דער דאָזיקער קליינער מענטש? גאָרנישט, קיין האָר ניט. מיך האָט נאָר אינטערעסירט, וואָס ער האָט געהאַלטן אַ צייטונג אין האַנט, אַן אַלטן נומער מיט דער זייט אַנאָנסן פון דרויסן, וואו ס'איז געווען, ווייזט אויס, עפּעס איינגעוויקלט. איך בין געוואָרן נייגעריק און ניט געקענט אָפּרייסן די אויגן פון דער דאָזיקער צייטונג. מיר איז איינגעפאַלן אַ ווילדער געדאַנק, אַז דאָס איז געווען אַן אויסערגעוויינטלעכע צייטונג, אַן איינציקע אין איר מין. מיין נייגעריקייט איז געשטיגן און איך האָב אָנגעהויבן זיך צו באַוועגן הין און צוריק אויף דער באַנק. דאָ האָבן געקענט זיין דאָקומענטן, געפערלעכע פּאַפּירן, אַרויסגענגנבעט

פון ערגעץ אַן אַרכיוו. און ביי מיר האָט אַ בליק געטאָן אַ געדאַנק וועגן אַ געהיימען טראַקטאַט, וועגן אַ פאַרשווערונג.

דער מענטש איז שטיל געזעסן און געטראַכט. פאַרוואָס האָט ער געטראָגן די צייטונג ניט אַזוי ווי אַלע טראָגן צייטונגען, ניט מיטן קעפל אויף אויסן? וואָס איז דאָס פאַר אַ אינטריגעס? ער האָט, ווייזט אויס, ניט געוואָלט אַרויסלאָזן דאָס פּעקל פון די הענט, בשום אופן ניט. אפשר האָט ער ניט געוואָגט אָנצוטרויען עס דער אייגענער קעשענע. איך האָב געקענט געבן מיין קאָפּ, אַז הינטער דעם האָט עפּעס געשטעקט.

איך האָב געקוקט אין דער וועלט אַריין. שוין דאָס אַליין, וואָס ס'איז ניט געווען די מינדסטע מעגלעכקייט אַריינצודרינגען אין דעם דאָזיקן מיסטישן ענין, האָט מיך געמאַכט משוגע פאַר נייגעריקייט. איך האָב געזוכט אין די קעשענעס, געוואָלט עפּעס פאַרלייגן דעם דאָזיקן מענטשן און אָנקניפּן מיט אים אַ שמועס און איך האָב אַרויסגענומען מיין ראַזיר־ביכל, אָבער ווידער עס באַהאַלטן. פּלוצלונג האָט מיך באַהערשט אַן אומגעהייערע חוצפּה, איך האָב זיך אַ קלאַפּ געטאָן איבער מיין ליידיקע בוזעם־קעשענע און געזאָגט:

— קען איך אייך פאָרלייגן אַ פּאַפּיראָס?

— אַ דאַנק, דער דאָזיקער מענטש האָט ניט געראַווכערט, ער האָט עס געמוזט אָוועקוואַרפן צוליב די אויגן, ער איז געווען כמעט בלינד, איבער־יקנס איז ער זייער דאַנקבאַר.

— צי שוין לאַנג, אַז די אויגן טוען אים וויי? כ'איז רעכט, אַז ער טאָר גאָר ניט לייענען? אַפילו צייטונגען?

— אַפילו קיין צייטונגען, ליידער.

דער מענטש האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר. אויף יעדן אויג האָט ער געהאַט אַ בעלמע, וואָס האָט זיי צוגעגעבן אַ גלעזערנעם אויסדרוק. זיין בליק איז געווען ווייס און געמאַכט אַן עקלדיקן איינדרוק.

— איר זייט ניט קיין היגער? — האָט ער געזאָגט.

— יאָ... צי דען קען ער אַפילו ניט איבערלייענען דעם נאָמען פון דער צייטונג, וואָס ער האַלט אין דער האַנט?

קוים. — איבעריקנס האָט ער גלייך דערהערט, אַז איך בין נים קיין הונגער; עפּעס אַזוינס אין טאָן פון מיין שטים האָט עס אים אונטערגעזאָגט. גאָר פּשוט, ער האָט אַזאַ פיינעם געהער. ביינאַכט, אַז אַלע שלאָפן, קען ער הערן אַ מענטשלעכן אָטעם אין צווייטן צימער... וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן — וואו וואוינט איר?

ביי מיר אין קאָפּ איז גלייך גרייט געווען אַ ליגן. איך האָב געלייגנט ניט בכיוון, אָן אַ מיין און אַ הינטערגעדאַנק. איך האָב געענטפערט:

— אויפן פּלאַץ פון סאַנקט־אָלאַף, נומער 2.

— אַזוי? דער דאָזיקער מענטש ווייס יעדן שטיין אויפן פּלאַץ סאַנקט־אָלאַף. דאָרטן איז דאָ אַ פאָנטאַן, עטלעכע גאַז־לאַמ־טערנעס, אַ פּאָר ביימער, ער געדענקט אַלץ... אין וועלכן נומער וואוינען זיי?

איך האָב געוואָלט מאַכן אַ סוף דערצו און זיך געשטעלט, אַרויסגעבראַכט פון די כּלים דורך דער אידעע־פיקס וועגן דער צייטונג. דער סוד מוז אויפגעדעקט ווערן, עס מעג זיין וואָס עס וויל!

— אויב איר טאָרט ניט לייענען קיין צייטונג, איז צו וואָס זשע...

— אין נומער 2, האָט איר, דאַכט זיך, געזאָגט — האָט ער ווייטער נאָכגעפרעגט, ניט באַמערקנדיק מיין אומרויִקייט — בשעתו האָב איך געקענט אַלע שכנים אין נומער 2. ווי רופט מען אייער באַלעבאָס?

כּדי פּטור צו ווערן פון אים, האָב איך שנעל אויסגעטראַכט אַ נאָמען — דעם נאָמען האָב איך אויסגעטראַכט אין איין אויגנ־בליק, און אַרויסגעשליידערט, כּדי אָפּצושטעלן מיין פייניקער.

— האַפּפּאָלאַטי — האָב איך געזאָגט.

— האַפּפּאָלאַטי, יאָ — האָט דער מענטש צוגעשטימט און ניט איבערגעהיפּט קיין איין אות אין דעם דאָזיקן שווערן נאָמען.

איך האָב מיט דערשטוינונג אים אָנגעקוקט; ער איז געזעסן מיט זייער אַן ערנסטן אויסזען און זיין פּנים איז געווען פאַרטראַכט.

קוים האָב איך אַרויסגערעדט דעם דאָזיקן נאַר־שן נאָמען, וואָס איז מיר סתם אײַנגעפֿאַלן, ווי דער מענטש איז שוין גענוג געוואָרן אין אים און געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער האָט שוין פֿון אים פֿריער געהערט. דערווײַלע האָט ער אַוועקגעלייגט זײַן פּעקל אויף דער באַנק, און איך האָב געפֿילט, ווי מײַן גאַנצע נײַגעריקייט צאַפּלט אין מיר. איך האָב באַמערקט, אַז אויף דער צײַטונג זײַנען געווען פֿעטע פֿלעקן.

— אין אײַער באַלעבאָס ניט אַמאָל אַ שיפֿסמאַן? — האָט דער מענטש געפֿרעגט אָן שום שפּור פֿון איראָניע אין זײַן שטים.

— אויף וויפֿיל איך געדענק, איז ער געווען אַ שיפֿסמאַן.

— אַ שיפֿסמאַן? אַנטשולדיקט, איר מיינט מן־הסתם זײַן ברודער; אָבער דער דאָזיקער י. אַ. האַפּפּאָלאַטי איז אַן אַגענט.

איך האָב געמיינט, אַז דערמיט וועט זײַן די זאַך ערלעדיקט, אָבער יענער איז געוואָרן אײַנגעגאַנגען אויף אַלץ. ווען איך וואָלט אַפֿילו אויסגעטראַכט אַזאַ נאָמען ווי באַר־אַקאַס ראָזענקנאָספּע, וואָלט ער אויך דאַן ניט געהאַט קיין שום חשד.

— אַ טיכטיקער מאַן, ווי איך האָב געהערט — האָט ער געזאָגט, פֿירנדיק ווײַטער דעם שמועס.

— אָ, יאָ, אַ פֿלינקער קאָפּ, אַ גרויסער אויפֿטוער, אַן אַגענט פֿון כּל־המינים זאַכן, — ברוסניצעס קיין כינע, פֿוך און פֿעדערן פֿון רוסלאַנד, לעדער, געהילץ, טינט...

— אָהאָ, צום טײַוול! — האָט מיך דער אַלטער איבער־געשלאָגן מיט דער העכסטער אויפֿגעלעבטקייט.

דאָס האָט אָנגעהויבן צו ווערן אינטערעסאַנט. די סיטואַציע האָט מיך מיטגעריסן און אין מײַן קאָפּ איז געבוירן געוואָרן אַ ליגן נאָך אַ ליגן. איך האָב זיך ווידער געזעצט, פֿאַרגעסן אָן דער צײַטונג, אָן די פּראָבלעמאַטישע דאָקומענטן, זיך צעהיצט און איבערגעשלאָגן מײַן מיטשמועסער די רייד. די לײַכטגלויביקייט פֿון דעם קליינעם צווערגל האָט מיר געמאַכט חוצפּהדיק ביז צו נאַרישקייט, איך האָב געוואָלט אים אָנהאָקן אַ באַרג אומברחמנות־דיקע שקרים, צעקלאַפּן אים עד חרמה, ער זאָל אַנטשווײַגן ווערן פֿאַר התפּעלות.

— האָט ער ניט געהערט וועגן דעם עלעקטרישן פּכאַלמענ־בוך, וואָס האַפּאָלאַטי האָט אויסגעפונען?

— עלעקטרישן וואָס?

— מיט עלעקטרישע אותיות, וואָס לייכטן אין דער פינס־טער! אַ גראַנדיאָזע אונטערנעמונג, מיליאָנען קראָן אין אומזאַץ, זעצערייען און דרוקערייען אין דער אַרבעט, הונדערטער מעכאַ־ניקער אויף גרויסע געהאַלטן, זיבנהונדערט מאַן, ווי איך האָב געהערט.

— וואָס זאָגט איר דערצו! — האָט דער מענטש שטיל אַ זאָג געטאָן.

מער האָט ער גאָרנישט געזאָגט; ער האָט געגלייבט מיין יעדן וואָרט, צו שום איבערקלער. דאָס האָט מיך אַ ביסל אַנט־טוישט. איך האָב זיך געריכט, אַז מיינע המצאות וועלן אים אַרויס־ברענגען פון די כּלים.

איך האָב צוגעטראַכט נאָך אַ פּאָר ממורישע ליגנס, דערפירט עס ביז צו אַזאַרט, איינגערוימט אים, אַז האַפּאָלאַטי איז גאַנצע ניין יאָר געווען אַ מיניסטער אין פּערסיע. — איר קענט זיך אוודאי גאָרניט פאָרשטעלן, וואָס דאָס הייסט זיין אַ מיניסטער אין פּערסיע? — האָב איך געפרעגט. — דאָס איז מערער ווי ביי אונז אַ קיניג אָדער כּמעט אַזויפיל ווי אַ סולטאַן, אויב ער ווייס, וואָס דאָס איז אַזוינס. אָבער האַפּאָלאַטי האָט עס אַלץ באַהערשט און איז קיינמאָל ניט דורכגעפאַלן. איך האָב דערציילט וועגן זיין טאָכטער אילאַיאַלי, אַ פעע, אַ פּרינצעסין, וואָס האָט געהאַט דריי הונדערט שקלאַפינס און וואָס איז געלעגן אויף אַ געלעגער פון געלע רויזן. זי איז געווען דאָס שענסטע וועזן, וואָס איך האָב אַמאָל געזען — שטראָף מיך גאָט — איך האָב נאָך אַזוינס אין מיין לעבן ניט געזען!

— אַזוי? אַזוי שיין איז זי געווען? — האָט דער אַלטער געזאָגט מיט אַ צעשטרייטן אויסזען, קוקנדיק אַראָפּצו.

— שיין? זי איז הערלעך, זיס ווי גאָר די וועלט! אויגן ווי סאַמעט, הענט פון בורשטין. איר בליק אַליין איז שוין פאַרפירע־ריש ווי אַ קוש, און אַז זי האָט מיך גערופן, האָט איר שטים ווי

אַ שטראָם וויין אַריינגערונען טיף אין מיין האַרצן. פאַרוואָס זאָל זי ניט זיין אַזוי הערלעך? האַלט ער זי דען פאַר אַ קאַסירער אָדער פאַר אַ פייערלעשער? זי איז ממש אַ הימלישע פּראַכט, קען איך אים זאָגן, אַ מעשהלע.

— נו, אַוודאי, — האָט דער מענטש געזאָגט אַ ביסל אין פאַרלעגנהייט.

זיין רויִקייט איז מיר נמאס געוואָרן. איך בין געווען פאַרשיכּורט פון מיין אייגענער שטים און גערעדט אינגאַנצן ערנסט. וועגן דעם געגנבעטן אַרכיוו, וועגן דעם טראַקטאַט מיט אַן אויסלענדישער מלוכה האָב איך שוין מער ניט געטראַכט; דאָס קליינע פלאַכע פעקל איז געלעגן צווישן אונז אויף דער באַנק, כ׳האָב אָבער ניט געהאַט קיין ברעקל חשק דאָס דורכצוזוכן און זען וואָס איז דאָרט געווען אַזוינס. איך בין אינגאַנצן געווען אין דער שליטה פון מיינע אייגענע געדאַנקען, פאַר מיינע אויגן האָבן זיך געטראָגן וואונדערבאַרע געשטאַלטן, דאָס בלוט האָט מיר אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ און איך האָב געקייכט פאַר געלעכטער.

אין דעם מאָמענט האָט דער מענטש אַזוי ווי געקליבן זיך אַוועקצוגיין. ער האָט זיך אויפגעהויבן און, כּדי מיך צו שאַרף ניט איבערצוהאַקן, האָט ער געפרעגט:

— ער איז מסתּמא אַ גרויסער עושר, אָט דער האַפּאָלאַטי?

ווי האָט דאָס דער דאָזיקער בלינדער עקלהאַפטער זקן געהאַט די העזה צו באַגיין זיך מיט אַ נאָמען, וואָס איך האָב אויסגעטראַכט, פונקט ווי דאָס וואָלט געווען אַ געוויינלעכער נאָמען און געשטאַנען אויף דער ערשטער בעסטער שילד פון שטאָט? ער איז ניט געשטרויכלט געוואָרן אויף קיין אות ניט, אויף קיין זילבע ניט. דער דאָזיקער נאָמען האָט זיך דייטלעך איינגעקריצט אין זיין מוח און האָט גלייך געשלאָגן וואָרצלען. מיר איז געוואָרן פאַרדראָסיק, אַ טיפע פאַרביטערונג האָט זיך אין מיר אויפגעהויבן קעגן דעם דאָזיקן מענטשן, וואָס קיין זאַך האָט אים ניט געקימערט און קיין שום זאַך ניט דערוועקט ביי אים קיין חשד.

— איך ווייס ניט — האָב איך אים פּלוצלונג געענטפערט — כ׳ווייס גאָר ניט. דערלויבט מיר אייך איינמאָל פאַר אַלע מאָל צו

זאָגן, אַז מען רופט אים יאָהאַן=אַרענד האַפּפּאָלאַטי — אורטיילנ־דיק לויט זיינע אייגענע איניציאַלן.

— יאָהאַן=אַרענדט האַפּפּאָלאַטי — האָט דער מענטש איבער־געחזרט, פאַרחידושט פון מיין היציקייט. דערנאָך האָט ער אַ ווײַלע צוגעשוויגן.

— איר האָט געדאַרפט אָנקוקן זיין ווייב, — האָב איך געזאָגט מיט רציחה; — זייער אַ דיקע פאַרשוין... אפשר גלייבט איר ניט, אַז זי איז צו דיק?

יאָ, דאָס קען ער געווים ניט אָפּלייקענען; ביי אַזאַ מענטשן קען זיין אַ גאַנץ דיקע ווייב...

דער אַלטער האָט געענטפערט שטיל און בנעימותדיק אויף אַלע מיינע שטיך און געמאָסטן די ווערטער, ווי אוים מורא צו זאָגן אַן איבעריק וואָרט און ניט אַריינברענגען מיך אין כעס.

— צום טייוול! איר מוזט אַוודאי גאָר מיינען, אַז איך האָב דאָ אייך אָנגעזאָגט אַ באַרג מיט ליגנס! — האָב איך אויסגעשריען, אויסער זיך. — איר מיינט אַוודאי, אַז אַזאַ מענטש מיטן נאָמען האַפּפּאָלאַטי איז גאָר ניט בנמצא. איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזען אַזאַ עקשנות און שנאה ביי אַלטן מאַן. וואָס מיינט איר זיך, צום טייוול? אייך איז אַוודאי איינגעפאַלן, אַז איך בין אַ קבצן, אַ שלעפּער, און זיץ דאָ אין מיינע בעסטע בגדים, און האָב ניט אַפילו ניט קיין פּאָרטאַבאַק מיט פּאַפּיראָסן אין קעשענע? איך בין ניט געוויינט צו אַזאַ באַהאַנדלונג ווי אײַערע, זאָג איך אייך, און גאָט איז מיין עדות — איך וועל אַזוינס ניט דערלויבן ניט אייך, ניט עמעצן אַנדערש, איר זאָלט דאָס האָבן אין זינען!

דער מענטש האָט זיך אויפגעשטעלט. ער איז געשטאַנען מיט אַן אָפענעם מויל, שטום אויסגעהערט מיין געשריי ביז צום סוף, דערנאָך האָט ער שנעל אַ כאַפּ געטאָן פון באַנק זיין פּעקל און זיך געלאָזט גיין, כמעט לויפן איבערן שטעגל מיט קליינע אַלטע טריט.

איך בין געבליבן זיצן און געקוקט אויף זיין רוקן, וואָס איז פאַרשוואונדן אַלץ ווייטער און ווייטער און אַלץ מער און מער, דאַכט זיך, איינגעבויגן. איך ווייס ניט, פון וואַנען האָט זיך ביי מיר־

באַקומען אַזאַ מין איינדרוק, אַז קיינמאָל האָב איך נאָך ניט געזען אַזאַ שענדלעכן, אַזאַ אויסגעלאַסענעם רוקן, און כ׳האָב ניט חרטה געהאַט, וואָס איך האָב אויסגעזידלט דעם דאָזיקן מענטשן, איידער ער איז פון דאַנען אַוועק...

דער טאָג האָט זיך שוין גענייגט צום אָוונט, די זון איז פאַר־גאַנגען, אַ לייכטער שאַרך האָט זיך אויפגעהויבן פון די אַרומיקע ביימער, און די ניאַניעס, וואָס זיינען גרופּעסווייז געזעסן ביי די הוידעס, האָבן גענומען פירן די וועגעלעך צוריק אַ היים. איך בין געווען רויק און זיך גוט געפילט. מיין פריערדיקע אויפגערעגטקייט האָט זיך ביסלעכווייז איינגעשטילט. איך בין געוואָרן אָפּגעשוואַכט, מיד און זיך גענומען פילן שלעפעריק; דאָס גרויסע שטיק ברויט, וואָס כ׳האָב אויפגעגעסן, האָט שוין, ווייזט אויס, אויפגעהערט מיר צו שאַדן. אין בעסטער שטימונג, האָב איך מיר זיך אָנגעלענט אויפן ווענטל פון דער באַנק, פאַרמאַכט די אויגן. די שלעפע־ריקייט האָט מיך אַלץ מער און מער באַהערשט, איך האָב גע־דרעמלט און שוין גרייט געווען שטאַרק איינצושלאָפן, ווי דער פּאַרק־וועכטער האָט מיר אַוועקגעלייגט די האַנט אויפן אַקסל און געזאָגט:

— דאָ טאָר מען ניט שלאָפן.

— ניין, ניין — האָב איך געזאָגט און זיך באַלד אויפ־געהויבן.

און מיין טרויעריקע לאַגע איז ווידער געשטאַנען פאַר מיינע אויגן אין איר גאַנצער נאַקעטקייט. מען האָט באַדאַרפט עפּעס טאָן, צוטראַכטן וואָס עס איז! זוכן שטעלעס האָט מיר ניט געבראַכט קיין שום נוץ; די רעקאָמענדאַציעס, וואָס איך האָב צוגעשטעלט, זיינען געווען פאַרעלטערט און זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן פון צו אומבאַקאַנטע פּאַרשוינען, צו האָבן אַ ווירקונג. דערצו נאָך האָבן די אייביקע אָפּזאָגן דעם גאַנצן זומער — מיך געמאַכט אָפּהענטיק. אָבער — אַזוי צי אַזוי איז דער טערמין פון דירה־געלט אַריבער און מען מוז אומבאַדינגט קריגן געלט. דאָס איבעריקע מעג בלייבן, ווי געווען.

גאַנץ אומוויליק, האָב איך ווידער גענומען אין האַנט דעם בלייפעדער און פּאַפּיר, זיך געזעצט און מעכאַניש אָנגעשריבן אויף אַלע ברעגן — יאָר 1848. וואָלט כאָטש איין לעבעדיקער געדאַנק מיך שטאַרק פאַרכאַפּט און אונטערגעזאָגט מיר ווערטער! עס פלעגט דאָך פריער געשען, באמת געשען, אַז אויף מיר פלעגן אָנקומען מאָמענטן, ווען איך האָב אָן שום אָנשטרענגונג געשריבן לאַנגע אַרטיקלען און דערצו טאַקע גלענצנדע. איך זיץ אויף דער באַנק און שרייב אָן אַ שיעור — יאָר 1848. די דאָזיקע צאָל שרייב איך אין דער לענג און אין דער ברייט אויף טויזנטערליי אופנים און וואַרט, אפשר וועט מיר איינפאַלן עפּעס אַ געראָטענע אידעע. אַ מחנה אָפּגעריסענע געדאַנקען שוועבן מיר אום אין קאָפּ, די שטימונג פון דעם אָפּשטאַרבנדיקן טאָג מאַכט מיך אומעטיק און סענטימענטאַל. דער האַרבסט איז געקומען און אָנגעהויבן אַלץ צו פאַרגליווערן אין אַ שלאָף, פליגן און אינסעקטן האָבן געקראָגן דעם ערשטן קלאַפּ, אויף די ביימער און אויף דער ערד הערט זיך דער שאַרך פון קעמפנדיקן לעבן, דעם פאַרהאַוועטן, אומרויִק־ברווזנדיקן, פאַרהאָרעוועטן — אַבי ניט אומצוקומען. די גאַנצע שרצים־וועלט טוט זיך אַ ריר נאָך אַמאָל, שטעקט די געלע קעפּ פון מאָך אַרויס, הייבט אויף די פיס, קריכט אַדורך פאָראויס מיט דער הילף פון לאַנגע פעדים און טוט דערנאָך אַ פאַל מיט אַמאָל, קערט זיך איבער מיט די בייכלעך אַרויף. יעדעס גרעזעלע באַקומט זיין באַזונדערע פאַרב, דעם דינעם הויך פון דעם ערשטן פראָסט; די בלאַסע שטענגלעך שטרעקן זיך צו דער זון, און די אָפּגעפאַלענע בלעטער אויף דער ערד שאָרכן ווי זייד־ווערים אין זייער גילגול. דאָס איז די צייט פון האַרבסט, דער קאַרנאַוואַל פון אָפּוועלקן. די רויטע רויזן האָבן באַקומען אַ קראַנקן, פאַר־כישופטן און אויסטערלישן שיין אין זייער בלוט־רויטן קאָליר.

איך האָב זיך אַליין געפילט ווי אַ וואָרעם אין אונטערגאַנג, געטראָפן פון חורבן, אינמיטן פון דער דאָזיקער איינדרעמלענ־דיקער וועלט. אַ פחד איז מיך באַפאַלן און איך האָב זיך אויפגע־הויבן און געמאַכט אַ פּאָר האַסטיקע טריט איבערן וועג. — ניין! — האָב איך אויסגעשריען און צוזאַמענגעדריקט ביידע פויסטן: —

עס מוז נעמען אַ סוף! — און איך האָב זיך ווידער געזעצט, ווידער גענומען דעם בלייפעדער און באַשלאָסן אומבאַדינגט אָנצושרייבן אַן אַרטיקל. ס׳וואָלט זיין גאַנץ אומניצלעך אָפּצולאָזן זיך, ווען פאַר די אויגן שטייט אַ ניטבאַצאָלטע דירה.

לאַנגזאַם, זייער לאַנגזאַם, האָבן מיינע געדאַנקען אָנגעהויבן זיך צוזאַמענצוקומען. איך האָב זיי ניט אָפּגעלאָזט און האָב לאַנגזאַם, מיט ישוב־הדעת אָנגעשריבן אַ פּאָר זייטן אַלס הקדמה צו עפּעס וואָס; דאָס האָט געקאָנט זיין אַן אָנהייב צו וואָס מען וויל: צו אַ רייזע באַשרייבונג, צו אַ פּאָליטישן אַרטיקל, געווענדט אין דעם, ווי איך וואָלט עס געפונען פאַר נייטיק. עס איז געווען אַן אויסגעצייכנטער אָנהייב בכלל.

דערנאָך האָב איך אָנגעהויבן צו זוכן אַ באַשטימטע פראַגע, וואָס איך וואָלט געקענט באַהאַנדלען, אַ מענטש אָדער אַ זאַך, עפּעס אַזוינס, פאַרוואָס איך זאָל זיך קענען אָנכאַפּן — און גאָרנישט ניט געקאָנט געפינען. אין דער דאָזיקער פרוכטלאָזיקער אָנשטרענגונג זיינען מיינע געדאַנקען ווידער געקומען אין אומאָרדענונג. איך האָב געפילט, אַז מיין מוח הערט לגמרי אויף צו אַרבעטן. דער קאָפּ איז פוסט און לער געוואָרן און געזעסן אויף מיינע אַקסלען אַ גרינגער און אָן אַן אינהאַלט. די דאָזיקע אָפּענע פוסטקייט האָב איך געשפּירט מיטן גאַנצן קערפּער, מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך בין אינגאַנצן ליידיק, פון קאָפּ ביז די פיס.

— רבונו של עולם! — האָב איך אויסגעשריען מיט ווייטאָג, און איבערגעחזרט דעם דאָזיקן אויסרוף עטלעכע מאָל נאָכאַנאַנד, ניט זאָגנדיק מער קיין וואָרט.

דער ווינט האָט גערוישט אין די בלעטער, ס׳האָט זיך אָנגערוקט אַ וואָלקן. איך בין נאָך אַ קורצע צייט געזעסן און געקוקט פאַרטראַכטערהייט אויפן פּאַפּיר, דערנאָך האָב איך עס צוזאַמענגעלייגט און לאַנגזאַם באַהאַלטן אין קעשענע. ס׳איז געוואָרן קיל, און איך האָב ניט געהאַט מיין וועסט; איך האָב פאַרקנעפּלט מיין רעקל סאַמע ביזן האַלז און אַריינגערוקט די הענט אין די קעשענעס. דערנאָך זיך אויפגעהויבן און אַוועק.

ווען עס וואָלט כאָטש מיר אָפּגעגליקט בלויז דאָסמאָל, דאָס איינע און איינציקע מאָל! די באַלעבאָסטע האָט צוויי מאָל מיט די אויגן געבעטן געלט, און איך האָב געמוזט אַראָפּלאָזן דעם קאָפּ פאַר איר און אַדורכשלייכן פאַרביי מיט אַ פאַרשעמטער באַגריסונג. מער קען איך עס ניט אַריבערטראָגן; אַז איך וועל נאָך איינמאָל דערזען די דאָזיקע ־אויגן, וועל איך זיך אָפּזאָגן פון צימער, ערלעך איר אַלץ אויפקלערן; סיי־ווי־סיי, קען עס ווייטער מער אַזוי ניט זיין.

ביים אַרויסגיין פון פּאַרק האָב איך ווידער דערזען דעם אַלטן צווערגל, וועלכן איך האָב פאַריאָגט מיט מיין רציחה. דאָס געהיימנישפולע פּעקל איז געווען אויסגעפּאַקט לעבן אים פול מיט כל המינים עסנווארג, און ער האָט געקיים. איך האָב געוואָלט צוגיין צו אים און אַנטשולדיקן זיך פאַר מיין אויפפירונג, אָבער זיין שטיינער עסן האָט מיך אָפּגעשטויסן: די אַלטע פינגער, וואָס האָבן אויסגעזען ווי צען צעקנייטשטע נעגל, האָבן זיך עקלהאַפט איינגעקלאַמערט אין די פעטע פּוטערברייטלעך. מיך האָט גע־איבלט און איך בין פאַרבייגעגאַנגען, ניט זאָגנדיק אים קיין וואָרט. ער האָט מיך ניט דערקענט, זיינע אויגן האָבן זיך טרוקן אָנגע־שטעלט אויף מיר ווי הערנער, זיין פּנים האָט ניט אַ ציטער געטאָן מיט קיין מינדסטן אבר.

און איך בין זיך געגאַנגען ווייטער מיין וועג.

על־פּי געוויינהייט האָב איך זיך אָפּגעשטעלט פאַר יעדער אויסגעהאַנגענער צייטונג, וואָס איך בין פ.רביי געגאַנגען, איבער־צולייענען די מודעות וועגן פרייע שטעלעס, און בין געווען אַזוי גליקלעך, וואָס כ׳האָב געפונען פּאַסיק פאַר מיר. אַ סוחר אין גרענלאַנדסלער זוכט אַ מענטשן אויף בוכהאַלטעריע אויף צוויי שעה אַלע אָוונט: געהאַלט על־פּי מדובר. איך האָב פאַרשריבן דעם אַדרעס און אין האַרצן געבעטן גאָט אויף דער דאָזיקער שטעלע; איך וועל פאַרלאַנגען פאַר מיין אַרבעט ווייניקער פון אַן אַנדערן, מיר איז גענוג פופציק ערע, אַפילו פערציק איז גענוג. איך וועל אַיינגיין אויף אַלע באַדינגונגען.

אַז איך בין געקומען אַהיים, האָב איך געפונען אויפן טיש אַ צעטעלע פון דער באַלעבאָסטע, וואו זי בעט אָדער באַצאָלן דירה־געלט פאָראויס, אָדער וואָס גיכער פריי מאַכן דעם צימער. איך דאַרף ניט זיין בייז אויף איר — זי קען ניט אַנדערש. מיט פריינדלעכן גרוס, מאַדאַם גינדערסען.

איך האָב אָנגעשריבן אַ פאָרשלאָג צום סוחר קריסטי, גרינלאַנסלער 31, אַריינגעלייגט עס אין אַ קאָנווערט און אַוועקגעטראָגן אין בריווקאַסטן אויפן ראָג. דערנאָך בין איך ווידער אַרויף צו זיך אין צימער, זיך געזעצט אין וויגשטול און זיך פאַרטראַכט, בשעת ווען די פינסטערניש אַרום איז געוואָרן אַלץ געדיכטער און געדיכטער. איצט איז שוין געווען שווער ניט אַראָפצוגיין צום אָפּגרונד.

אויף מאָרגן האָב איך זיך אויפגעכאַפּט זייער פרי. אַז איך האָב אויפגעעפנט די אויגן, איז נאָך געווען גאָר פינסטער און שוין פיל שפּעטער האָב איך דערהערט, ווי דער זייגער אין דער אונטערשטער דירה האָט געשלאָגן פינף. איך האָב געוואָלט ווידער איינשלאָפן, אָבער דאָס איז מיר ניט געלונגען. איך בין געוואָרן אַלץ וואַכנדיקער און מונטערער און געלעגן און געטראַכט וועגן טויזנטער זאַכן. פּלוצלונג איז מיר איינגעפאַלן איינע צי צוויי גוטע פראַזן פאַר אַ סקיצע, פאַר אַ פעליעטאָן — אַ פיינע שפּראַך־המצאה, וואָס האָט ניט איר גלייכן.

איך ליג און חזר־איבער די דאָזיקע ווערטער פאַר זיך און געפין, אַז זיי זיינען אויסגעצייכנט. באַלד זיינען צוגעקומען צו זיי נאָך פיל אַנדערע. איך ווער מיט איינמאָל אינגאַנצן וואַך, שטיי אויף און טו אַ כאַפּ דאָס פּאַפּיר און בלייפעדער פון טיש צופוסנס פון מיין בעט. ווי אַ קוואַל וואָלט זיך אין מיר געעפנט, איז געגאַנגען וואָרט נאָך וואָרט, זיך געפלאָכטן אין אַ צוזאַמענהאַנג, געשלאָסן אין סיטואַציעס; אַ סצענע קייקלט זיך אין אַ סצענע, האַנדלונגען און רעפּליקעס שווימען אַרויף אין מיין מוח, און אַ וואונדערלעכער נחת־רוח באַהערשט מיך. איך שרייב ווי אין אַ טירוף, איך פאַרפיל אַ זייטל נאָך אַ זייטל, שטעל זיך ניט אָפּ

אויף אַ רגע אַפילו. די געדאַנקען קומען אָן אַזוי פלוצלונג, שטראָמען מיט אַזאַ ברייטקייט, אַז איך פאַרפעל אַ סך פרטים, וועלכע איך באַוויַיז ניט צו פאַרשרייבן, ה״ם איך אַרבעט מיט אַלע כוחות. אַלץ מער און מער ווער איך דורכגעדרונגען מיט דעם אַלעמען, איך בין אינגאַנצן פאַרכאַפּט פון מיין טעמע און יעדעס וואָרט, וואָס איך שרייב אָן, לייגט זיך מ״ר אַליין אויף דער צונג.

די דאָזי̈קע געבענטשטע רגע דויערט, דויערט אָן אַ שיעור לאַנג, און ענדלעך, ווען איך האַלט זיך אָפּ, ליגן אַ פופצן־צוואַנציק אָנגעשריבענע זייטלעך אויף מיינע קני. אויב נאָר די דאָזיקע בלעטלעך האָבן באמת עפּעס אַ ווערט, בין איך אַ געראַטעוועטער! איך שפּרינג־אויף פון בעט און טו זיך אָן. עס ווערט אַלץ ליכטיקער, איך קען שוין כמעט איבערלייע׳ען די מודעה פון דעם פאַרוואַלטער פון לייכטורעם ביי דער טיר, און ביים פענסטער איז שוין אַזוי ליכטיק, אַז איך וואָלט געקענט על־פּי נויט שרייבן. און איך הייב אָן גלייך איבערצושרייבן אויף ריין מיינע פּאַפּירן.

אין אַ מאָדנעם געדיכטן געוועב פון ליכט און פאַרבן זיינען געהילט די דאָזיקע פאַנטאַזיעס; איך באַוואונדער איין געלונגענעם אָרט נאָך אַ צווייטן, איך זאָג צו זיך אַליין, אַז קיין בעסערס ה״ב איך נאָך קיינמאָל ניט געלייענט. איך בין צופרידן ביז שיכרות, צעפלאַקערט פאַר פרייד. איך פיל זיך אַלס זיגער, ווענ ״פּ אויף דער האַנט דעם מאַנוסקריפּט און שאַץ אים אויפן אָרט אָפּ אין אַ פינף קראָן, אויפן קאָפּ באַחשבונט.

קיינעם וועט גאָרניט איינפאַלן צו דינגען זיך צוליב פינף קראָן, פאַרקערט, מ׳קען זיכער זאָגן, אַז נעמענדיק אין באַטראַכט דעם אינהאַלט, איז אַפילו צען קראָן — אויך אַ נישטיקער פרייז. איך האָב גאָרניט געהאַט בדעה צו מאַכן אַזאַ אויסשליסלעכע אַרבעט אומזיסט; אַזעלכע ראָמאַנען וואַלגערן זיך ניט אויף דער גאַס, אויף וויפיל איך ווייס. און איך האָב באַשטימט צען קראָן.

אין צימער איז אַלץ ליכטיקער און ליכטיקער געוואָרן. איך האָב געוואָרפן אַ בליק אויף דער טיר און אָן מי געקענט איבערלייע׳ען די מאָגערע סקעלעט־צַרטיקע אותיות וועגן די תכריכים

ביי פרייליַן אַנדערסען אין טויער, רעכטס; אגב איז שוין אַוועק אַ שטיק צייט נאָך דעם, ווי דער זייגער האָט געשלאָגן זיבן.

איך בין אָפּ פון פענסטער און געבליבן שטיין אינמיטן צימער. אַז איך האָב זיך גוט באַטראַכט, איז מאַדאַם גינדערסענס אָפּזאָג מיר אויסגעפאַלן צו דער צייט. דער דאָזיקער צימער איז גאָרניט פאַר מיר; דאָ איז גאַנץ פּראָסטע גרינע פאָרהאַנגען אויף די פענסטער און גאָרניט אַזוי פיל נעגל אויף דער וואַנט צו הענגען זאַכן. דער שלימזלדיקער ווינשטול דאָרט אין ווינקל איז אין גרונד גענומען מער ניט ווי אַן אָנצוהערעניש אויף אַ ווינשטול, וואָס מען קען פון אים שטאַרבן פאַר געלעכטער. ער איז צו נידעריק פאַר אַ דערוואַקסענעם מענטשן און דערצו אַזוי ענג, אַז אַ מענטשן האָט מען באַדאַרפט פון דאָרט אַרויסציִען, ווי אַ פוס פון אַ שטיוול. מיט איין וואָרט, דאָס צימער איז ניט צוגעפּאַסט פאַר אינטעלעקטועלער אַרבעט און איך האָב ניט געוואָלט אין אים מער פאַרבלייבן. בשום אופן האָב איך ניט געוואָלט פאַרבלייבן! איך האָב צו לאַנג געשוויגן און געליטן און זיך געמאַטערט אין דעם דאָזיקן שטעלכל!

אויפגעטרויפּט פון האָפענונג און צופרידנקייט מיט זיך, אַלץ נאָך פאַרנומען מיט דער וואונדערבאַרער סקיצע, וואָס איך האָב אַלע ווײַלע אַרויסגענומען פון קעשענע און געלייענט, האָב איך גלייך געוואָלט צוטרעטן צו דער זאַך און אָנהייבן זיך צו קלייבן. איך האָב גענומען מיין פעקל, דאָס רויטע טאַשנטיכל, וואו ס׳איז געלעגן אַ פּאָר ריינע קראַגנס און אַ ביסל צעקנייטשט צייטונגספּאַפּיר, אין וואָס איך פלעג טראָגן אַהיים דאָס ברויט, אויפגעוויקלט מיין דעקע און ביי זיך באַהאַלטן דאָס אָנגעגרייטע ווייסע שרייב-פּאַפּיר. דערנאָך האָב איך פון זיכערקייט וועגן אַרומגעקוקט אַלע ווינקלען צו איבערצייגן זיך, צי איך האָב גאָרנישט איבערגעלאָזט און, ניט געפינענדיק גאָרנישט, בין איך צוגעגאַנגען צום פענסטער און געקוקט אין דער ווייט. ס׳איז געווען אַ וואָלקנדיקער פייכטער פרימאָרגן. ביי דער אָפּגעברענטער קוזניע איז קיין נפש ניט געווען. און דער שטריק אויפן הויף האָט זיך שטייף אָנגעצויגן פון וואַנט צו וואַנט פאַר פייכטקייט. דאָס אַלץ האָב איך שוין

פריער געקענט, דערפאַר בין איך אַפּ פון פענסטער, גענומען די דעקע אונטערן אָרעם, זיך פאַרנייגט פאַר דעם פאַרוואַלטער פון לייכט־טורעם, פאַרנייגט פאַר די תכריכים פון פריילין אַנדערסען און אויפגעעפנט די טיר.

מיטאַמאָל האָב איך זיך דערמאָנט אָן דער באַלעבאָסטע. מען האָט דאָך איר באַדאַרפט מודיע זיין, אַז איך ציי זיך אַרויס, זי זאָל אײַנזען, אַז זי האָט געהאַט צו טאָן מיט אַן אָנשטענדיקן מענטשן. מיר האָט זיך געוואָלט אויך שריפטלעך איר אָפּדאַנקען פאַר די פּאָר טעג איבעריקע, וואָס איך האָב זיך באַנוצט מיטן צימער איבער דעם טערמין. דאָס באַוואוסטזיין, אַז איך בין אויף אַ געווימער צייט אַ געראַטעוועטער, האָט מיך אַזוי ווייט באַהערשט, אַז איך האָב אַפילו צוגעזאָגט דער באַ׳עבאָסטע אַריינצוטראָגן פינף קראָן אין די נאָענטסטע טעג; איך האָב געוואָלט נאָך שטאַרקער איר באַווייזן, וואָס פאַר אַ איידעלער מענטש האָט געוואוינט אונטער איר דאַך.

דאָס צעטעלע האָב איך געלאָזט אויפן טיש

ביי דער טיר בין איך נאָך אַמאָל שטיין געבליבן און זיך אומגעקוקט. דאָס ליכטיקע געפיל, אַז איך בין ווידער אויפגעלעבט געוואָרן, האָט מיך באַגייסטערט און האָט דערוועקט אין מיר גרויס דאַנקבאַרקייט צו גאָט און צו דער גאַנצער וועלט. איך האָב זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני ביים בעט און אויפן קול געדאַנקט דעם בורא עולם פאַר זיין גרויס גנאָד צו מיר דעם היינטיקן פרימאָרגן.

איך האָב געוואוסט — אַך, האָב איך געוואוסט, אַז דער דאָזיקער שטראָם פון רוח־הקודש, וואָס איך האָב נאָר־וואָס דורכגעלעבט און באַשריבן אין מיין נשמה, איז געווען אַ וואונדערבאַרער הימלישער אויפטו, אַן ענטפער אויף מיין נעכטיקן רוף נאָך הילף. דאָס איז גאָט! דאָס איז גאָט! — האָב איך אויסגערופן פאַר זיך און געוויינט פאַר באַגייסטערונג פון מיינע אייגענע ווערטער; דערנאָך האָב איך זיך געמוזט איינהאַלטן און אַ ווײַלע צוהערן זיך, צי עמעצער גייט ניט אויף די טרעפּ. לסוף בין איך אויפגעשטאַנען און אַוועק, אָן גערויש זיך אַראָפּגעלאָזט פון די דאָזיקע אַלע גאָרנס און אומבאַמערקט אַרויס צום טויער.

די גאַסן האָבן געבלאַנקט פון רעגן, וואָס איז אַרויסגעפאַלן באַגינען, דער הימל איז געהאַנגען איבער דער שטאָט, שווער און נידעריק און קיין איין שטראַל פון דער זון האָט זיך אין ערגעץ ניט געזען. ווי שפּעט איז געווען? איך בין אַוועק, ווי געווײנטלעך, אין דער ריכטונג פון ראָטהויז און דערזען, אַז דער זייגער איז געווען האַלב ניין. מיר איז אַלזאָ פאָרגעשטאַנען אַ גוטע פּאָר שעה אומצובלאָנקען, אין דער רעדאַקציע האָט ניט געלוינט צו קומען פאַר צען, אַפילו פאַר עלף, און דערווייל האָב איך געקענט זיך אומשלעפן איבער די גאַסן, און צו טראַכטן עפּעס אַן עצה וועגן אַ קליינעם פרישטיקל. איבעריקנס, האָב איך אין דעם טאָג ניט מורא געהאַט צו גיין אַ הונגעריקער שלאָפן; יענע צייטן זיינען שוין גאָט צו דאַנקען אַריבער! דאָס איז שוין אַ דורכגעמאַכטע סטאַדיע, אַ בייזער חלום; פון איצט אָן וועט שוין אַלץ גיין באַרג אַרויף!

דערווײלע איז מיר די גרינע דעקע געוואָרן צו לאַסט; ס׳איז געווען אַפילו אַ חרפּה צו טראָגן אַזאַ פּעקל פאַר אַלעמען אין די אויגן. וואָס וועלן מענטשן טראַכטן וועגן מיר? איך בין געגאַנגען און געזוכט אַן אָרט, וואו אַוועקצולייגן עס דערווײלע. און מיר איז דערווײלע איינגעפאַלן, אַז איך וואָלט געקענט אַריין צו סעמב׳ן און בעטן אים איינוויקלען עס מיר אין אַ פּאַפּיר; עס וועט גלייך באַקומען אַן אָנשטענדיקן אויסזען, און איך וועל זיך ניט שעמען מיטן פּעקל. איך בין אַריין אין געשעפט און איבערגעגעבן דעם ענין אַן אָנגעשטעלטן.

לכתחילה האָט ער אַ קוק געטאָן אויף דער דעקע, דערנאָך אויף מיר, עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז צונעמענדיק דאָס פּעקל, האָט ער בשתיקה פאַראַכטלעך אַ צוק געטאָן מיט די אַקסלען. דאָס האָט מיך באַליידיקט.

— זייט פאָרזיכטיקער, צום טייוול! — האָב איך אויסגעשריען. — דאָ זיינען איינגעוויקלט צוויי טייערע וואַזעס. דאָס פּעקל ווערט אָפּגעשיקט קיין סמירנע.

דאָס האָט געווירקט, גרויסאַרטיק געווירקט. מיט יעדער באַוועגונג זיינער האָט דער דאָזיקער מענטש געבעטן מחילה, וואָס

ער האָט באַלד ניט דערקענט, וואָס פאַר אַן אַנטיק עס געפינט זיך אין דער דעקע. אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן מיטן איינפּאַקן, האָב איך אים אָפּגעדאַנקט, ווי איינער, וואָס האָט שוין ניט איינמאָל אָפּגע־שיקט ווערטפולע זאַכן קיין סמירנע; ער האָט אַפילו מיר געעפנט די טיר, ווען איך בין אַרויסגעגאַנגען.

איך האָב אַרומגעבלאָנדזשעט איבערן מאַרק צווישן המון און זיך געהאַלטן נענטער צו די ווייבער, וואָס האָבן פאַרקויפט וואַזאָנעס. די שווערע רויטע רויזן, וואָס זייערע פייכטע, בלוטיקע בלעטלעך האָבן געפלאַמט אין דער רויער מאָרגנלופט, האָבן מיך גערייצט, געוועקט אַ זינדיקן פאַרלאַנג אָפּצורייסן אַ בלימל און איך האָב אָנגעפרעגט אַ פרייז, כדי צוצוגיין נענטער צו זיי. ווען איך האָב איבעריק געלט, וואָלט איך געקויפט אַ רויז, ס׳מעג זיין, וואָס עס וויל; איך וואָלט געקענט פאַרבייגן אַן אַנדער הוצאה אין מיין ווירטשאַפט, כדי איינצושטעלן אַן עקאָנאָמיש גלייכגעוויכט.

עס איז געוואָרן צען אַ זייגער און איך בין אַוועק אין רעדאַקציע. אַ מענטש „די — שער פון דער רעדאַקציע", האָט זיך געגריבלט אין אַ פּאַק אַלטע צייטונגען, דער רעדאַקטאָר איז נאָך ניט געקומען. אויף זיין פאָרשלאָג איבערצולאָזן מיין גרויסן מאַנוסקריפּט, גיב איך אים צו פאַרשטיין, אַז ער איז וויכטיקער פון אַ געוויינטלעכן מאַנוסקריפּט און בעט אים אומבאַדינגט איבער־געבן עס דעם רעדאַקטאָר פערזענלעך, ווען ער וועט קומען. נאָך אַן ענטפער וועל איך שפּעטער אַליין אַריין.

— גוט, — האָט די שער געזאָגט און זיך ווידער גענומען פאַר די צייטונגען.

מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער האָט זיך צו רויק דערצו דערצו באַצויגן, נאָר איך האָב גאָרנישט געזאָגט, מער־ניט גאַנץ גלייכגילטיק אַ שאָקל געטאָן צו אים מיטן קאָפּ און אַוועק.

איצט האָב איך געהאַט אַ סך צייט. וואָלט כאָטש זיך אויס־געלייטערט! ס׳איז געווען אַ נעמיינער וועטער, אָן ווינט און אָן לופטיקייט. די דאַמען זיינען מיט געהיטע טריט געגאַנגען מיט צעעפנטע שירעמס און די מענער־קאַפּעליושן האָבן געהאַט אַ קאָמישן

און קלאָגעדיקן אויסזען. איך ניי ווידער אויפן מאַרק און באַ־
טראַכט די גרינסן און רויזן. מיטאַמאָל פיל איך אַ האַנט בײַ זיך
אויפן אַקסל און דריי זיך אום. „די מויד" גריסט זיך מיט מיר.
— גוט מאָרגן? — ענטפער איך אַ ביסל מיט אַ פראַגע,
כדי תיכף־ומיד געוואָר צו ווערן, וואָס זי דאַרף האָבן.
איך האָב ניט שטאַרק ליב געהאַט „די מויד".
ער האָט נייגעריק אָנגעקוקט מיין שפּאָגל־נייעם פּעקל און־
טערן אָרעם און געפרעגט:
— וואָס איז דאָס דאָ בײַ אײַך?
— איך בין געווען בײַ סעמבן און גענומען זיך אויף אַן
אָנצוג — האָב איך געענטפערט מיט אַ גלייכגילטיקן טאָן — מיר
האָט שוין דערעסן צו גיין אין אַזאַ אָפּגעניצטן מלבוש, מ׳טאָר
דאָך ניט אַזוי אָפּשפּאָרן אין הילכות אָנטאָן זיך.
ער קוקט מיך אָן פאַרחידושט.
— און ווי גייט עס בכלל — פרעגט ער לאַנגזאַם.
— אָ־יאָ, איבער דער ערוואַרטונג.
— איר האָט איצט אַ באַשעפטיקונג?
— אַ באַשעפטיקונג?—ענטפער איך און וואונדער זיך זייער—
איך בין דאָך אַ בוכהאַלטער בײַ דער פירמע קר־סטי, יאָ.
— אַזוי! — זאָגט ער און טרעט אָפּ אַ ביסל צוריק —
גאָט מיינער, ווי עס טוט מיר הנאה פאַר אײַך. מ׳זאָל כאָטש ניט
אויסנאַרן בײַ אײַך דאָס געלט, וואָס איר פאַרדינט. אַ גוטן טאָג.
באַלד קערט ער זיך אום צוריק, טייטלט מיטן שטעקן אויף
מיין פּעקל און זאָגט:
— איך קען אײַך רעקאָמענדירן מיין שניידער. קיין עלע־
גאַנטערן שניידער ווי איסאַקסען וועט איר ניט געפינען. זאָגט
מער ניט, אַז אײַך האָב איך געשיקט צו אים.
וואָס שטעקט ער זיין נאָז אין מיינע עסקים? וואָס איז דאָס
זיין עסק, וואָס פאַר אַ שניידער איך וועל נעמען? איך בין געוואָרן
בייז; דער אויסזען פון דעם דאָזיקן פּוסטן, אויסגעפּוצטן מענטשן
האָט מיך אויפגערייצט און איך האָב גאַנץ גראָב אים דערמאָנט
וועגן די צען קראָן, וואָס ער האָט בײַ מיר געליען. אָבער ער

האָט נאָך ניט באַוויזן צו ענטפערן, ווי איך האָב שוין חרטה געהאַט, וואָס כ׳האָב געבעטן ביי אים דעם חוב, פאַרשעמט זיך און ניט געקוקט אים אין די אויגן. און אַזוי ווי דערווייל איז לעבן אונז פאַרבייגעגאַנגען אַ דאַמע, בין איך שנעל אָפּגעטראָטן צוריק, כּדי זי דורכצולאָזן און אויסגעניצט די געלעגנהייט אַוועק־צוגיין מיין וועג.

וואו האָב איך זיך געוואָלט אַהינטאָן, זִפוואַרטן דאָס ביסל צייט. אין קאַפּע האָב איך ניט געקענט גיין מיט ליידיקע קעשע־נעס און כ׳האָב ניט געהאַט קיין איין באַקאַנטן, איך זאָל קענען אין דער שעה צו אים אַריין. אינסטינקטיוו האָב איך זיך פאַרנו־מען אַרויף שטאָט, גאַנץ לאַנג זיך באַוועגט פון מאַרק ביז גראַנד־סען, דורכגעלייענט די „אָוונט־פּאָסט", וואָס איז נאָר־וואָס אויס־געהאַנגען געוואָרן אויפן גאַס־טאָוול, זיך דורכגעגאַנגען איבער דער קאַרל־יאָהאַן־גאַס, דערנאָך זיך אומגעקערט און אַוועק אויפן בית־עולם און זיך אויסגעזוכט אַ שטילן ערטל אויפן בערגל לעבן דער קאַפּעלע.

איך בין געזעסן דאָרט אין שטילקייט און רו, געאָטעמט מיט דער פייכטער לופט, געטרוימט, געטראַכט, געדרעמלט און גע־פרווירן. און די צייט איז געגאַנגען. איז מיין פעליעטאָן טאַקע אַזאַ מייסטערשטיק פון ריינער קונסט? גאָט ווייס, צי האָבן זיך ניט אַריינגעכאַפּט אַ פּאָר גרייזן! אַז מ׳זאָל גוט באַטראַכטן, קען מען אים ניט אָננעמען אויך, גאָר פּשוט — פאַרבראַקירן. אפשר איז ער גאַנץ מיטלמעסיק, אָדער ער טויג אינגאַנצן ניט; פון וואַנען בין איך זיכער, אַז איצט, אין דער זעלבער רגע, ליגט ער שוין ניט אין קאָרב?... מיין רויִקייט איז צעשטערט געוואָרן, איך בין אויפגעשפרונגען און אַנטלאָפן פון בית־עולם.

אונטן, אויף אַקערלאַדען האָב איך אַריינגעקוקט אין אַ פענס־טער פון אַ קראָם, און דערזען, אַז דער זייגער איז ערשט נאָך צוועלף. דאָס האָט מיך נאָך מער דערשלאָגן. איך בין געווען אַזוי זיכער, אַז ס׳איז שוין לאַנג נאָך האַלבן טאָג, און פאַר פיר קומען צום רעדאַקטאָר האָט נישט געהאַט קיין זין. דער גורל פון פעליע־טאָן האָט מיר שווער געמאַכט דאָס האַרץ; וואָס מער איך האָב

געטראַכט ווענן דעם, אַלץ אומגלויבלעכער איז מיר פאָרגעקומען,
אַז איך זאָל האָבן אָנגעשריבן אַ נישקשהדיקע זאַך — אַזוי אומ=
געריבן, כמעט אין שלאָף, מיט אַ קאָפּ פול חלומות און נאַכט=
וויזיעס. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב זיך אַליין אָפּגענאַרט און
געפרייט זיך אַ גאַנצן פרימאָרגן אומזיסט=אומנישט! פאַרשטייט
זיך!...

מיט גיכע טריט האָב איך זיך באַוועגט אַרויף איבער איל=
פאָלט=וועג, פאַרביי דעם בערגל פון סאַנקט=יאָהאַן, אַרויס אויף אַן
אָפענעם פעלד, אַריין אין די שמאָלע, מאָדנע געסלעך ביים טאַר=
טאַק, אַרום די בוי=פלעצער און גערטנער, און סוף=כל=סוף אַרויס=
געקומען אויף אַ ברייטן וועג, וואָס מ'האָט ניט געקענט מיט די
אויגן כאַפן, וואו ער לאָזט זיך אויס.

דאָ בין איך געבליבן שטיין און באַשלאָסן אומקערן זיך
צוריק. דער שנעלער גאַנג האָט מיך צעוואַרעמט און צוריק האָב
איך זיך געשלעפט לאַנגזאַם, אין אַ געדריקטער שטימונג. איך האָב
באַגעגנט צוויי ווענן היי. די פורמאַנעס זיינען געלעגן מיטן פנים
אַראָפ אויף די וועגענער און געזונגען, ביידע באָרוועס, ביידע מיט
קיילעכדיקע זאָרגלאָזע פנימער. איך בין געגאַנגען און געטראַכט,
אַז זיי וועלן אָנהייבן מיט מיר צו ריידן, אַ וואָרף טאָן עפּעס
אַ באַמערקונג, אָדער זיי וועלן אָנהייבן לאַכן, און אַז איך בין צו=
געגאַנגען צו זיי גאַנץ נאָענט, האָט איינער פון זיי מיך אַ רוף
געטאָן און געפרעגט, וואָס האַלט איך אונטערן אָרעם.

— אַ דעקע — האָב איך געענטפערט.

— ווי שפעט איז איצט? — האָט ער געפרעגט.

— גענוי ווייס איך ניט, איך מיין — אַרום דריי.

דאַן האָבן זיך ביידע צעלאַכט און פאַרבייגעפאָרן. פלוצלונג
האָב איך דערפילט אַ ווייטאָג פון אַ שמיץ מיטן בייטש איבערן
אויער, און מיין הוט איז אַראָפּגעפלויגן פון קאָפּ; די שקצים
האָבן ניט געקענט מיך דורכלאָזן, ניט צו מאַכן זיך לוסטיק איבער
מיר. פאַר גרוים רציחה האָב איך זיך געכאַפּט פאַרן אויער, אָנגע=
יאָגט דעם הוט אויפן ראַנד פון אַ גרוב און גיי מיר ווייטער. ביים

בערגל פון סאַנקט־האַנסהאַוגען האָב איך באַגעגנט אַ מענטשן, וועלכער האָט מיר געזאָגט, אַז דער זייגער איז שוין נאָך פיר.

נאָך פיר! שוין נאָך פיר! איך האָב פאַרגיכערט די טריט, זיך כמעט געלאָזט לויפן אין שטאָט אַריין צו דער רעדאַקציע. דער רעדאַקטאָר איז שוין אַוודאי דאָרטן לאַנג געווען און שוין איצט אַוועק! איך בין געגאַנגען, געלאָפן, זיך אָנגעשטויסן אויף פורן, איבערגעיאָגט אַלע דורכגייער, פאַרמאָסטן זיך אין געלאַף מיט פערד, אָנגעשטרענגט זיך ווי אַ משוגענער, אַבי נאָר קומען צו דער צייט. איך האָב זיך אַריינגעריסן אין דער טיר, מיט פיר שפרונגען אַרויף אויף די טרעפ און אָנגעקלאַפט.

קיין שום ענטפער.

ער איז אַוועק! ער איז אַוועק! — האָב איך געטראַכט. איך פרווו די טיר, זי איז ניט פאַרשלאָסן, קלאַפ אָן נאָך אַמאָל און גיי אַריין.

דער רעדאַקטאָר זיצט ביי זיין טיש מיטן פנים צום פענס־טער און מיט דער פעדער אין האַנט, גרייט צו שרייבן. דערהערט מיין פאַרסאָפּעטן גוט־מאָרגן, דרייט ער זיך האַלב אום צו מיר, קוקט מיך אָן, טוט אַ שאָקל מיטן קאָפּ און זאָגט:

— כ'האָב נאָך ניט געהאַט קיין צייט איבערצולייענען אייער סקיצע.

פאַר פרייד, וואָס אַלנפאַלס וואַרפט ער דאָס ניט אָפּ, ענט־פער איך:

— אַוודאי, איך פאַרשטיי עס זייער גוט. עס האָט נאָך צייט. אפשר אין אַ פּאָר טעג אַרום. אָדער?...

— יאָ, איך וועל זען. איבעריקנס האָב איך דאָך אייע־אַדרעס.

און איך האָב פאַרגעסן אים אויפצוקלערן, אַז איך האָב שוין ניט קיין אַדרעס.

די אוידיענץ האָט זיך געענדיקט, איך פאַרנייג זיך און טרעט אָפּ צוריק און גיי אַוועק. די האָפענונג פלאַמט ווידער אויף אין מיר, ס'איז נאָך קיין זאַך ניט פאַרלוירן. אדרבא, איך קען נאָך אַלץ געווינען. און מיין מוח הייבט אָן צו חלומען וועגן דער

פמליא של מעלה, וועלכע האָט נאָר-וואָס געפּסקנט, אַז איך זאָל באַקומען צען קראָן, גאַנצע צען קראָן פאַר אַ פעליעטאָן...

ווען איך וואָלט נאָר געהאַט די נאַכט איבערצוקומען! איך באַטראַכט, וואו איז צום בעסטן צו פאַרקריכן אויף נאַכטלענער, און בין אַזוי שטאַרק פאַרכאַפּט פון דער דאָזיקער פראַגע, אַז איך בין געבליבן שטיין אינמיטן גאַס. איך פאַרגעס, וואו איך געפין זיך, איך שטיי ווי דער איינזאַמער צייכנשטאַנג אינמיטן ים, בשעת אַרום אים שטראָמען און רוישן די כוואַליעס. אַ צייטונגס-יינגל דערלאַנגט מיר אַ נומער „וויקינג“, זייער אינטערעסאַנט! איך טו אַ קוק און ווער אַ פאַרציטערטער — איך שטיי ווידער לעבן סעמבס קראָם.

איך קער זיך שנעל אָפּ, פאַרדעק דאָס פּעקל מיטן קערפּער און לאָז זיך גיך דורך דער קירכנגאַס אַראָפּ פאַרלוירן און דער-שראָקן, אַז מ'האָט מיך געקענט דערזען נאָך פון די פענסטער. איך ניי פאַרביי איינגעבערט צום טעאַטער, פאַרקערעווע זיך ביי דער לאָזשע און לאָז זיך גיין צום פיאָרד ביי דער פעסטונג. ווידער זעץ איך זיך אויף אַ באַנק און ווידער הייב איך אָן צו טראַכטן.

וואו וועל איך געפינען אויף היינטיקער נאַכט אַ מקום-מנוחה? איז ניטאָ אַזאַ לאָך, וואוהין איך זאָל קענען אַריינקריכן און באַ-האַלטן זיך ביז מאָרגן? מיין שטאָלץ האָט מיר ניט דערלויבט אומ-צוקערן זיך צוריק צו זיך אין צימער; מיר וואָלט קיינמאָל ניט איינפאַלן אָפּצוזאָגן זיך פון מיינע אייגענע ווערטער און מיט גרויס כעס האָב איך אָפּגעוואָרפן דעם דאָזיקן געדאַנק און אין האַרצן פאַרשעמט אַ שמייכל געטאָן פון מיין קליינעם רויטן ווינשטול. דורך אַ שפּיל פון אַסאָציאַציעס האָב איך זיך פלוצלונג אַיינגע-פונען אין אַ גרויסן צימער אויף צוויי פענסטער, וואו איך האָב אַמאָל געוואוינט אויף העגדעהאַוגען; איך האָב געזען אַ טאַץ אויפן טיש מיט אַ מאַסע פוטערברייטלעך, זיי האָבן געביטן זייער אוי-זען, זיך פאַרוואַנדלט אין אַ ביפשטעקס, אַן אַפּעטיטלעכן ביפשטעקס, און אַ שנייוויים סערוועטל, און אַ מאַסע ברויט, און אַ זילבערנעם סערוויז. און די טיר האָט זיך געעפנט: מיין באַלעבאָסטע איז אַריין און מיר פאָרגעלייגט נאָך אַ גלאָז טיי...

דמיונות און נאַרישע טרוימען! איך האָב געזאָגט צו זיך: קריג איך איצט צו עסן, וואָלט מיין קאָפּ ווידער צעשרויפט ווערן, ווידער וואָלט איך זיך מוזן ראַנגלען מיט דעם זעלביקן פיבער אין מיין מוח און מיטן אָנפלוס פון דולזיניקע געדאַנקען. איך קען ניט אַריבערטראָגן קיין שפּייז, איך בין ניט אַזוי געבויט; דאָס איז שוין מיין ספּעציפישע אייגנשאַפט.

אפשר וועט זיך נאָך געפינען אַ מקום=מנוחה שפּעטער צו אָוונט צו: אַיילן זיך איז ניט געווען וואָס; אין ערגסטן פאַל האָב איך געקענט אויסגעפינען אַן אָרט ערגעץ אין וואַלד, די גאַנצע אומגעגנט פון שטאָט איז געווען אין מיין רשות און דער פראָסט האָט נאָך ניט געברענט.

און דער ים האָט זיך פון וויטן געוויגט אין שווערער רו. שיפן און אומגעלומפּערטע ברייטנאָזיקע בוקסירן האָבן געגרונצלט זיין בלייערדיקן פלאַך, געריסן פאַסן אויף רעכטס און אויף לינקס און זיך געגליטשט ווייטער, און דער רויך האָט בשעת=מעשה ווי אַ פוך זיך געשפּאַרט דורך די קוימענס און דאָס קלאַפּן פון די מאַשין=קאָלבעס האָט מאַט דורכגעדרונגען די פייכטע לופט. ס׳איז ניט געווען קיין זון און קיין ווינט; די ביימער הינטער מיר זיינען געשטאַנען נאַסע, און די באַנק, וואו איך בין געזעסן, איז געווען קאַלט און פייכט. די צייט איז געגאַנגען; איך האָב אָנגעהויבן אַריינצופאַלן אין אַ שלעפעריקייט, האָב דערפילט אַ מידיקייט און אַ לייכטן פראָסט איבערן רוקן; באַלד האָב איך דערשפּירט, אַז די אויגן מאַכן זיך מיר צו. און איך האָב זיי צוגעמאַכט...

אַז איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, איז אַרום מיר געווען פינסטער; פאַרטעמפּט און דערפרוירן, בין איך אויפגעשפּרונגען, אַ כאַפּ געטאָן מיין פעקל און אַוועקגעשפּרייזט. איך בין געגאַנגען אַלץ גיכער און גיכער, זיך צו דערוואַרעמען, געקלאַפּט מיט די הענט, געריבן די פיס, וועלכע איך האָב כמעט שוין מער ניט געפילט, און אַרויסגעקומען צו דער בראַנדוואַך. ס׳איז געווען ניין דער זייגער; כ׳האָב אָפּגעשלאָפן עטלעכע שעה.

וואו זשע טוט מען זיך אַהין? איך מוז דאָך ערגעץ געפינען אַן אָרט. איך שטיי און קוק אויף דער בראַנדוואַך אַרויף און

באַטראַכט, צי וועט מיר געראָטן אַריינצוכאַפּן זיך אין אַ קאָרידאָר, אויפּפּאַסנדיק דעם מאָמענט, ווען דער פּאַטרול וועט זיך אויסדרייען מיטן רוקן. איך שטייג אויף די טרעפּ און וויל פאַרבינדן מיטן מענטשן אַ שמועס, סאַלוטירט ער גלייך מיט זיין האַק און וואַרט, וואָס איך וועל אים זאָגן. די אויפגעהויבענע האַק מיט דער שאַרף געווענדט צו מיר, דרינגט דורך מיינע נערוון ווי אַ קאַלטער קלאַפּ. איך ווער פאַרשטומט אוים מורא פאַר דעם דאָזיקן באַוואָפנטן מענטשן און ניט ווילנדיק טרעט איך אָפּ צוריק. איך זאָג גאָרנישט און טרעט בלויז אָפּ פון אים אַל׳ץ ווייטער און ווייטער; צוליב זעלבסטווערדע פיר איך דורך מיט דער האַנט איבערן שטערן, ווי איך וואָלט עפּעס געהאַט פאַרגעסן, און טראָג זיך אָפּ. אַרויסגעקומען ווידער אויפן טראָטואַר, האָב איך זיך דערפילט דערלייזט, ווי איך וואָלט באמת אויסגעמיידט אַ גרויסע סכנה און איך גיי גיך אַוועק.

קאַלט און הונגעריק, מיט אַלץ אַ שווערערן געמי׳ט, האָב איך זיך אַוועקגעשלעפּט אַרויף איבער קאַרל-יאָהאַן-גאַס; איך האָב אָנגעהויבן הויך אויפן קול צו שילטן מיט קללות און זיך ניט געקימערט, אַז עמעצער קען עס דערהערן. ביים סטאָרטינג, לעבן דעם ערשטן לייב, האָב איך פּלוצלונג, לויט אַ נייער אידעעאַסאָציאַציע, זיך דערמאָנט אָן אַ באַקאַנטן קינסטלער, אַ יונגנמאַן, וועלכן איך האָב איינמאָל געראַטעוועט פון אַ פּאַטש אין טיוואָלי און דערנאָך צו אים אַריינגעקומען. איך קנאַק צו מיט די פינגער און לאָז מיך אַראָפּ אויף טאָרדענסקיאָלד-גאַס, געפין אַ טיר מיט אַן אויפשריפט: „ק. זאַכאַריאַס באַרטעל” און קלאַפּ אָן.

ער איז אַרויס אַליין. פון אים האָט ביז צום איבלען געשמעקט מיט ביר און טאַבאַק.

— גוטן אָוונט! — האָב איך געזאָגט.

— גוטן אָוונט! דאָס זייט איר? פאַרוואָס זשע, צום טייוול, זייט איר געקומען אַזוי שפּעט? ביים שיין פון לאָמפּ זעט עס ניט אויס אַזוי גוט. נאָך אייער לעצטן באַזוך האָב איך צוגעמאָלט אַ שטייג היי און עטוואָס דאָרט געענדערט. איר מוזט עס זען ביים טאָג, איצט איז ניט כדאַי.

— לאָזט עס מיר פאַרט אַ קוק טאָן! — האָב איך געזאָגט — אַגב, האָב איך ניט געדענקט, ווענן וואָס פאַר אַ בילד ער רעדט.

— אויסגעשלאָסן! — האָט ער געענטפערט. — אַלץ וועט אויסזען געל און דערצו איז פאַרהאַן נאָך אַ מניעה, — ער האָט גערעדט שטיל און האַרט צו מיר צוגערוקט — היינט אָוונט איז ביי מיר אַ מיידל, אַזוי אַז ס'איז אוממעגלעך.

— נו אויב אַזוי, איז ניטאָ וואָס צו ריידן.

איך האָב זיך צוריקגעצויגן, געזאָגט אַ גוטע נאַכט און אַוועק.

ס'איז אַלזאָ ניט געבליבן קיין אַנדער אויסוועג, ווי אַוועקצוגיין ערגעץ אין וואַלד. די ערד זאָל ניט זיין אַזוי פייכט! איך האָב צוגעקלאַפּט איבער מיין דעקע און אַלץ מער זיך איינגעלעבט מיטן געדאַנק, אַז איך וועל שלאָפן אונטערן אָפענעם הימל. איך האָב אַזוי לאַנג זיך געמאַטערט צו געפינען אַ נאַכטלעגער אין שטאָט, אַז איך בין געוואָרן מיד און דערפילט אַן עקל צו די אַלע זוכעניש. ס'איז מיר געווען אַזאַ תענוג צו בלייבן רויק, פאַרלאָזן זיך אויף גאָטס באַראָט און שלעפן זיך איבער די גאַסן אָן איין געדאַנק אין קאָפּ. איך בין צו צום אוניווערסיטעטס־זייגער און דערזען, אַז ס'איז שוין געווען נאָך צען. פון דאָרט האָב איך זיך געלאָזט גיין אַרויף שטאָט. ערגעץ אויף העגדעהויגען האָב איך זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ שפּייז־קרעמל, וואו אין פענסטער זיינען געווען אויסגעשטעלט כל־המיני עסנוואַרג. דערביי איז געלעגן אַ קאַץ און געשלאָפן לעבן אַ פראַנצויזיש ברייטל, הינטער איר איז געשטאַנען אַ טאָפּ מיט חזיר־שמאַלץ און עטלעכע גלעזער גרויפּן. איך בין געשטאַנען אַ ווײַלע און געקוקט אויף דעם דאָזיקן עסנוואַרג, אָבער אַזוי ווי איך האָב ניט געהאַט פאַר וואָס צו קויפן, האָב איך זיך אָפּגעקערט און בין אַוועקן ווייטער. איך בין געגאַנגען זייער פּאַמעלעך, געמיידט מאַיאָרסטועו, געגאַנגען ווייטער, אַלץ ווייטער, געגאַנגען אַ שעה נאָך אַ שעה און ענדלעך געקומען צום שטאָטישן וואַלד.

דאָ האָב איך זיך פאַרנומען אָן אַ זייט און זיך צוגעזעצט צופרוען. דערנאָך האָב איך אָנגעהויבן זוכן אַ באַקוועמערן אָרט, צונויפגעשאַרט אַ ביסל צווייגן און וואַלד־מאָך און זיך צוגעגרייט

אַ געלעגער אויף אַ קליין בערגל, וואו ס׳איז געווען אַ ביסל טרי־קענער, פונאַנדערגעבונדן מיין פעקל און אַרויסגענומען די דעקע. איך בין געווען מיד און אויסגעמאַטערט פון דעם ווייטן וועג און כ׳האָב זיך באַלד געלייגט. איך האָב זיך לאַנג געדרייט און גע־וואָרפן, איידער איך האָב געפונען די ריכטיקע לאַגע; דער אויער האָט מיר עפּעס וויי געטאָן, ער איז אָנגעשוואָלן געוואָרן פון דעם שמיץ מיט דער בייטש, און איך האָב ניט געקענט אויף אים ליגן. איך האָב אויסגעטאָן די שיך און אַוועקגעלייגט זיי צוקאָפּנס, צוגעדעקט מיט סעמבס שטיק פּאַק־פּאַפּיר.

אַ מאַיעסטעטישע פינסטערניש האָט געהויערט אַרום מיר. אַלץ איז געווען שטיל, אַלץ; אָבער אויבן, אין דער הייך האָט גע׳הילכט דער אייביקער געזאַנג, אַ ווייטער לופטיקער קלאַנג, אַ ווידער־קול אָן טענער, וואָס ווערט קיינמאָל ניט אַנטשוויגן. איך האָב צוגעהאָרכט צו דעם דאָזיקן אומענדלעכן קרענקלעכן קלאַנג, אַזש מיך האָט אָנגענומען אַ ציטער; דאָס זיינען אַוודאי סימפאָניעס פון וועלטן־גלגלים איבער מיר, די האַרמאָניע פון די ספערן...

— צום טייוול! — האָב איך געזאָגט און זיך צעלאַכט אויפן קול, צוצוגעבן זיך מוט, — דאָס זיינען די סאָוועס אין בנען!

און איך האָב זיך אויפגעהויבן און זיך ווידער געלייגט, אָנ־געטאָן די שיך און געבלאָנדזשעט אין דער פינסטערניש, און אויף דאָס ניי זיך געלייגט, ראַנגלענדיק זיך מיט כעס און שרעק ביז פאַרטאָג, ביז איך בין ענדלעך אַנטשלאָפן געוואָרן.

אַז איך האָב געעפנט די אויגן, איז שוין געווען גאָר ליכטיק און איך האָב געפילט, אַז ס׳איז שוין האַלבער טאָג. איך האָב אָנגעטאָן די שיך, ווידער פאַרוויקלט די דעקע און זיך געלאָזט צוריק אין שטאָט אַריין. אויך היינט איז ניט געווען קיין זון און איך האָב געפרוירן ווי אַ הונט; די פיס זיינען מיר פאַרגליווערט געוואָרן, און די אויגן האָבן אָנגעהויבן צו טרערן, ווי זיי וואָלטן ניט קענען אַריבערטראָגן די שיין פון טאָג.

ס'איז געווען דריי אַ זייגער. דער הונגער האָט זיך אַל'ץ מער געלאָזט פילן. איך בין געוואָרן שוואַך. איך בין געגאַנגען און צייטנווייז האָט מיך געאיבלט. איך בין אַרײַן צו דער בילינער קיך, איבערגעלייענט דאָס מעניו אויפן טאָוול און אַ צי געטאָן מיט די אַקסלען, גלייך ווי דאָס געראַוויכערטע חזיר=פלייש און פעטס וואָלט ניט געווען פאַר מיר קיין מאכל; פון דאָרט בין איך אַוועק אויפן וואָקזאַל=פלאַץ.

אַ מאָדנער שווינדל איז מיר פלוצלונג אַדורך דורכן קאָפּ; איך בין געגאַנגען ווייטער און געוואָלט עס ניט נעמען אין אַכט, ס'איז אָבער געוואָרן אַלץ ערגער און ערגער און סוף=כל=סוף האָב איך געמוזט זיך צוזעצן אויף אַ טרעפּ. אין מיין גאַנצן געמיט איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג, גלייך ווי אין מיין אינגעווייד וואָלט זיך עפּעס אַוועקגערוקט אָן אַ זייט, אָדער עפּעס אַ געוועב האָט זיך צעריסן אין מיין מוח. אַ פּאָר מאָל האָט מיך פאַרכאַפּט דער אָטעם און איך בין געזעסן אַ געפּלעפּטער. איך האָב ניט פאַרלוירן דאָס באַוואוסטזיין, איך האָב דייטלעך געפילט, ווי אין אויער האָט מיר אַ ביסל געראַוישט נאָך פון נעכטן אָן, און אַז פאַרביי מיר איז דורכגעגאַנגען אַ באַקאַנטער, האָב איך אים גלייך דערקענט, אויפגעשטאַנען און זיך באַגריסט מיט אים.

וואָס פאַר אַ נייע פיינלעכע שפּירונג איז דאָס איצט צוגעקומען צו אַלע איבעריקע? זאָל עס זיין אַ פּועל=יוצא פון דעם, וואָס איך האָב געשלאָפן אויף דער הוילער ערד? אָדער עס שטאַמט דערפון, וואָס איך האָב נאָך ניט געגעסן קיין פרישטיק? אין גרונד גענומען, איז עס אַ גרויסער אומזין צו פירן אַזאַ לעבן, איך שווער ביי גאָט! איך האָב ניט געקענט באַגרייפן, מיט וואָס האָב איך עס פאַרדינט אַזעלכע פורעניות. און מיר איז פלוצלונג איינגעפאַלן, אַז איך וואָלט געקאָנט גרינג און גיך ווערן אַ שווינדלער און אַוועקטראָגן די דעקע אין קעלערשטוב צו דעם „פעטער“. איך האָב עס געקענט פאַרזעצן פאַר אַ קראָן און באַקומען דערפאַר דריי זאַטע מיטאָגן, אַ ביסל האַלטן זיך, ביז וואַנען ס'וועט זיך מאַכן עפּעס אַנדערש. פאַר האַנס פאַולי וועל איך שוין קריגן אַ תירוץ. איך בין שוין געווען אויפן וועג צו דעם קעלערשטוב=

אָבער בין געבליבן שטיין ביים אַיינגאַנג, אַ שאָקל געטאָן אומ= אַנטשלאָסן מיטן קאָפּ און זיך אומגעקערט צוריק.

וואָס מער איך האָב זיך דערווייטערט, אַלץ גרעסער איז געוואָרן די פרייד אין מיין האַרצן, וואָס איך האָב בייגעשטאַנען דעם דאָזיקן שווערן נסיון. דאָס באַוואוסטזיין, אַז איך בין אַן אָרנטלעכער מאַן, האָט מיר אַ שלאָג געטאָן אין קאָפּ אַריין, אָנגע= פילט מיך מיטן שטאָלצן געפיל, אַז איך בין אַ פעסטער כאַראַק= טער, אַ ווייסער לייכט=טורעם אויף דעם טריבן מענטשלעכן ים, וואו עס טראָגן זיך בלויז רעשטלעך פון צעבראָכענע שיפן. פאַר= משכונען אַ פרעמד אייגנטום צוליב אַ מיטאָג, אויפפרעסן און פאַר= טרינקען די אייגענע אַכטונג, זיך אַליין אָנרופן שווינדלער, פאַר זיך אַליין אַראָפּלאָזן די אויגן — קיינמאָל ניט! דאָס האָב איך ניט געקענט מיינען ערנסט, דאָס איז מיר נאָר כמעט קיינמאָל אויפן זינען ניט געקומען; מ'טאָר באמת ניט אַרויפוואַרפן אויף אַ מענטשן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר צופעליקע דורכשוועבנדיקע געדאַנקען, בפרט נאָך ווען עס טוט מוראדיק ווי דער קאָפּ און דו ווערסט טויט מיד, שלעפנדיק אַ דעקע, וואָס געהערט צו אַן אַנדערן.

נישקשה, עס וועט זיך געפינען אַן אויסוועג, מיט דער צייט! ס'איז נאָך געבליבן דער סוחר אויף גרענלאַנדסלערעט; צי דען האָב איך אים אָפּגעשלאָגן די שוועלן, זינט איך האָב אַוועקגעשיקט מיין פאָרשלאָג? געקלונגען צו אים צען מאָל אַ טאָג און באַקומען אַן אָפּזאָג? איך האָב אים אַזוי גוט ווי גאָרניט באַלעסטיקט. איך בין דאָך אַפילו צו אים קיין איינמאָל ניט אַריין. אפשר וואָלט דאָס גאָר ניט זיין קיין אומזיסטע טירחה, אפשר וועט דאָסמאָל דער מזל זיין אויף מיין זייט. דער מזל גייט אָפט מיט אַזעלכע מאָדנע פאַרדרייטע וועגן. און איך בין אַוועק אויף גרענלאַנדסלערעט.

די לעצטע אויפטרייסלונג, וואָס האָט מיר דורכגעדרונגען דעם קאָפּ, האָט מיך אָפּגעשוואַכט אַ ביסל. איך בין געגאַנגען זייער לאַנגזאַם און געטראַכט, וואָס זאָל איך זאָגן דעם סוחר. ער איז געווים אַ גוטע נשמה; אויב ער איז נאָר אין אַ גוטן הומאָר, וועט ער מיר גאָר אַוודאי געבן אַן אַוואַנס אַ קראָן אָן מיין בעטן; זעלכע מענטשן האָבן שטענדיק די שענסטע איינפאַלן.

איך האָב זיך אַריינגעכאַפּט אין טויער און אָפּגעשוואַרצט מיט שפּייעכץ די קניען פון די הויזן, כדי אויסצוזען אָנשטענדיקער, די דעקע איבערגעלאָזט אין אַ ווינקל הינטער אַ קאַסטן, איבערגעשניטן די גאַס אין דער קווער און אַריין אין קראָם.

דאָ איז געשטאַנען אַ מענטש און געקלעפּט זעקלעך פון אַלטע צייטונגען.

— איך האָב געוואָלט זען דעם הער קריסטי, — האָב איך געזאָגט.

— דאָס בין איך אַליין — האָט דער מענטש געענטפערט.

— אַזוי נאָר! מיין נאָמען איז אַזוי און אַזוי, איך האָב געהאַט דעם כבוד צוצושיקן אייך מיין פאָרשלאָג און כ׳ווייס ניט, צי עס איז דערפון עפּעס אַרויסגעקומען.

ער האָט איבערגעחזרט מיין נאָמען עטלעכע מאָל און אָנגעהויבן לאַכן.

— נו, טוט אַ קוק — זאָגט ער, און נעמט אַרויס פון בוזעם־קעשענע מיין בריוו, — זייט אַזוי גוט און זעט, ווי אַזוי איר באַגייט זיך מיט צאָלן, מיין הער! איר האָט דאַטירט אייער בריוו מיטן יאָר 1848. — און דער מענטש האָט גענומען לאַכן הויך אויפן קול.

— יאָ, דאָס איז ניט גאָר אין אָרדענונג, — האָב איך פאַרלוירן געזאָגט; — אַן אומבאַטראַכטקייט, אַ צעטראָגנקייט, איך בין מודה.

— פאַרשטייט איר מיך, איך דאַרף האָבן אַ מענטשן, וואָס זאָל זיך איבערהויפּט ניט טועה זיין אין צאָלן — האָט ער געזאָגט — אַ שאָד! איר האָט אַזאַ דייטלעכע האַנטשריפט, און אייער בריוו איז מיר בכלל געפעלן, אָבער...

איך האָב געוואַרט אַ ביסל; אוממעגלעך, אַז דאָס זאָל זיין זיין לעצט וואָרט. ער האָט זיך ווידער גענומען צו זיינע זעקלעך.

— יאָ, ס׳איז זייער אומאַיינגענעם, שרעקלעך אומאַיינגענעם; אָבער דאָס וועט זיך נאַטירלעך מערניט איבערחזרן; און דער

דאָזיקער קליינער גרייז האָט דאָך ניט געקענט מיך מאַכן אומפעיק בכלל צו פירן ביכער.

— דאָס זאָג איך גאָרניט, — האָט ער געענטפערט: — אָבער פונדעסטוועגן האָט עס געהאַט פאַר מיר אַזאַ באַדייטונג, אַז איך האָב גלייך באַשלאָסן נעמען אַן אַנדערן.

— הייסט עס, די שטעלע איז שוין פאַרנומען? — האָב איך געפרעגט.

— יאָ.

— נו, נאָט מיינער, אויב אַזוי, איז דאָך ניטאָ וואָס צו מאַכן?

— ניין. איך באַדויער זייער, אָבער...

— אַ גוטן! — האָב איך געזאָגט.

מיך האָט אָנגעכאַפּט אַ ברענענדיקער און ברוטאַלער כעס. איך האָב גענומען מיין דעקע פון טויער, פאַרביסן די ציין, אָנגע־טראָטן אויף פרידלעכע מענטשן און ניט געבעטן קיין אַנטשולדי־קונג. ווען איינער אַ הער א'ז געבליבן שטיין און מיר געמאַכט אַ שטרענגן אויסרייד וועגן מיין באַנעמונג, האָב איך זיך אויסגע־דרייט צו אים און אַריינגעשריען אים אין אויער אַריין אַ וואָרט אָן שום זין, צוזאַמענגעפרעסט סאַמע אונטער זיין נאָז די פויסטן און אַוועק ווייטער, פאַרשטיינערט פון רציחה, וועלכע איך בין ניט געווען בכוח בייצוקומען. ער האָט אַ רוף געטאָן אַ פּאָליציאַנט און אין דעם מאָמענט האָב איך בעסער ניט געוואונטשן, ווי אַריינ־נעמען דעם פּאָליציאַנט אין מיינע הענט. איך האָב בכיוון פאַר־לאַנגזאַמט די טריט, כדי צו געבן אים אַ מעגלעכקייט מיך אָנצויאָגן, אָבער ער איז ניט געקומען. נ׳, איז כאָטש פאַרהאַן דער מינדסטער זין אין דעם, וואָס אַלע מיינע הייסטע און פלייסיקסטע פּרוּוון האָבן זיך ניט איינגעגעבן? פאַרוואָס האָב איך אָנגעשריבן 1848? וואָס פאַר אַ שייכות האָט צו מיר דער דאָזיקער פאַרשאָלטענער יאָר? איצט בין איך געגאַנגען און געווען אַזוי הונגעריק, אַז מיינע געדערים האָבן זיך אין מיר איבערגעדרייט אַזוי ווי ווערים. און וואו שטייט עס געשריבן, אַז ביז אָוונט וועט מיר געלינגען עפּעס אָפּצו־

עסן? און וואָס ווייטער די צייט איז געגאַנגען, אַלץ מער און מער בין איך פיזיש און גייסטיק אויסגעשעפּט געוואָרן. מיט יעדן טאָג האָב איך זיך אַראָפּגעלאָזט צו אַלץ ווייניקער ערלעכע מעשים. איך האָב געליגט אָן שום בושה, גענאַרט אָרעמע מענטשן מיט דירה־געלט, זיך אַפילו געראַנגלט מיט דעם נידערטרעכטיקסטן געדאַנק צו גנבענען אַ פרעמדע דעקע — און אַלץ אָן שום חרטה, אָן שום תשובה־געדאַנק. אויף מיין נשמה האָבן זיך באַוויזן פאַר־דאָרבענע פלעקן, שוואַרצע שוועמלעך האָבן זיך מער און מער אין מיר צעוואַקסן. און דאָרטן אין הימל איז געזעסן גאָט און ניט אַראָפּגענומען פון מיר דאָס וואַכיקע אויג און געזען, אַז מיין אונטערגאַנג זאָל פאָרקומען לויט אַלע געזעצן פון דער קונסט, גלייכמעסיק און לאַנגזאַם, ניט אַראָפּשלאָגנדיק זיך פון טאַקט. אָבער אין די תהומען פון גיהינום האָבן אַרומגעשמייעט די שדים און זיך געקאָכט פאַר אומגעדולד, וואָס דאָס געדויערט אַזוי לאַנג, וואָס איך האָב נאָך ניט געטאָן קיין גרויסן חטא, קיין אומפאַר־צייעלעכע עבירה, פאַר וועלכער גאָט און זיין גערעכטיקייט זאָל מיך אַראָפּשטויסן כ־הקל...

איך האָב פאַרגיכערט מיין טראָט, דערפירט אים צו דער גרעסטער שנעלקייט, פּלוצלונג זיך פאַרנומען אויף לינקס און אַן אויפגערעגטער, אַ בייזער, בין איך אַריינגעפאַלן אין אַ אויסגע־פוצטן, העל־באַלויכטענעם אַריינגאַנג; איך האָב זיך ניט אָפּגע־שטעלט, ניט פאַרהאַלטן זיך אַפילו אויף אַ רגע; אָבער די גאַנצע אייגנאַרטיקע באַפּוצונג האָט אין איין אויגנבליק אַריינגעדרונגען אין מיין באַוואוסטזיין, יעדע קלייניקייט אויף די טירן, די דעקאָ־ראַציעס, די דיל — אַלץ איז געשטאַנען פאַר מיינע אינערלעכע אויגן, בשעת איך בין געלאָפן אַרויף איבער די טרעפּ. אויפן ערשטן שטאָק, האָב איך שטאַרק אָנגעקלונגען. פאַרוואָס האָב איך זיך אָפּגעשטעלט גראָד אויפן ערשטן שטאָק? און פאַרוואָס האָב איך אָנגעכאַפּט גראָד דאָס גלעקל, וואָס איז געווען צום ווייטסטן פון די טרעפּ?

אַ יונגע דאַמע אין אַ גרוי קלייד, געפּוצט מיט שוואַרץ, איז אַרויס עפענען די טיר; אַ ווײַלע איז זי געשטאַנען און פאַרוואונ־

דערט אויף מיר געקוקט, דערנאָך האָט זי אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געזאָגט:

— היינט איז ניטאָ וואָס צו געבן — און געמאַכט אַ באַוועגונג צו פאַרמאַכן די טיר.

פאַרוואָס האָב איך אָנגעטראָפן גראָד אויף אָט דעם מענטשן? זי האָט מיך אָנגענומען פאַר אַ בעטלער, און איך בין פּלוצלונג געוואָרן קאַלטבלוטיק און רויִק. איך האָב אַראָפּגענומען דעם הוט און זיך העפלעך פאַרנייגט, גלייך ווי איך וואָלט אירע ווערטער ניט דערהערט, און האָב זייער איידל געזאָגט:

— איך בעט מיך אַנטשולדיקן, פרייליין, וואָס כ'האָב אַזוי שטאַרק אָנגעקלונגען, איך האָב ניט געקענט דאָס גלעקל. דאָ דאַרף וואוינען אַ קראַנקער, וואָס האָט געזוכט אַ מענטשן, אים צו פירן אין אַ שטול?

— ניין, — האָט זי ענדלעך געזאָגט — דאָ וואוינט ניט קיין שום קראַנקער הער.

— ניין? אַ באַיאָרנטער מאַן, צוויי שעה אין טאָג פירן אים, פערציק ערע אַ שעה?

— ניין.

— אויב אַזוי, בעט איך אייך נאָך אַ מאָל מיך אַנטשולדיקן, — האָב איך געזאָגט — ס'איז אַפּנים אויפן פּאַרטער. איך האָב נאָר געוואָלט רעקאָמענדירן איינעם אַ מענטשן, וואָס איך קען אים גראָד און אינטערעסיר זיך מיט אים. מיין נאָמען איז ווערעל יאַרלסבערג.

און איך האָב זיך ווידער פאַרנייגט און געמאַכט אַ טראָט אויף צוריק; די יונגע דאַמע איז רויט געוואָרן ווי פייער; פאַר גרויס פאַרלעגנהייט האָט זי זיך ניט געקענט אַריר טאָן פון אָרט, נאָר זי איז געשטאַנען און האָט מיר נאָכגעקוקט, ביז וואַנען איך בין אַראָפּ פון די טרעפּ.

מיין רויִקייט האָט זיך ווידער אומגעקערט צו מיר און מיין קאָפּ איז געווען קלאָר. דער דאַמעס ווערטער, אַז היינט איז ניטאָ וואָס צו געבן, האָט אויף מיר געווירקט ווי אַ קאַלטער דוש. איך האָלט שוין אַזוי ווייט, אַז יעדערער האָט געקענט אין געדאַנק

טייטלען אויף מיר און זאָגן צו זיך: אָט גייט אַ בעטלער, איינער פון די, וואָס מענטשן דערלאַנגען זיי עפּעס צו עסן דורך דער טיר!...

אויף מעלער-גאַס בין איך געבליבן שטיין ביי אַ גאָרקיך און געשמעקט דעם פרישן ריח פון פלייש, וואָס האָט זיך דאָרט געבראָטן; מיין האַנט האָט שוין אָנגענומען די קליאַמקע פון דער טיר און איך האָב געוואָלט שוין אַריין, אָן אַ שום איבערקלער, אָבער כ׳האָב זיך באַצייטנס נעכאַפּט און בין אַוועק. אַז איך בין געקומען צום סטאָרטאָר און געזוכט אַן אָרט אויף אָפּרוען אַ ביסל, זיינען אַלע בענק געווען פאַרנומען און אומזיסט בין איך אַרומ-געגאַנגען אַרום און אַרום דעם גאַנצן קלויסטער צו געפינען אַן ערטל, וואו איך זאָל זיך קענען צוזעצן. — אַוודאי! — האָב איך פאַראומערט צו זיך אַליין געזאָגט: — אַוודאי, אַוודאי! — און איך האָב זיך ווידער געלאָזט גיין. ביים ברונעם, אויפן ראָג מאַרק, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט, געגומען אַ זופּ וואַסער, ווידער אַוועק, שלעפּנדיק די פיס, לאַנג געשטאַנען ביי יעדן פענסטער, זיך אָפּגעשטעלט און באַגלייט מיט די אויגן יעדן פאַרבייפאָרנדיקן עקיפּאַזש. אין קאָפּ האָב איך געפילט אַ העלישן פייער און ס׳האָט שרעקלעך געהאַקט אין די שלייפן. דאָס אויסגעטרונקענע וואַסער האָט זייער שלעכט געווירקט, און אויפן וועג האָב איך עטלעכע מאָל געבראָכן. אַזוי-אַרום בין איך אָנגעקומען צום בית-עלמין. איך האָב זיך אַנידערגעזעצט, מיט די איילנבויגנס אין די קני און מיטן קאָפּ אין די הענט אָנגעשפּאַרט. אין דער דאָזיקער איינגעבויגענער לאַגע איז מיר געוואָרן בעסער און איך האָב מער ניט געפילט די נאָגעניש אין דער ברוסט.

אַ שטיינקריצער איז געלעגן לעבן מיר אויפן בויך איבער אַ גרויסער גראַניט-פּלאַטע און האָט אויסגעהאַקט אַן אויפשריפט; ער האָט געטראָגן בלויע ברילן און פּלוצלונג האָט ער מיר דער-מאָנט אָן איינעם אַ באַקאַנטן, וועלכן איך האָב כמעט שוין פאַר-געסן, איינעם אַ הער, וועלכער האָט געדינט אין אַ באַנק און וואָס איך האָב זיך עפּעס אַמאָל געטראָפן מיט אים אין אַ קאַפע-הויז.

ווען איך זאָל נאָר קענען גובר זיין דאָס געפיל פון בושה
און ווענדן זיך צו אים! דערציילן אים פשוט דעם גאַנצן אמת!
דערציילן, אַז עס גייט מיר איצט זייער שלעכט, אַז ס'איז מיר
געוואָרן ממש שווער אונטערצוהאַלטן דאָס לעבן! איך קען אים
אָפּגעבן מיין ראַזיר=אַבאָנעמענט... צו אַלדי טייוול מיין ראַזיר=
ביכל! כמעט פאַר אַ קראָן בילעטן נאָך! און איך טו זיך נער=
וועזיש אַ כאַפּ פאַר דעם דאָזיקן טייערן אוצר. נישט געפונען אים
אַזוי גיך, שפּרינג איך אויף, אַ שוויים באַשלאָגט מיך פאַר שרעק
און ענדלעך געפין איך עס טיף אין דער בוזעם=קעשענע צוזאַמען
מיט אַנדערע פּאַפּירלעך, ריינע און פאַרשריבענע, אָן שום ווערט.
איך צייל איבער עטלעכע מאָל די דאָזיקע זעקס בילעטלעך כסדר
און אויף צוריק. צו וואָס דאַרף איך זיי האָבן? — דאָס, וואָס
איך וויל זיך מער ניט ראַזירן, קען דאָך פאַררעכנט ווערן פאַר
מיינעם אַ קאַפּריז, אַ פאַנטאַזיע. איך קען אַלזאָ געהאָלפן ווערן
מיט אַ האַלבער קראָן, אַ ווייסער האַלבער קראָן פון קאָנגסבערגער
זילבער! די באַנק פאַרמאַכט זיך זעקס אַ זייגער, איך וואָלט גע=
קענט אָפּוואַרטן מיין באַקאַנטן ביים קאַפע אַ זייגער זיבן=אַכט.

איך בין געזעסן און אַ לאַנגע צייט זיך געפרייט פון דעם
דאָזיקן איינפאַל. די צייט איז געגאַנגען. דער ווינט אין די קאַ=
שטאַנענביימער האָט שטאַרק גערוישט אַרום מיר און דער טאָג
האָט זיך גענייגט צום אָוונט. צי דען איז דאָס ניט קיין דערנידע=
ריקונג צו קומען מיט זעקס ראַזיר=בילעטלעך צו אַ יונגנמאַ, וואָס
האָט אַ שטעלע אין אַ באַנק? טאָמער האָט ער גאָר גאַנצע צוויי
דיקע ראַזיר=ביכלעך, נאָך ריינערע און שענערע פון מיינע בילעט=
לעך, ווער קען דען וויסן? און איך האָב געזוכט איבער אַלע
קעשענעס, אפשר וועט זיך געפינען אַ זאַך, וואָס איך וואָלט גע=
קענט אָנבאָטן אַלס צוגאָב, אָבער איך האָב גאָרנישט געפונען. און
אפשר זאָל איך אים פאָרלייגן מיין שניפּס? איך וואָלט אויסגע=
צייכנט אויסגעקומען אָן אים, בלויז פעסטער פאַרשפּיליעט דאָס
רעקל, וואָס איך מוז סיי ווי סיי טאָן, ווייבאַלד איך האָב
ניט דאָס וועסטל. איך האָב אָפּגעבונדן דעם שניפּס, אַ גרויסער
אויסבינדער, וואָס האָט מיר צוגעדעקט אַ האַלבע ברוסט, פלייסיק

אים אויסגעריייניקט און צוזאַמען מיט דעם ראַזיר־ביכל אײַנגעפּאַקט אין אַ ווייסן שטיק שרייב־פּאַפּיר. דערנאָך האָב איך פֿאַרלאָזט דעם בית־עלמין און זיך אַראָפּגעלאָזט אין שטאָט.

אויפֿן ראָטהויז איז געווען זיבן אַ זייגער. איך האָב זיך געדרייט אַרום דעם קאַפֿעהויז, געבלאָנדזשעט הין און צוריק פֿאַזע דער אײַזערנער גראַטע און אויפֿמערקזאַם אַכטונג געגעבן אויף אַלעמען, ווער ס'איז אַרײַן און אַרויס פֿון דער טיר. ענדלעך, אַרום אַכט אַ זייגער האָב איך דערזען אַ יונגנמאַן, פֿריש און עלעגאַנט, וואָס איז געגאַנגען אַרויף גאַס צום קאַפֿע צו. מײַן האַרץ האָט אויפֿגעפֿלאַטערט ווי אַ קליין פֿייגעלע אין מײַן ברוסט, אַז איך האָב אים דערזען, און איך האָב זיך צו אים אַ לאָז געטאָן, אַפֿילו ניט באַגריסט.

— אַ האַלבע קראָן, אַלטער פֿרײַנד! — האָב איך געזאָגט מיט אַ פֿאַמיליערן טאָן — אָט האָט איר אַ משכון. — און איך האָב אים אַרײַנגערוקט אין האַנט דאָס פּעקל.

— איך האָב ניט — האָט ער געזאָגט: — גאָט איז מײַן עדות, אַז איך האָב גאָרנישט! — און ער האָט אויסגעקערט זײַן טײַסטער מיר אין די אויגן. — איך האָב אַ הוליע געטאָן נעכטן אין אָוונט און זיך אויסגעבײַטלט; גלייבט מיר, איך האָב ניט.

— נו, נו, קיין בייז ניט — האָב איך געענטפֿערט און געגלייבט אים אויפֿן וואָרט.

ער האָט דאָך קיין שום גרונד ניט געהאַט צו ליגן איבער אַזאַ קלייניקייט; מיר האָט זיך אַפֿילו אויסגעוויזן, אַז זײַנע בלויע אויגן זײַנען שיִר ניט פֿײַכט געוואָרן, ווען ער האָט געזוכט בײַ זיך אין די קעשענעס און גאָרנישט ניט געפֿונען. איך האָב זיך צוריקגעצויגן.

— אויב אַזוי, אַנטשולדיקט, איך בין פּשוט אין אַ קליינער פֿאַרלעגנהייט.

איך האָב שוין געהאַט אָפּגעגאַנגען אַ שטיק אַראָפּ, ווי ער האָט מיך אַ רוף געטאָן און דערמאָנט וועגן פּעקל.

— נעמט עס, נעמט עס! — האָב איך געזאָגט: — זאָל

עס אַייך וואויל באַקומען. דאָס איז אַ פּאָר קלייניקייטן, אַ נאַרישקייט — אומגעפער אַ גֿק, וואָס איך פאַרמאָג אויף דער ערד.

און איך בין געוואָרן געריירט פון מיינע אייגענע ווערטער, ווי האָבן אַזוי טרויעריק געקלונגען אין דעם אָוונטיקן בין־השמשות. און איך האָב אָנגעהויבן צו וויינען...

דער ווינט איז געוואָרן פרישער, וואָלקנס האָבן זיך ווילד געטראָגן איבערן הימל, און וואָס פינסטערער, אַלץ קילער און קעלטער איז געוואָרן. איך בין געגאַנגען איבער דער גאַס און געוויינט, געפילט צו זיך אַלץ מער און מער רחמנות און איבערגעחזרט נאָכאַנאַנד עטלעכע ווערטער, אַן אויסגעשריי, וואָס האָט ווידער אַרויסגערופן טרערן, ווען זיי פלעגן ווערן אויפהערן:

— גאָט מיינער, ווי מיר איז שלעכט! ווי מיר איז שלעכט!

ס'איז אַריבער אַ שעה, אַריבער אַזוי אומענדלעך לאַנגזאַם און פויל. אַ לאַנגע צייט בין איך אָפּגעווען אויף טאָרוו־גאַס, געזעסן אויף טרעפּ, באַהאַלטן זיך אין אַ טויער, ווען עמעצער פלעגט פאַרבייגיין, געשטאַנען און געקוקט תּמעוואַטע אין באַלויכטענע קראָמען, וואו ס'האָבן זיך אומגעדרייט מענטשן מיט געלט און סחורות; סוף־כּל־סוף האָב איך זיך אויסגעפונען אַ פאַרמאַכטן אָרט הינטער ברעטער צווישן קלויסטער און מאַרק.

ניין, היינט אָוונט האָב איך בשום אופן ניט געקענט גיין אין וואַלד. זאָל זיין, וואָס עס וויל, כ'האָב ניט געהאַט דערצו קיין כוחות און דער וועג איז אַזאַ אומענדלעך ווייטער. איך האָב געוואָלט איבערקומען די נאַכט ווי כ'האָב געקענט און פאַרבלייבן וואו איך בין געווען; אויב ס'וועט זיין גאָר קאַלט, קען איך אַ ביסל אומגיין ביים קלויסטער. איך האָב ניט געהאַט בדעה צו מאַכן דערפון אַ וועזן. און איך האָב אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף אַהינטער און באַלד אַיינגעדרעמלט.

דער טומל אַרום מיר האָט זיך ביסלעכווייז אַיינגעשטילט, די קראָמען האָבן זיך געשלאָסן, די טריט פון פאַרבייגייער האָבן אָפּגעהילכט אַלץ זעלטענער און זעלטענער און ס'איז פינסטער געוואָרן אין אַלע פענסטער...

איך האָב געעפנט די אויגן און דערזען פאַר זיך עפּעס אַ געשטאַלט; די בלאַנקעדיקע קנעפּ, וואָס האָבן געפינקלט פאַר מיינע אויגן, האָבן מיך געצוואונגען אין אים צו דערקענען אַ פּאָ־ליציאַנט. זיין פּנים האָב איך ניט געקענט זען.

— גוטן אָוונט! — האָט ער געזאָגט.

— גוטן אָוונט! — האָב איך געענטפערט און זיך דער־שראָקן. איך האָב זיך אויפגעהויבן אין פאַרלעגנהייט. אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען אומבאַוועגלעך.

— וואו וואוינט איר?

לויט דער אַלטער געוווינהייט און נישט לאַנג געטראַכט, האָב איך אָנגעגעבן מיין אַדרעס, דאָס קליינע בוידעם־צימער׳ל וואָס איך האָב פאַרלאָזן.

ער איז ווידער אַ ווײַלע געשטאַנען.

— איך האָב עפּעס געטאָן שלעכטס? — האָב איך גע־פרעגט דערשראָקן.

— ניין, ניין! — האָט ער געענטפערט — אָבער איר דאַרפט גיין אַ היים. דאָ איז קאַלט צו ליגן.

— יאָ, גאַנץ קאַלט.

און איך האָב אים געזאָגט אַ גוטע נאַכט און אינסטינקטיוו האָב איך זיך געלאָזט גיין צו מיין אַלטער דירה. איך זאָל זיך נאָר רירן פאָרזיכטיק, וואָלט איך זיכער זיך אַרויפגעכאַפּט אומ־באַמערקט; בסך־הכּל אַכט טרעפּ, און בלויז די אייבערשטע צוויי האָבן געסקריפּעט אונטער די פיס.

לעבן טויער האָב איך אַראָפּגענומען די שיך און בין אַריין. אומעטום איז געווען שטיל, פון אויבן האָב איך געהערט אַ לאַנג־זאַמען טיק־טאַק פון זייגער און אַ שוואַכן געוויין פון אַ קינד; דער־נאָך האָב איך גאָרנישט ניט געהערט. איך האָב געפונען מיין טיר, זי אונטערגעהויבן אויף די זאַוועסעס און ווי געוויינלעך געעפנט זי אָן אַ שליסל, אַריין אין צימער און ווידער אָן גערויש פאַרמאַכט די טיר.

אַלץ איז געווען, ווי איך האָב איבערגעלאָזט, די פאָרהענג־לעך אויפן פענסטער זיינען געווען אָפּגעשאַרצט און דאָס בעט איז

געשטאַנען ליידיק. אויפן טיש האָב איך באַמערקט אַ פּאַפּיר, ווייזט אויס, דאָס איז געווען מיין צעטל צו דער באַלעבאָסטע. זי איז אַפילו ניט געווען דאָ נאָך מיין אַוועקגיין. איך האָב אָנגעטאַפּט מיט דער האַנט דעם ווייסן פלעק און צו מיין גרויס פאַרוואונדערונג דערפילט, אַז דאָס איז אַ בריוו. אַ בריוו? איך טראָג אים צו צום פענסטער, איבערצולייענען אויף וויפיל עס לאָזט זיך אין דער פינסטער, די דאַזיקע געצוקטע אותיות און דערזע ענדלעך מיין נאָמען. „צהאַ! — טראַכט איך: — אַן ענטפער פון דער באַלעבאָסטע, אַ פאַרבאָט אַריינצוגיין אין צימער, ווען מיר זאָל איינפאַלן אומצוקערן זיך!"

און לאַנגזאַם, גאָר לאַנגזאַם גיי איך ווידער אַרויס פון צימער, די שיך אין איין האַנט, דער בריוו אין דער אַנדערער און די דעקע אונטערן אָרעם. איך שטעל זיך אויף די שפּיץ פינגער, פרעס צוזאַמען די ציין אויף די סקריפּענדיקע טרעפּלעך, קום זיי אַריבער בשלום אינגאַנצן און שטיי ווידער אין טויער.

איך טו אָן ווידער אַמאָל די שיך, עסק זיך לאַנג מיט די שנירלעך און נאָכדעם ווי איך האָב זיי ענדלעך פאַרבונדן, בלייב איך אַפילו אַ רגע זיצן, קוק פאַראויס אָן שום געדאַנק און האַלט אין האַנט דעם בריוו.

דערנאָך שטיי איך אויף און גיי אַוועק.

די צאַנקענדיקע שיין פון לאַמטערן לייכט אין גאַס, איך גיי צו דער שיין, הייב אויף מיין פעקל צום לאַמטערן-סלופ, עפן אויף דעם בריוו — אַלץ זייער לאַנגזאַם.

ווי אַ שטראָם פון ליכט נעמט אַדורך מיין ברוסט, און איך הער, ווי איך גיב אַ שוואַכן געשריי, אַ זינלאָזן קול פון פרייד. דער בריוו איז פון דעם רעדאַקטאָר, מיין פעליעטאָן איז אָנגענומען, גייט גלייך אַוועק אין זעצעריי, תיכף-ומיד! „עטלעכע קליינע ענדערונגען... אַ פּאָר אָרטאָגראַפישע גרייזן... טאַלאַנטפול אָנגעשריבן... ווערט מאָרגן אָפּגעדרוקט... צען קראָן".

איך האָב געלאַכט און געוויינט, זיך געלאָזט לויפן איבער גאַס, געבליבן שטיין און אַנידערגעפאַלן אויף די קני און הויך

איפֿן קול זיך ביטער אויסגעווידלט גלאַט אין דער וועלט אַריין.
און די צייט איז געגאַנגען.

די גאַנצע נאַכט ביזן טאָג אַריין, פֿאַרדולד פֿון פֿרייד, האָב איך זיך געבלאָנקעט איבער די גאַסן און געחזרט נאָכאַנאַנד: — טאַלאַנטפֿול אָנגעשריבן, הייסט עס, אַ קליין מייסטערווערקל, אַ געניאַלע זאַך, און צען קראָן!

---

# צווייטער טייל

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום אין איינעם אַן אָוונט האָב איך זיך ווידער געפֿונען אין דרויסן.

איך בין ווידער געזעסן אויף אַ בית־עולם און געשריבן אַן אַרטיקל פֿאַר עפּעס אַ צייטונג; ביז וואַנען איך האָב געאַרבעט אויף דעם, איז דער זייגער געוואָרן צען, כ׳איז געוואָרן פֿינסטער און מ׳האָט שוין געדאַרפֿט פֿאַרמאַכן די טויערן. איך בין געווען הונגעריק, זייער הונגעריק. די צען קראָן זיינען צום באַדויערן צו גיך אַוועק; איך האָב שוין ניט געהאַט געגעסן צוויי, באַלד דריי מעת־לעת און געשפּירט אַ שוואַכקייט. מיר איז געווען אַ ביסל שווער צו פֿירן מיטן בלייפֿעדער. אין קעשענע האָב איך געהאַט אַ צעבראָכן מעסערל און אַ בינטל שליסלען, אָבער קיין גראָשן געלט.

אַזוי ווי די טויערן פֿון בית־עולם האָבן זיך געשלאָסן, האָב איך אייגנטלעך באַדאַרפֿט גיין אַהיים; אָבער אויס אינסטינקטיווער מורא פֿאַר מיין צימער, וואו אַלץ איז געווען וויסט און פֿינסטער, אָט פֿאַר דער דאָזיקער פֿאַרלאָזטער בלעכעריי, וואו מ׳האָט מיר סוף־כּל־סוף דערלויבט אויפֿצוהאַלטן זיך, האָב איך אַוועקגע־בלאָנדזשעט ווייטער, וואוהין די אויגן האָבן מיך געטראָגן, פֿאַרביי ראָטהויז, צום ים און ווייטער צו דער באַנק ביי דעם אייזנבאַן־האַפֿן און זיך דאָרט צוגעזעצט.

אין דעם מאָמענט האָב איך ניט געהאַט קיין איינציקע שוואַרצע מחשבה און דער אָנבליק פֿון ים, וואָס האָט זיך מנוחה־דיק און הערלעך געשפּרייט אין דער האַלבטונקלקייט, האָט מיך באַרויקט. לויט דער אַלטער געוווינהייט האָב איך זיך געוואָלט

אָנטאָן דעם פאַרגעניגן איבערצולייענען דעם נאָר=וואָס אָנגעשריבענעם פראַגמענט, וואָס דעם קראַנקן מוח מיינעם איז פאָרגעקומען, אַז ס׳איז דאָס בעסטע, וואָס איך האָב ווען=עס=איז געשריבן. איך האָב אַרויסגענומען פון קעשענע דעם מאַנוסקריפט, צוגעטראָגן אים סאַמע צו די אויגן, כדי בעסער צו זען, און דורכגעלייענט אַ ווייטל נאָך אַ ווייטל. ענדלעך בין איך געוואָרן מיד און באַהאַלטן די פאַפירן אין קעשענע. אַל׳ץ איז געווען שטיל. דער ים האָט זיך געשפרייט ווי אַ בלויער פערלמוטער און די פייגעלעך זיינען אָן גערויש פאַרבייגעפלויגן פון איין אָרט אויף דעם אַנדערן. עטוואָס אָן אַ זייט האָט פאַטרולירט אַ פאָליציאַנט און מער האָט מען קיין נפש ניט געזען און דער גאַנצער האַפן איז געווען שטום.

איך צייל ווידער מיין פאַרמעגן; אַ צעבראָכן טאַשנמעסערל און אַ בינטל שליסלען; אָבער קיין גראָשן געלט. פלוצלונג כאַפ איך זיך פאַר דער קעשענע און שלעפ ווידער אַרויס די פאַפירן. דאָס איז געווען אַ מעכאַנישע באַוועגונג, אַ אומבאַוואוסטזיניקער נערוונצוק. איך קלייב אויס אַ ווייס ניט פאַרשריבן בלעטל און — גאָט ווייס, ווי אַזוי מיר איז עס איינגעפאַלן — עס צונויפגעדרייט אין אַ שקאַרמיצל, פאַרמאַכט עס אַזוי פאָרזיכטיק, אַז ס׳האָט אויסגעזען ווי פול, און אַ שליידער געטאָן עס ווייט אויפן ברוק; דער ווינט האָט עס אַוועקגעטראָגן נאָך ווייטער, דערנאָך איז עס געבליבן ליגן.

איצט האָט דער הונגער מיך אָנגעהויבן צו פלאָגן. איך בין געזעסן און געקוקט אויף דעם ווייסן שקאַרמיצל, וואָס איז געווען ווי אָנגעבלאָזן פון ווייסע זילבערנע מטבעות און האָט מיך אַליין געניייגט צו גלייבן, אַז עס איז טאַקע מיט עפעס געווען אָנגעפילט. איך האָב טריומפירט און זיך איינגערעדט צו טרעפן די סומע, — אויב איך טרעף ריכטיק — געהערט עס צו מיר! איך האָב זיך פאָרגעשטעלט די קליינע ליבע צען=ערעדיקע מטבעלעך פון אונטן און די פעטע גענאָסענע קראָנען פון אויבן — אַ גאַנצער שקאַרמוץ פול געפאַקט מיט געלט! איך בין געזעסן מיט אויסגעגלאָצטע אויגן און געקוקט אויף דעם און איינגערעדט זיך גיין און עס אַוועקגנבענען.

און אָט הער איך אַ הוסט פון דעם פּאָליציאַנט — און ווי אַזוי איז עס מיר אײַנגעפאַלן אים נאָכצוטאָן דאָס זעלבע? איך הייב זיך אויף פון באַנק און הוסט און חזר דאָס איבער דריי מאָל, ער זאָל דערהערן. ווי וועט ער זיך דאָס ניט אַ וואָרף טאָן צו דעם שקאַרמיצל, אַז ער וועט צוגיין? איך בין געזעסן און זיך געפרייט פון דעם דאָזיקן שפּיצל, געריבן די הענט פאַר אַנטציקונג און זיך גערדלט אויף וואָס די וועלט שטייט. ער וועט האָבן וואָס צו האַלטן, דער הונט! אויפן העלישן פייער וועט ער ברענען פאַר אַזעלכע שטיק! איך בין געווען שיכור פאַר הונגער, דער הונגער האָט מיך באַרוישט.

אין אַ ווײַלע אַרום קומט דער פּאָליציאַנט, קלאַפּנדיק מיט זײַנע אײַזערנע קנאַפּל איבערן ברוק און קוקנדיק אויף אַלע זײַטן. ער אײַלט זיך ניט, ער האָט נאָך די גאַנצע נאַכט פאַראויס; ער באַמערקט ניט דאָס שקאַרמיצל, ביז וואַנען ער גייט ניט צו גאָר נאָענט. און אָט בלייבט ער שטיין און קוקט אויף דעם. דאָס, וואָס עס ליגט דאָרטן, זעט אויס אַזוי ווייס, אַזוי ווערטפול, דאָ ליגט אפשר אַ קליינע סומע, וואָס? אַ קליינע סומע זילבערן געלט?... און אָט הייבט ער עס אויף. הם! עס איז לייכט, דאָס איז זייער לייכט. אפשר אַ טייערע פעדער, אַ פּוצונג צו היט... און מיט זײַנע גרויסע הענט עפנט ער פאָרזיכטיק דאָס שקאַרמיצל און קוקט אַרײַן אין אים. איך האָב געקייכט פאַר געלעכטער, געקייכט און זיך געקלאַפּט איבער די קני, געלאַכט ווי אַ משוגענער. אָבער קיין שום קלאַנג האָט זיך ניט אַרויסגעריסן פון מײַן האַלז; מײַן געלעכטער איז געווען אַ שטומער, אַ פאַרבאָרגענער, אַן אינערלעכער, ווי אַ געוויין...

דערנאָך דערהערט זיך ווידער דאָס קלאַפּן איבערן ברוק — און דער פּאָליציאַנט לאָזט זיך גיין ווייטער איבערן באַנבריק. איך בין געזעסן מיט טרערן אין די אויגן און זיך געשטיקט, אויסער זיך פאַר פיבערדיקער פריילעכקייט. איך האָב גענומען ריידן אויפן קול, דערציילן זיך אַליין וועגן שקאַרמיצל, נאָכגעקרימט די באַוועגונגען פון דעם אָרעמען פּאָליציאַנט, אַרײַנגעקוקט צו זיך אין הויפן אַרײַן און ווידער איבערגעחזרט פאַר זיך: —

„ער האָט אַ הוסט געטאָן, בשעת ער האָט עס אַוועקגעוואָרפן!
ער האָט אַ הוסט געטאָן, בשעת ער האָט עס אַוועקגעוואָרפן!"
צו די דאָזיקע ווערטער האָב איך נאָך צוגעגעבן נייע, באַפּוצט זיי מיט אַ אויפרייצנדיקן סוף, איבערגעדרייט די גאַנצע פראַזע און זי פאַרשפּיצט: „ער האָט איינמאָל אַ הוסט געטאָן — קכע-כע!"

איך האָב זיך פאַרמאַטערט, קאָמבינירנדיק די דאָזיקע ווערטער און ס'איז שוין געוואָרן שפּעט אינאָוונט, ווען מיין פרייליכקייט איז אויסגעשעפּט געוואָרן, און מיך האָט באַהערשט אַ שלעפעריקע רויִקייט, אַן איינגענעמע מאַטקייט, וועלכער איך האָב זיך ניט אַנטקעגנגעשטעלט. די פינסטערניש איז געוואָרן געדיכטער, ס'האָט אַ בלאָז געטאָן אַ לייכט ווינטל און אַ רונצל געטאָן דעם פערלמוטער פון 'ים. די שיפן, וואָס זייערע מאַסטבּיימער האָבן דערלאַנגט ביז צום הימל, האָבן מיט זייערע שוואַרצע סקעלעטן אויסגעזען ווי שטומע אויפגעשפּיצטע מאָנסטערס, וואָס האָבן געלוגט אויף מיר פון זייער באַהעלטעניש. איך האָב ניט געשפּירט דעם מינדסטן ווייטאָג, מיין הונגער האָט אים פאַרטעמפּט; אָנשטאָט דעם האָב איך געפילט אַן איינגענעמע פוסטקייט, אַן אָפּגעריסנקייט פון דער אַרומיקער וועלט און אַ פרייד, וואָס קיינער זעט מיך ניט. איך האָב אַוועקגעלייגט די פיס אויף דער באַנק און זיך אָנגעלענט אַהינטער און אין דער דאָזיקער לאַגע האָב איך צום בעסטן געקענט זיך דורכדרינגען מיט דעם גאַנצן תענוג פון התבודדות. קיין פיצל וואָלקנדל איז ניט געווען אויף מיין געמיט, קיין מינדסטע אומאיינגענעמע שפּירונג, פונקט ווי ס'איז ניט געווען אין מיר קיין שום אומבאַפרידיקטע באַדערפעניש אָדער פאַרלאַנג, אויף וויפיל מיין געדאַנק האָט געקענט גרייכן. איך בין געלעגן מיט אָפענע אויגן אין דעם צושטאַנד פון ביטול הַיֵש און זיך געפילט הערלעך דערווייטערט.

קיין איינציקער קלאַנג האָט מיר ניט געשטערט; די מילדע טונקלקייט האָט באַהאַלטן פון מיינע אויגן די גאַנצע וועלט און מיך באַגראָבן דאָ אין אומגעשטערטער רו — בלויז דער ווּיסטער גערויש פון דער שטילקייט שטומט מאָנאָטאָן אין מיינע אויערן, און די דאָזיקע פינסטערע מאָנסטערס וועלן מיר איינשלינגען, אַז

ס׳וועט אָנקומען די נאַכט, און זיי וועלן מיך פאַרטראָגן ווייט איבערן ים און איבער פרעמדע לענדער, וואו ס׳איז ניטאָ קיין מענטשן. און זיי וועלן מיך ברענגען צום פּאַלאַץ פון דער פּרינצעסין אילאַיאַלי, וואו עס וואַרט אויף מיר אַן אומגעהייערע הערלעכקייט, וועלכע שטייגט איבער יעדע מענטשלעכע עשירות. און זי אַליין וועט זיצן אין לייכטנדיקן זאַל, וואו אַלץ איז פון לויטער אַמעטיסט, אויף אַ טראָן פון געלע רויזן, און וועט מיר אויסשטרעקן די האַנט, אַז איך וועל אַריין, וועט מיך באַגריסן הויך אויפן קול, אַז איך וועל צוגיין נאָענט און אַראָפּלאָזן זיך אויף די קני: „זיי געגריסט, ריטער, ביי מיר און אין מיין לאַנד! איך האָב געוואַרט אויף דיר צוואַנציק יאָר, אין אַלע ליכטיקע נעכט האָב איך דיך גערופן, און אַז דו האָסט געליטן, האָב איך דאָ געוויינט, און אַז דו האָסט געשלאָפן, האָב איך דיר אָנגעוויזט וואונדערלעכע חלומות!..״

און די שיינע נעמט מיך פאַר דער האַנט און באַגלייט מיך, פירט מיך איבער די לאַנגע קאָרידאָרן, וואו גרויסע מחנות מענטשן שרייען „הוראַ״, דורך ליכטיקע סעדער, וואו עס שפּילן און לאַכן דריי הונדערט יונגע מיידלעך, אין אַן אַנדער זאַל, וואו אַלץ איז פון שטראַלנדיקן שמאַראַגד. די זון פלייצט אַריין, פון די גאַלעריען טראָגט זיך אַ זיסער געזאַנג, שטראָמען דופט ווייען אויף מיר. איך האַלט איר האַנט אין מיינער און פיל, ווי עס דרינגט אין מיין בלוט אַריין די ווילדע פּראַכט פון כישוף; איך נעם זי אַרום מיט דער האַנט און זי פליסטערט: — „ניט דאָ, קום ווייטער!״ און מיר גייען אַריין אין אַ רויטן זאַל, וואו אַלץ איז פון רובינען — אַ פינקלדיקע פּראַכט — און איך ווער פאַרזונקען. און אָט פיל איך, ווי זי נעמט מיך אַרום, זי אָטעמט מיר אין פּנים, פליסטערט: „זיי געגריסט, געליבטער! קוש מיך! נאָך... נאָך...״

איך זע פון מיין באַנק די שטערן פאַר די אויגן און מיין געדאַנק פלעכט זיך אַריין אין זייער ליכט...

דער פּאָליציאַנט האָט מיך אויפגעוועקט. אויפגעוועקט ווידעראַמאָל צו לעבן און צו נויט. מיין ערשט געפיל איז געוועזן אַ טעמפּע ערשטוינונג, וואָס איך געפין זיך אונטער אַן אָפענעם

הימל, באַלד אָבער איז עס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ביטערן אומעט; איך האָב שיר נישט געוויינט פאַר צער, וואָס איך לעב נאָך. בשעת איך האָב געשלאָפן, איז געגאַנגען אַ רעגן, מיינע קליידער זיינען דורכגענעצט געוואָרן און איך האָב געשפּירט אַ שאַרפע קעלט אין אַלע גלידער. די טונקלקייט איז געדיכטער געוואָרן און איך האָב קוים געקענט זען דעם פּאָליציאַנטס פּנים.

— נו שוין — האָט ער געזאָגט, — איצט מוזט איר שוין אויפשטיין!

איך בין גלייך אויפגעשטאַנען; ווען ער וואָלט מיר באַפוילן ווידער לייגן זיך, וואָלט איך אים אויך געפאָלגט. איך בין געווען זייער נידערגעשלאָגן און מאַכטלאָז, דערצו נאָך האָב איך באַלד אָנגעהויבן ווידער צו שפּירן דעם הונגער.

— וואַרט אויף, גולם איינער! — האָט דער פּאָליציאַנט מיר נאָכגעשריען. — איר האָט דאָך פאַרגעסן דעם הוט. נו, שוין, איצט קענט איר גיין!

— מיר האָט זיך אויך געדאַכט, אַז איך... אַז איך האָב עפּעס פאַרגעסן, — האָב איך צעשטרייט געמורמלט — אַ דאַנק, אַ גוטע נאַכט.

און איך האָב אַוועקגעוואַקלט ווייטער.

ווען אַ מענטש האָט עס איצט אַ שטיקעלע ברויט! אַ וואויל שטיקל שוואַרצן ברויט, וואָס מ'זאָל עס קענען קייען, אומגייענדיק איבער די גאַסן! און איך בין געגאַנגען און געטראַכט פון אַ באַזונדערן סאָרט שוואַרץ ברויט. איך האָט ביטער געהונגערט, געבעטן אויף זיך דעם טויט, אַריינגעפאַלן אין סאַנטימענטאַלקייט און געוויינט. מיינע יסורים האָבן ניט געהאַט קיין ברעג! פּלוצלונג בין איך געבליבן שטיין אינמיטן גאַס, געטופּעט מיט די פיס אָן ברוק און געשאָלטן אויפן קול. — „ווי אַזוי האָט ער מיך אָנגערופן? גולם? איך וועל אים ווייזן, ווי אַזוי מיך אָנצורופן גולם!" און איך האָב זיך אומגעקערט און זיך געלאָזט לויפן צוריק. איך האָב געפלאַמט פאַר כעס. אינמיטן גאַס בין איך געשטרויכלט געוואָרן און געפאַלן, אָבער עס גאָרניט גענומען אין אַכט, אויפגעהויבן זיך און געלאָפן ווייטער. ביים וואָקזאַל=פּלאַץ

בין איך שוין געווען אַזוי פאַרמאַטערט, אַז איך האָב שוין ניט געהאַט קיין כּוח צו לויפן ביז צום האַפן; אַחוצדעם איז מיר בשעתן לויפן דער כּעס אָפּגעגאַנגען. ענדלעך בין איך געבליבן שטיין און אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם. און וואָס מאַכט עס אויס, וואָס עפּעס אַ פּאָליציאַנט האָט דאָרטן געזאָגט.

— יאָ, אָבער איך קען דאָך אים ניט אַלץ דערלויבן! — האָב איך זיך אַליין איבערגעשלאָגן; איבעריקנס, ניטאָ אויף וועמען פאַריבל צו האָבן!... און די דאָזיקע אַנטשולדיקונג האָט מיך צופרידנגעשטעלט, איך האָב איבערגעחזרט פאַר זיך, אַז ניטאָ אויף וועמען צו האָבן פאַריבל, און האָב זיך ווידער אומגעקערט צוריק.

„גאָט מיינער, ווי קען עס דיר אײַנפאַלן, — האָב איך געטראַכט מיט פאַרביטערונג — לויפן ווי אַ משוגענער איבער די נאַסע גאַסן אין אַ פינסטערער נאַכט". דער הונגער האָט מיך געמאַטערט ניט אַריבערצוטראָגן און האָט מיך ניט געלאָזט רוען. איך האָב ווידער און ווידער געשלונגען די שפּייע, כּדי אַזוי־אַרום אַ ביסל אים צו שטילן, און ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס העלפט.

איך האָב ניט דערעסן אין משך פון עטלעכע וואָכן, איידער איך בין געקומען צו אַזאַ צושטאַנד, און פאַר דער לעצטער צייט זיינען מיינע כּוחות שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן. אַז מיר פלעגט געלינגען, אויף דעם אָדער יענעם אופן, צו קריגן אַ פינף קראָן, פלעגט מיר דאָס געלט ניט קלעקן אויף אַזוי פיל צייט, איך זאָל קענען קומען צו זיך אײַנגאַנצן, ביז אַ נייעם הונגער־פעריאָד. ערגער פאַר אַלץ איז געווען מיט מיין רוקן און מיינע אַקסלען; דעם לייכטן ווייטאָג אין ברוסט האָב איך נאָך געקענט אָפּהאַלטן אויף אַ ווײַלע, איך האָב באַדאַרפט בלויז שטאַרקער אַ הוסט טאָן אָדער אויסשטרעקן די ברוסט פאָראויס; אָבער צום רוקן און די אַקסלען האָב איך ניט געהאַט קיין סגולה. פאַרוואָס האָט צו מיין פינסטערן מזל ניט גענומען קיין סוף? צי דען האָב איך ווייניקער רעכט אויף לעבן, ווי דער אַנטיקוואַר פּאַשאַ, למשל, אָדער דער שיפס־אַגענט הענעכען? צי דען האָב איך ניט געהאַט קיין געווונטע פּלייצעס און אַ פּאָר שטאַרקע הענט צו דער אַרבעט, און צי דען האָב איך ניט געזוכט קיין אָרט פון אַ האָלצהעקער

אויף דער מעלערגאַס, צו פאַרדינען מיין דאַר שטיקל ברויט? צי דען בין איך געווען פויל? האָב איך דען ניט געזוכט קיין שטעלע, ניט געלייענט קיין מודעות, ניט געשריבן קיין אַרטיקלען, ניט געאַרבעט טאָג און נאַכט ווי אַ משוגענער? צי דען האָב איך ניט געלעבט ווי אַ קמצן, שפּייזנדיק זיך מיט ברויט און מילך, בשעת איך האָב פאַרמאָגט אַ סך, מיט טרוקן ברויט — ווען איך האָב פאַרמאָגט ווייניק, און הונגערנדיק — אַז איך האָב גאָרנישט ניט געהאַט? צי דען האָב איך געוואוינט אין אַ האָטעל, פאַרנומען עטלעכע צימערן אויפן ערשטן שטאָק? איך האָב געלעבט אין אַ בוידעם-שטיבל, אין אַ פאַרלאָזענער בלעכעריי, פון וואַנען עס איז אַנטלאָפן פאַרן לעצטן ווינטער יעדע לעבעדיקע בריאה, וואָרעם דער שנייַ פלעגט עס פאַרשיטן. איך האָב עס בשום אופן ניט געקענט פאַרשטיין.

איך בין געגאַנגען און געטראַכט וועגן דעם אַלעם און אין מיינע געדאַנקען איז ניט געווען קיין פונק פון פאַרביטערונג, פון קנאה און שנאה.

איך בין געבליבן שטיין ביי אַ פאַרב-געשעפט און געקוקט אין פענסטער; איך האָב געפּרוווט איבערלייענען די אויפשריפטן אויף די הערמעטיש פאַרמאַכטע פּושקעס, נאָר ס'איז געווען צו טונקל. אויפגערעגט אויף זיך אַליין פאַר דעם דאָזיקן נייעם דורכפאַל, געררייצט און דערצערנט, וואָס איך קען ניט באַשטימען דעם אינהאַלט פון די דאָזיקע פּושקעס, האָב איך אַ קלאַפּ געטאָן איינמאָל אין פענסטער און אַוועק ווייטער. העכער אַרויפצו האָב איך דערזען אַ פּאָליציאַנט און פאַרגיכערט מיינע טריט, האָרט צו אים צוגעגאַנגען און געזאָגט אַזוי אין דער וועלט אַריין:

— שוין צען אַ זייגער.

— ניין, צוויי אַ זייגער — האָט ער געענטפערט פאַרוואונדערט.

— ניין, צען — האָב איך געזאָגט — איצט איז צען אַ זייגער. — און קריצנדיק מיט די ציין פאַר כעס, האָב איך געמאַכט נאָך צוויי טריט פאָראויס, צונויפגעדריקט די פויסטן און געזאָגט:

— הערט, זייט ווויסן, אַז איצט איז צען אַ זייגער!

ער איז געשטאַנען און אַ ווײַלע זיך באַטראַכט, זיך אײַנגעקוקט אין מײַן פּערזאָן, ניט אַראָפּנעמענדיק פון מיר די איבערראַשטע בליקן. לסוף האָט ער גאָר שטיל געזאָגט:

— אַלנפאַלס איז אײַך צײַט צו גיין אַהיים. ווילט איר, איך זאָל אײַך באַגלייטן?

— ניין, אַ דאַנק. איך האָב זיך אַ ביסל פאַרזעסן אין קאַפּעהויז. איך דאַנק אײַך זייער.

ער האָט צוגעלייגט די האַנט צום דאַשעק, בשעת איך בין אַוועקגעגאַנגען. זײַן פרײַנדלעכקייט האָט מיך אינגאַנצן אַנטוואָפנט און איך האָב געוויינט, וואָס איך האָב ניט געהאַט קיין פינף קראָן צו געבן אים. איך בין געבליבן שטיין און נעקוקט, ווי ער איז לאַנגזאַם געגאַנגען זײַן וועג און געקלאַפּט זיך איבערן שטערן און וואָס מער ער האָט זיך דערווײַטערט — אַלץ שטאַרקער האָב איך געוויינט. איך האָב געשאָלטן זיך און מײַן דלות, זיך אויסגערופן וואָס אין קאָרט שטייט, אויסגעטראַכט אויף זיך די ערנסטע צונעמענישן, גרויסאַרטיקע המצאות פון זידלווערטער, מיט וועלכע איך האָב זיך אַליין פאַרשאָטן. דערמיט בין איך געווען פאַרנומען כמעט ביזן שטוב. צוגעגאַנגען צו דער טיר, האָב איך זיך נעכאַפּט, אַז איך האָב פאַרלאָרן מײַנע שליסלען.

„נו, אַוודאי! — האָב איר ביטער געזאָגט צו זיך אַליין: — פאַרוואָס זאָל איך ניט פאַרלירן די שליסלען? איך וואוין אויף אַ הויף מיט אַ פערדנשטאַל אונטן און מיט אַ בלעכערײַ אויבן; דער טויער ווערט בײַנאַכט געשלאָסן און קיינער, קיינער קען אים ניט עפענען — פאַרוואָס זאָל איך ניט פאַרלירן די שליסלען? איך בין דורכגענעצט ווי אַ הונט, אַ ביסל הונגעריק, אַ קליין ביסל הונגעריק און איך שפּיר אַ קליינע מידקייט אין די קני, פאַרוואָס זאָל איך ניט פאַרלירן מײַנע שליסלען? פאַרוואָס האָט טאַקע דאָס גאַנצע הויז ניט געטאָרט זיך צעפאָרן, ווען איך דאַרף אַרײַנקומען?... און איך האָב פאַר זיך געלאַכט, פאַרצווייפלט פון הונגער און שלימזל.

איך האָב געהערט דאָס טראַמפּלען פון פערד אין שטאַל און געקענט זען מײַן פענסטערל פון אויבן; אָבער דעם טויער

האָב איך ניט געקענט עפענען און ניט געקענט אַריין. אַ מידער און אַ פאַרביטערטער, האָב איך באַשלאָסן אומצוקערן זיך צום האַפן און אַ זוך טאָן מיינע שליסלען.

עס האָט ווידער אָנגעהויבן צו רעגנענען און איך האָב גע- פילט, ווי דאָס וואַסער איז מיר אַריינגערונען אין קאָלנער אַריין. לעבן ראַטהויז איז מיר איינגעפאַלן אַן אומגעריכטער געדאַנק: איך האָב באַשלאָסן צו בעטן די פאָליציי עפענען מיר דעם טויער. איך האָב זיך געווענדט צו אַ פאָליציאַנט און צודרינגלעך געבעטן אים מיטגיין מיט מיר און אָפשליסן דעם טויער, אויב ער קען.

יאָ, אויב ער וואָלט געקענט, פאַרוואָס ניט! אָבער ער האָט ניט געקענט, ער האָט ניט געהאַט קיין שליסלען. די פאָליציי- שליסלען זיינען ניט ביי אים, זיי זיינען אין דער דעדעקטיוו-אָפטיילונג.

וואָס זאָל איך דאָ טאָן?

יאָ, מיר וועט אויסקומען איבערצונעכטיקן אין אַ האָטעל.

יאָ, אָבער איך האָב באמת ניט געקענט נעכטיקן אין אַ האָ- טעל; איך האָב ניט געהאַט קיין געלט. איך בין אַוועק פון דער היים אין קאַפע אַריין, ער פאַרשטייט דאָך אַליין...

אַ ווײַלע זיינען מיר געשטאַנען אויפן טרעפ פון ראַטהויז. ער האָט זיך געיישובט, צעריינגעקלערט, באַטראַכט מיין פערזאָן פון קאָפּ ביז די פיס. דער רעגן האָט געגאָסן ווי פון אַ צאַפּן.

— וועט איר מוזן צוגיין אין צירקל צום דעזשורמאַן און זיך מעלדן אַלס היימלאָזער, — האָט ער געזאָגט.

אַלס היימלאָזער? וועגן דעם האָב איך ניט אַ טראַכט גע- טאָן אַפילו. יאָ, צום טייוול, אַ גלענצנדער איינפאַל! — און איך האָב גלייך באַדאַנקט דעם פאָליציאַנט פאַרן אויסגעצייכנטן געדאַנק. אַלזאָ קען איך גאָר פשוט אַריין און זאָגן, אַז איך האָב ניט קיין נאַכטלעגער?

— גאָר פשוט!..

— אייער נאָמען? — האָט דער דעזשורמאַן געפרעגט.

— טאַנגען. — אַנדרעאַס טאַנגען.

איך האָב אַליין ניט געוואוסט, פאַרוואָס האָב איך געליגט. מיין אָפּגעריסענער געדאַנק איז געשפּרונגען הין און צוריק און איז

געווען ערפינדערישער, ווי איך האָב עס באַדאַרפט; אין איין הרף=
עין האָב איך אויסגעטראַכט דעם דאָזיקן ווילד=פרעמדן נאָמען און
אַ בראָק געטאָן אים אָן אַ שום קלער. איך האָב געלייגט אָן שום
נויט.

— באַשעפטיקונג?

דאָס וואָלט געהייסן אַרויסטרייבן מיך אויף דער גאַס. הם!
לכתחילה האָב איך זיך געוואָלט אָנגעבן פאַר אַ בלעכער, אָבער
כ'האָב ניט געוואַגט; איך האָב זיך אָנגערופן מיט אַ פאַמיליע=נאָ=
מען, וואָס ניט יעדער בלעכער איז זוכה צו טראָגן, דערצו נאָך
האָב איך געהאַט ברילן אויף דער נאָז. דאַן האָב איך באַשלאָסן
פרעך צו זיין — איך האָב געמאַכט אַ שריט פאָראויס און פעסט
און פייערלעך געזאָגט:

— זשורנאַליסט.

דער דעזשורמאַן האָט ווי אַ ציטער געטאָן, איידער ער האָט
דאָס פאַרשריבן, און איך בין מיט ווערדע געשטאַנען פאַר דעם
ביוראָ ווי אַ שטאַטסראַט, וואָס האָט ניט קיין נאַכטלעגער. דאָס
האָט ניט דערוועקט דעם מינדסטן חשד; דער דעזשורמאַן האָט
לייכט געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס איך האָב אַזוי געצויגן מיטן
ענטפער. נו, ווי האָט עס טאַקע אויסגעזען: אַ זשורנאַליסט אין
ראָטהויז אָן אַ נאַכטלעגער!

— אין וואָס פאַר אַ צייטונג, ה' טאַנגען?

— אין „מאָרגנבלאַט" — האָב איך געזאָגט — איך האָב
לײדער היינט אין אָוונט אַ ביסעלע אַ בומל געטאָן.

— אַך, עס לוינט זיך וועגן דעם ניט צו ריידן — האָט ער
מיר איבערגעשלאָגן. און, שמייכלענדיק צוגעגעבן: — אַז יונגעלייט
כאַפּן זיך אַרויס פון שטוב... מיר פאַרשטייען. — ער האָט זיך
אויפגעהויבן, זיך העפלעך פאַרנייגט פאַר מיר און ווענדנדיק זיך
צו אַ פּאָליציאַנט, געזאָגט: — פירט אַרויף דעם הער אין רעזערוו=
אָפּטיילונג. אַ גוטע נאַכט!

איך האָב געפילט אַ קעלט אין רוקן פון מיין אייזענער
דרייסטקייט און אַוועקגייענדיק צוגויפגעדריקט די פויסטן, כדי צו
האַלטן זיך פעסטער.

— דער גאַז ברענט צען מינוט צייט, — האָט דער פּאָלי־ציאַנט געזאָגט נאָך ביי דער טיר.

— און דערנאָך ווערט ער אויסגעלאָשן?

— יאָ, דערנאָך ווערט ער אויסגעלאָשן.

איך האָב זיך אַנידערגעזעצט אויפן בעט און דע־הערט, ווי דער שליסל אין טיר האָט זיך איבערגעדרייט. דאָס באַלויכטענע צימער האָט אויסגעזען גאַנץ געמיטלעך; איך האָב זיך געפילט גוט און היימלעך און מיט פאַרגעניגן זיך צוגעהערט צו דעם רעגן אין דרויסן. בעסער פון אַזאַ געמיטלעך קעמערל האָב איך זיך נאָרניט געוואונטשן! מיין צופרידנקייט איז געוואַקסן. זיצנדיק אויפן בעט מיטן הוט אין דער האַנט, די אויגן אָנגעשטעלט אויפן גאַז־פלעמל ביי דער וואַנט, האָב איך אָנגעהויבן זיך צו דערמאָנען אַלע מאָמענטן פון מיין ערשטן צוזאַמענשטויס מיט דער פּאָליציי. דאָס איז דער ערשטער אינצידענט, און ווי איך האָב זי אָפּגענאַרט! זשורנאַליסט טאַנגען, ביטע זייער. און דערנאָך דאָס „מאָרגנבלאַט". ווי איך האָב דאָס אים געטראָפן אין האַרצן אַריין מיט דעם „מאָרגנבלאַט"! וועגן דעם לוינט זיך ניט צו ריידן, האַ? פאַרבראַכט ביז צוויי ביינאַכט אין שטיפסנאַרדן, פאַרגעסן אין דער היים דעם שליסל און דעם טייסטער מיט די עטלעכע טויזנט קראָן! באַגלייט דעם הער אין דער רעזערוו־אָפּטיילונג!...

און אומגעריכט לעשט זיך אוים דער גאַז, אַזוי פּלוצלונג, ניט געמינערט און ניט טונקעלער ווערנדיק; איך זיץ אין שטאָק־פינסטערניש, זע ניט מיין האַנט אַפילו, ניט די ווייסע ווענט אַרום מיר, קיין זאַך ניט. ס'איז ניט געבליבן קיין אַנדער ברירה, ווי גיין שלאָפן און איך האָב זיך אויסגעטאָן.

אָבער שלאָפן האָב איך ניט געקענט. אַ צייט בין איך געלעגן און געקוקט אין דער פינסטערניש אַריין, אין דער דאָזיקער געדיכטער שטאָק־פינסטערניש, דער אומענדלעכער און פאַר מיר אומבאַגרייפלעכער. מיין געדאַנק האָט זי ניט געקענט באַנעמען. דער חושך איז געווען איבער יעדער מאָס און איך האָב געפילט, אַז ער דריקט מיך. איך האָב פאַרמאַכט די אויגן און אָנגעהויבן שטיל צו זינגען; איך האָב זיך אומגעוואָרפן אויפן בעטל, כדי צו

צעשטרייען זיך; אָבער אָן שום ערפאָלג. דער חושך האָט באַהערשט מיין געדאַנק און האָט מיך ניט אָפּגעלאָזט אויף איין מאָמענט. און ווי איז, אַז איך אַליין האָב זיך מיט דער פינסטערניש צוזאַמענגענאָסן, געוואָרן מיט איר איינס? איך האָב זיך אויפגעהויבן פון בעטל און געמאַכט מיט די הענט.

מיין נערוועזער צושטאַנד האָט זיך אַלץ פאַרערגערט און ווי איך האָב ניט געפּרוּווט מיט אַלע כּוחות צו ווערן זיך קעגן אים, האָט גאָרנישט געהאָלפן. און איך בין געזעסן איינגעגאַנצן אין דער שליטה פון די אויסטערלישסטע פאַנטאַזיעס, זיך אַליין פאַרוויגט, אונטערגעזונגען אַ קינדער־לידל, אָפּגענאָסן זיך מיט שוויים פאַר אָנשטרענגונג זיך צו באַרויִקן. איך האָב געשטאַרט אין דער פינסטערניש אַריין, און באמת האָב איך קיינמאָל אין לעבן אַזאַ חושך ניט געזען. איך האָב דאָ אָן ספק געהאַט צו טאָן מיט אַ באַזונדערן מין פינסטערניש, מיט אַ גרוייזאַמער סמיכיע, וואָס קיינער האָט זי ביז איצט ניט געקענט. די קאָמישסטע געדאַנקען האָבן מיך פאַרנומען און די מינדסטע זאַך האָט מיך געשראָקן. אַ קליין לעכל אין וואַנט ביי מיין בעט האָט מיך זייער פאַראינטערעסירט. אַ לאָך פון אַ נאָגל, טראַכט איך מיר, געבליבן אַ סימן אין וואַנט. איך טאַפּ עס אָן, בלאָז אין אים אַריין און מי זיך צו טרעפן זיין טיפעניש. דאָס איז ניט געווען קיין פּשוטע עפענונג, בשום אופן ניט; דאָס איז געווען אַ פאַלשע און אַ געהיימנישפולע עפענונג, וואָס איך האָב זיך געדאַרפט פון איר היטן. און באַהערשט פון דעם דאָזיקן געדאַנק, אויסער זיך פאַר נייגעריקייט און שרעק, האָב איך סוף־כל־סוף געמוזט אויפשטיין פון בעט, נעמען זיך פאַר מיין מעסערל, כּדי אויסצומעסטן די טיפקייט פון דער עפענונג און איבערצייגן זיך, אַז זי פירט ניט אין דער דערביייִקער קאַמער אַריין.

איך האָב זיך ווידער געלייגט, כּדי צו פּרוּוון איינשלאָפן, אין דער אמתן אָבער — כּדי ווידער צו קעמפן מיט דער פינסטערניש. דער רעגן אין דרויסן האָט אויפגעהערט און איך האָב קיין שום קלאַנג ניט פאַרנומען. אַ לאַנגע צייט האָב איך אויסוועגאַרט נאָך טריט אויף דער גאַס און זיך ניט געקענט באַרויִקן,

ביז וואַנען איך האָב ניט דערהערט די טריט פון אַ דורכגייער, לויטן גאַנג — אַ פּאָליציאַנט.

פּלוצלונג האָב איך עטלעכע מאָל אַ קנאַק געטאָן מיט די פינגער און זיך צעלאַכט. צו אַלדי רוחות! יאָ!... מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איך האָב אויסגעפונען אַ ניי וואָרט. איך הייב זיך אויף פון בעט און זאָג: דאָס איז נאָך ניטאָ אין דער שפּראַך, איך האָב עס אַליין אויסגעטראַכט, קובאַאַא, עס באַשטייט פון אותיות ווי יעדעס אַנדער וואָרט. גאָט איז אַן עדות, אַז דו האָסט געשאַפן דאָס וואָרט... קובאַאַא... דאָס האָט אַ גרויסע גראַמאַטיקאַלישע באַדייטונג...

דאָס וואָרט איז גאָר דייטלעך געשטאַנען פאַר מיר אין דער פינסטערניש.

איך זיץ מיט אָפענע אויגן, איבערראַשט פון מיין אַנטדעקונג, און לאַך פאַר פרייד. דערנאָך הייב איך אָן צו פּרעפּלען: עמעצער האָט געקענט אונטערהערן, און איך האָב געוואָלט מיין ערפינדונג האַלטן בסוד. איך בין אַריינגעפאַלן אין אַ פריידיקן שיגעון צוליבן הונגער; איך בין לייכט און פריי פון ווייטאָג און מיין געדאַנק האָט געאַרבעט אָן אַ צוים. שטילערהייט האָב איך אַלץ איבערגעטראַכט פאַר זיך. מיט אַ מאָדנעם שפּרונג אין מיין געדאַנקענגאַנג האָב איך זיך גענומען אויסצופאָרשן די באַדייטונג פון מיין נייעם וואָרט. ס'איז גאָרניט נייטיק, עס זאָל באַטייטן גאָט אָדער טיוואָלי, און ווער זאָגט דען, אַז עס דאַרף באַטייטן אַ מענאַזשעריע? איך האָב פעסט צונויפגעדריקט די פויסט און איבערגעחזרט נאָכאַמאָל: — ווער האָט עס געזאָגט, אַז דאָס דאַרף באַטייטן אַ מענאַזשעריע? אין גרונד גענומען, איז גאָר ניט נייטיק, עס זאָל באַצייכענען אַ שלאָס אָדער זונאויפגאַנג. פאַר אַזאַ וואָרט איז סוף-כל-סוף ניט שווער צו געפינען אַ באַדייטונג. איך וועל נאָך צוּוואַרטן, זיך נאָך איבערלאָזן צייט, און דערווייַלע האָב איך געקענט כאַפּן אַ דרעמל.

איך ליג אויף די ברעטער און שמייכל, זאָג אָבער גאָרנישט, ניט פאַר און ניט קעגן, מייד אויס יעדן באַשלוס. עס דויערט עטלעכע מינוט, איך ווער נערוועז, דאָס נייע וואָרט פייניקט מיך אָן אויפהער, קערט זיך נאָכאַנאַנד אום צוריק; לסוף באַהערשט עס

איינגאַנצן מיין געדאַנק און מאַכט מיך ערנסט. איך האָב זיך געשאַפן אַ פולשטענדיקע מיינונג וועגן דעם, וואָס עס זאָל נ י ט באַטייטן, אָבער ניט געקומען צו קיין באַשלוס, וואָס זאָל עס יאָ באַטייטן. דאָס איז אַ צווייטראַנגיקע פראַגע, — זאָג איך הויך צו זיך אַליין, נעם זיך אָן פאַר דער האַנט און זאָג נאָכאַמאָל, אַז דאָס איז אַ צווייטראַנגיקע פראַגע. דאָס וואָרט, גאָט צו דאַנקען, איז געשאַפן, און דאָס איז דער עיקר. אָבער דער געדאַנק פייניקט מיך אָן אַ שיעור און לאָזט מיך ניט איינשלאָפן; קיין זאַך איז ניט געווען גענוג גוט פאַר דעם דאָזיקן זעלטענעם וואָרט. ענדלעך הייב איך זיך ווידער אויף אין בעט, כאַפּ זיך מיטביידע הענט פאַרן קאָפּ און זאָג: ניין, דאָס איז פשוט אוממעגלעך! עמיגראַציע אָדער אַ טאַבאַק־פאַבריק קען עס בשום אופן ניט באַטייטן! ווען עס וואָלט יאָ געקענט באַטייטן עפּעס אין דעם זין, וואָלט איך שוין לאַנג זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם און גענומען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט. ניין. דאָס וואָרט איז אייגנטלעך באַשטימט צו באַצייכענען אַ גייסטיקן באַגריף, אַ געפיל, אַ צושטאַנד — ווי האָב איך עס פריער ניט פאַרשטאַנען? און איך וויל זיך דערמאָנען עפּעס אַ גייסטיקן באַגריף, און אָט דאַכט זיך מיר אויס, אַז עמיצער רעדט, מישט זיך אַריין אין מיין שמועס און איך ענטפער ביין: — ווי אַזוי? ניין, נאָך אַזאַ אידיאָט איז ניטאָ אויף דער וועלט! גאַרן? גיי צום טייוול! פאַרוואָס בין איך מחויב צו האַלטן עס פאַר גאַרן, אַז איך בין בפירוש געווען קעגן דעם, עס זאָל באַטייטן גאַרן?

איך אַליין האָב דאָס וואָרט אויסגעטראַכט, און האָב געהאַט דאָס פולע רעכט צוצוגעבן אים די באַדייטונג, וועלכע איך האָב געוואָלט. אויף וויפיל מיר איז באַוואוסט, האָב איך מיין מיינונג נאָך ניט אַרויסגעזאָגט...

אָבער וואָס ווייטער, אַלץ מער און מער האָט מיר אָנגעהויבן צו טראָגן דער מוח. לסוף בין איך אַרויסגעשפרונגען פון בעט און גענומען זוכן דעם קאַלטן קראַן. איך בין ניט געווען דאָרשטיק, אָבער דער קאָפּ האָט מיר געברענט און איך האָב געפילט אַ אינסטינקטיוון דראַנג נאָך וואַסער. אַ טרונק געטאָן, האָב איך זיך ווידער געלייגט און געפרוווט מיט גוואַלד אַנטשלאָפן

ווערן. איך האָב פאַרמאַכט די אויגן און זיך געצוואונגען זיין רויק. אַזוי בין איך געלעגן עטלעכע מינוט אָן שום באַוועגונג. אַ שווייס האָט מיך באַשלאָגן און איך האָב געפילט, ווי האַסטיק עס קלאַפּט מיר דאָס בלוט אין די אָדערן. ניין, עס איז געווען אויף חידושים ממש, ווי ער האָט עס געזוכט דאָס געלט אין דעם פּאַפּירענעם שקאַרמיצל! דערביי האָט ער איינמאָל אַ הוסט געטאָן. קען זיין, ער גייט נאָך דאָרטן אַרום. זיצט אויף מיין באַנק... דער בלייער פערלמוטער... די שיפן...

איך האָב געעפנט די אויגן. צו וואָס זאָל איך זיי האַלטן פאַרמאַכט, ווייבאַלד איך האָב ניט געקענט שלאָפן! און די זעלבע פינסטערניש איז געווען אַרום מיר, די זעלבע אָפּגרונד־טיפע שוואַרצע אייביקייט, פאַר וועלכער מיין געדאַנק איז געבליבן שטיין און ניט געקענט זי באַגרייפן. מיט וואָס האָט מען זי געקענט פאַרגלייכן? איך האָב געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען צו געפינען אַ וואָרט, וואָס זאָל זיין גענוג שוואַרץ צו באַצייכענען די דאָזיקע פינסטערניש, אַזאַ שוידערלעך שוואַרץ וואָרט, אַז מיין מויל זאָל שוואַרץ ווערן, ווען איך וועל אים אַרויסריידן. גאָט מיינער, ווי פינסטער ס'איז געווען! און ווידער האָב איך אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן האַפן, וועגן די שיפן, וועגן די שוואַרצע מאָנסטערס, וואָס האָבן געלויגט אויף מיר פון זייער באַהעלטעניש. זיי האָבן געוואָלט מיך צוציען צו זיך און פעסט איבער מיר געוועלטיקן און שווימען מיט מיר דורך לענדער און ימען, דורך פינסטערע מדינות, וואָס קיין שום מענטש האָט נאָך ניט געזען. מיר דאַכט זיך, איך בין אויף דעם באָרטן פון שיף, מיך ציט אין וואַסער אַריין, כ'שוועב אין די וואָלקנס און איך פאַל, איך פאַל... איך טו אַ שאַרפן געשריי פאַר שרעק און כאַפּ זיך פעסט אָן אָן בעט; איך האָב דורכגעמאַכט אַ געפערלעכע נסיעה, אַרונטערגעפלויגן מיט אַ פייפעריי אַזוי ווי אַ זאַק. ווי דערלייזט איך האָב זיך דערפילט, בשעת איך האָב זיך אָפּגעשלאָגן מיט דער האַנט אָן דעם האַרטן געלעגער! „אָט אַזוי שטאַרבט מען, — האָב איך געזאָגט צו זיך אַליין: — איצט מוזטו שטאַרבן!“ און איך בין געלעגן אַ ווייל און געטראַכט וועגן דעם, אַז מען מוז איצט שטאַרבן. דערנאָך האָב

איך זיך אויפגעהויבן אין בעט און שטרענג געפרעגט: „ווער האָט דאָס געזאָגט, אַז איך מוז שטאַרבן? ווער האָט דאָס וואָרט אויס־געטראַכט? איך האָב דאָס פולע רעכט אַליין צו באַשטימען, וואָס דאָס וואָרט זאָל באַדייטן"...

איך האָב אַליין געהערט, ווי איך האָב פאַנטאַזירט, געהערט נאָך דאַן, בשעת איך האָב גערעדט. מיין שיגעון איז געווען אַ פּועל־יוצא פון שוואַכקייט און פון אויסגעמאַטערטקייט, אָבער איך האָב ניט פאַרלוירן דאָס באַוואוסטזיין. און פּלוצלונג האָט אין מיין מוח אַ בליץ געטאָן דער געדאַנק, אַז איך בין אַראָפּ פון זינען. פאַר שרעק בין איך אַרויסגעשפּרונגען פון בעט. איך שלעפּ זיך צו צו דער טיר, פּרוּוו זי עפענען, טו עטלעכע מאָל אַ שטויס מיטן גאַנצן קערפּער זי אויפצוברעכן. שפּאַר זיך אָן מיטן קאָפּ אָן וואַנט, קרעכץ אויפן קול, בייס זיך די פינגער, וויין און שילט...

אַלץ איז געווען רויִק; מיין אייגענער קול בלויז האָט אָפּ־געהילכט פון די געמויערטע ווענט. ניט אימשטאַנד מער זיך צו בלאָנקען איבער דער קאַמער, בין איך געפאַלן אויפן דיל. און פּלוצלונג דערזע איך הויך איבער זיך פאַר מיינע אויגן אַ גרויסע פירעק אויף דער וואַנט, אַ ווייסן אָפּגלאַנץ, אַ סימן — עס טאָגט. אַך, ווי גליקלעך איך האָב אָפּגעאָטעמט! איך האָב זיך אויסגעצויגן אויפן דיל און געוויינט פאַר פרייד פון דעם דאָזיקן ליכט־אָפּגלאַנץ, געיאָמערט אויס דאַנקבאַרקייט, געשיקט לופט־קושן צו פענסטער און זיך אויפגעפירט ווי אַ משוגענער. אויך אין דעם מאָמענט האָב איך געוואוסט וואָס איך טו. מיין גאַנצע מרה־שחורה איז מיט אַמאָל פאַרשוואונדן. די פאַרצווייפלונג און דער ווייטאָג זיינען אַריבער און אין דעם אויגנבליק האָב איך ניט געהאַט קיין איינציקן ניט דער־פילטן פאַרלאַנג, אויף ווי ווייט מיינע געדאַנקען האָבן געקענט גרייכן. איך האָב זיך געזעצט אויפן דיל מיט פאַרליינטע הענט און געדולדיק געוואַרט, ביז ס׳וועט ווערן טאָג.

„סאַר אַ נאַכט דאָס איז געווען! ווי אַזוי האָט דאָס קיינער ניט געהערט דעם טומל?" — האָב איך געטראַכט פאַרוואונדערט. אָבער איך בין דאָך געווען אין דער רעזערוו־אָפּטיילונג, הויך איבער אַלע אַרעסטירטע... אַ שטאַטסראַט אָן אַ נאַכטלעגער, אַזוי צו זאָגן.

כסדר אין דער בעסטער שטימונג, די אויגן צוגעשמידט צו דער שויב אויף דער וואַנט, וואָס איז אַלץ העלער און העלער געוואָרן, האָב איך זיך געוויילט דערמיט, וואָס איך האָב זיך פאַרשטעלט פאַר אַ שטאַטסראַט, זיך אַ נאָמען געגעבן פאָן-טאַנגען און גערעדט אין סטיל פון אַ הויכן באַאמטן. מיינע פאַנטאַזיעס האָבן ניט אויפגעהערט, אָבער איך בין געווען אַ סך וויניקער נערוועז. ווען ניט מיין פאַרדראָסיקע צעטראָגנקייט, וואָס איך האָב פאַרגעסן מיין פאָרטפעל אין דער היים! אפשר וועל איך האָבן דעם כבוד צו העלפן ד:ם הער שטאַטסראַט לייגן זיך אין בעט אַריין? און מיט זייער אַן ערנסטער מינע, מיט גרויס צערעמאָניע, האָב איך זיך געלאָזט גיין צום בעט און זיך אַנידערגעלייגט.

ס'איז געוואָרן אַזוי ליכטיק, אַז איך האָב שוין געקענט דערקענען די קאָנטורן פון דער קאַמער און אַ ווײַלע שפּעטער האָב איך דערזען די שווערע פאַררוקערס פון דער טיר. דאָס האָט מיך אַ ביסל צעשטרייט. די איינטעניקע פינסטערניש, אַזאַ פיינלעך געדיכטע, אַז איך האָב זיך אַליין ניט געקענט זען, איז איצט געבראָכן געוואָרן; מיין בלוט האָט זיך באַרויִקט, און איך האָב באַלד דערפילט, אַז עס מאַכן זיך מיר צו די אויגן.

מיך האָט אויפגעוועקט אַ פּאָר קלעפּ אין דער טיר. איך בין האַסטיק אויפגעשפרונגען און אויף גיך זיך אָנגעטאָן. מיינע בגדים זיינען נאָך געווען נאַס פון נעכטיקן אָוונט.

— איר מוזט זיך מעלדן צום דעזשורמאַן, אונטן, — האָט דער פּאָליציאַנט געזאָגט.

„האָב איך אַלזאָ ווידער אויסצושטיין פאָרמאַליטעטן!“ — האָב איך געטראַכט דערשראָקן.

איך בין אַריין אין אַ גרויסן צימער אונטן, וואו עס זיינען געזעסן אַ דרייסיק אָדער פערציק מאַן, אַלע היימלאָזע. און איינער נאָכן אַנדערן ווערן זיי אויסגערופן לויט דער רשימה, איינער נאָכן אַנדערן באַקומען זיי קוויטלעך אויף מיטאָג. דער דעזשורמאַן האָט אַלע ווײַלע זיך געווענדט צום פּאָליציאַנט, וואָס איז דערביי[illegible]ע 'יגן.

— אַ קוויטל באַקומען? פאַרגעסט ניט צו געבן זיי קוויט־לעך. קענטיק, זיי דאַרפן נייטיק אָפּצועסן.

און איך בין געשטאַנען, געקוקט אויף די אַלע קוויטלעך און געחלשט אויך באַקומען אַזאַ קוויטל.

— אַנדרעאַס טאַנגען, זשורנאַליסט!

איך האָב געמאַכט אַ טריט פאָראויס און זיך פאַרנייגט.

— ווי אַזוי איז עס געשען, וואָס איר זייט אַהער אַריינ־געפאַלן.

איך האָב דערקלערט, ווי אַזוי איז דאָס געשען, דערציילט די זעלבע מעשה וואָס נעכטן, געלייגט ניט אַ פּינטל צו טאָן מיט אַן אויג, געלייגט אויפריכטיק! זיך פאַרזעסן אין אַ קאַפּע, פאַר־לוירן דעם שליסל פון אַריינגאַנג...

— יאָ, — האָט ער געזאָגט און אַ שמייכל געטאָן, — אַזוי איז דאָס! האָט איר געשלאָפן?

— ווי אַ שררה! — האָב איך געענטפערט — ווי אַ שררה!

— בין איך זייער צופרידן, — האָט ער געזאָגט און האָט זיך אויפגעשטעלט — אַ גוטן טאָג!

און איך בין אַוועק.

אַ קוויטל, מיר אויך אַ קוויטל! שוין דריי לאַנגע מעת־לעת ווי איך האָב ניט געגעסן! אַ שטיקל ברויט! אָבער קיינער האָט מיר קיין קוויטל ניט פאָרגעלייגט און איך האָב זיך ניט אַנטשלאָסן צו בעטן. דאָס וואָלט גלייך אַרויסגערופן אַ חשד. מען וואָלט זיך אָנגעהויבן צו גריבלען אין מיין פּריוואַטן לעבן, דערגיין, ווער איך בין אויף צון אמתן, מען וואָלט מיך אַרעסטירט, פאַר פאַלשע דאַטן. מיט אַ פאַררייסענעם קאָפּ, מיט אַן אָנשטעל פון אַ מיליאָנער, צוהאַלטנדיק מיט די הענט דאָס רעקל, בין איך אַרויס פון ראָט־הויז.

די זון האָט שוין צוגעבאַקט, ס׳איז געווען צען אַ זייגער און די גאַס־באַוועגונג איז געווען אין פולן טעמפּ. וואוהין זאָל איך גיין? איך קלאַפּ זיך איבער דער קעשענע און טאַפּ אָן דעם מאַנו־סקריפּט — עלף אַ זייגער וועל איך פּרווון כאַפּן דעם רעדאַקטאָר. אַ קורצע צייט בין איך געשטאַנען אויף דער באַלוסטראַדע און זיך

צוגעקוקט צו דעם לעבן אונטער מיר. דערוויילע האָט זיך פון מיינע קליידער אויפגעהויבן אַ פּאַרע. דער הונגער האָט זיך ווידער אומגעקערט, געגאַנט אין האַרצן, געצוקט, לייכט און דין, אָבער ווייטאָגלעך געשטאָכן אומעטום. צי דען האָב איך דאָס טאַקע ניט קיין איינציקן פריינד, קיין באַקאַנטן, צו וועמען זיך צו ווענדן? איך האָב געגומען נישטערן אין זיכרון צו געפינען אַ מענטש, וואָס זאָל מיר אויסלייען צען ערע, אָבער נישט געקענט געפינען. ס'איז אַ הערלעכער טאָג, אַרום מיר אַזוי פיל זון און ליכט; דער הימל האָט זיך ווי אַ ווייכער ים געשפּרייט ווייט איבער די בערג...

אומבאַמערקט פאַר זיך אַליין, האָב איך זיך געלאָזט גיין אויפן וועג צו זיך אַהיים.

איך בין געווען שטאַרק הונגעריק און אויפגעהויבן אויף דער גאַס אַ שפּענדל, האָב איך עס אָנגעהייבן צו קייען. דאָס האָט געהאָלפן. ווי האָב איך דאָס פריער וועגן דעם ניט אַ טראַכט געטאָן!

דער טויער איז געווען אָפן. דער שטאַל-דינער האָט מיר אָפּגע-עבן ווי געוויינטלעך אַ גוט מאָרגן.

— אַ גוטער וועטער — האָט ער געזאָגט.

— יאָ — האָב איך געענטפערט.

דאָס איז געווען אַלץ, וואָס איך האָב אים געקענט זאָגן. אפשר קען איך ביי אים בעטן לייען אַ קראָן? ער וואָלט מיר גערן לייען, אויב נאָר ער וואָלט געהאַט. אגב האָב איך פאַר אים אַמאָל אָנגעשריבן אַ בריוו.

ער איז געשטאַנען און האָט זיך געקליבן עפּעס צו זאָגן.

— אַ גוטער וועטער, יאָ, הם... איך האָב היינט אַ צאָלונג דער באַלעבאָסטע, קענט איר אפשר אַזוי גוט זיין אויסלייען מיר פינף קראָן? אויף אַ פּאָר טעג אינגאַנצן. איינמאָל האָט איר מיר שוין געטאָן אַ טובה.

— גלויבט מיר, איך קען ניט, יענס אָלאַי, — האָב איך געענטפערט — איצטער ניט, אפשר שפּעטער, אפשר אינאָוונט.

און איך האָב זיך צוועקגעשלעפּט איבער די טרעפּ צו זיך אין צימער אַרויף.

דאָ האָב איך זיך אַ וואָרף געטאָן אויף מיין בעט און געלאַכט. וואָס פאַר אַ טרייפענער גליק, וואָס ער איז מיר פאַרלאָפן דעם וועג! מיין כבוד איז געראַטעוועט. פינף קראָן, גאָט איז מיט דיר, מענטש איינער! האָסט געקענט פונקט אַזוי גרינג בעטן אַ פינף אַקציעס פון דער שיפסגעזעלשאַפט אָדער אַ גוט אונטערן שטאָט.

און דער געדאַנק וועגן די פינף קראָן האָט מיך אַלץ מער און מער געמאַכט צום לאַכן. נו, בין איך ניט קיין בריה? פינף קראָן! פונקט צו מיר געטראָפן! מיין פרייליעכקייט האָט געשטיגן און איך האָב זיך איר אונטערגעגעבן. צום טייוול, ווי דאָ שמעקט מיט עסן! אַ פרישער ריח פון געבראָטנס נאָך מיטאָג, פוי! און איך צעעפן דאָס פענסטער, אַרויסצוויאָגן דעם דאָזיקן עקלהאַפטן גערוך. — קעלנער, אַ האַלבן ביפשטעקס! און ווענדנדיק זיך צום טיש, צו דעם זעלבן צעבראָכענעם טיש, וואָס איך פלעג אים מוזן מיט די קני אונטערהאַלטן, בשעת איך פלעג שרייבן, האָב איך זיך טיף פאַרניינט און געפרעגט: — איר וועט אפשר דערלויבן אַ גלאָז וויין? ניין? מיין נאָמען איז טאַנגען, שטאַטס-ראַט טאַנגען... ליידער זיך פאַרזעסן אין קאַפע... דעם שליסל פון טויער...

און מיין געדאַנק האָט זיך אָן אַן אָפּהאַלט ווידער אַ לאָז געטאָן איבער אַלע ווילדע וועגן. איך האָב די גאַנצע צייט געהאַט דעם באַוואוסטזיין, אַז איך רייד אָן שום צוזאַמענהאַנג, אָבער ניט געזאָגט קיין איינציק וואָרט, וואָס איך זאָל ניט האָבן געהערט און פאַרשטאַנען. איך האָב צו זיך געזאָגט:

„אָט רעדסטו ווידער אָן אַ צוזאַמענהאַנג! און דאָך האָב איך קענען דעם נאָרנישט געקענט טאָן. אַזוי ווי איך וואָלט געווען וואַך און גערעדט פון שלאָף. דער קאָפּ איז מיר געווען לייכט, אָן שום ווייטאָג און דרוק, און מיין געמיט אָן איין וואָלקנדל. איך האָב געשוואומען ערגעץ-וואו אָן שום ווידערשטאַנד.

אַריין! נו, שוין אַריין! יאָ, ווי איר זעט, אַלץ פון רובין. אילאַיאַלי, אילאַיאַלי! דער רויטער פרעכטיקער זיידענער דיוואַן. ווי האַסטיק זי אָטעמט! — קוש מיך, געליבטער! שטאַרקער!

שטאַרקער! דיינע הענט זיינען ווייס ווי אַלבאַסטער, דיינע ליפּן פלאַמען... קעלנער, איך האָב באַשטעלט אַ ביפשטעקס...

די זון האָט אַריינגעשיינט אין מיין פענסטער. איך האָב געהערט, ווי אונטן האָבן די פערד געקייט האָבער. איך בין געזעסן, געקייט מיין שפּענדל, אויפגערוימט, גליקלעך ווי אַ קינד. אַלע ווײַלע האָב איך אַ טאַפּ געטאָן מיין מאַנוסקריפּט; איך האָב וועגן אים קיין איין מאָל ניט אַ טראַכט געגעבן, אָבער דער אינסטינקט האָט מיר אונטערגעזאָגט, אַז ער איז דאָ, מיין בלוט האָט מיר וועגן אים דערמאָנט. און איך האָב אים אַרויסגענומען.

ער איז דורכגענעצט געוואָרן און איך האָב אים אויסגעשפּרייט און אַוועקגעלייגט אויף דער זון. דערנאָך האָב איך אָנגעהויבן צו שפּרייזן הין און צוריק איבערן צימער. ווי טרויעריק אַלץ אַרום האָט אויסגעזען. אויף דער ערד צעטראָטענע שטיקלעך בלעך און קיין איינציקער שטול צום זיצן, קיין איינציקער טשוועק אויף די בלעך הוילע ווענט. אַלץ איז אַריבערגעגאַנגען אין קלייטל צום „פעטערל" און פאַרזעצט געוואָרן. אַ פּאָר בויגן פּאַפּיר אויפן טיש, באַדעקט מיט אַ דיקן שטויב, איז געווען מיין גאַנצער אייגנס. די אַלטע גרינע דעקע אויפן בעט האָט מיר אַנטליען האַנס פּאַולי שוין מיט אַ סך וואָכן צוריק... האַנס פּאַולי! איך גיב אַ קנאַק מיט די פינגער. האַנס פּאַולי פּעטערסען וועט מיר אויסהעלפן! און איך פּלייס זיך צו דערמאָנען זיין אַדרעס. ווי האָב איך דאָס געקענט פאַרגעסן אָן האַנס פּאַולי! ער וועט געווים זיין באַליידיקט, וואָס איך האָב זיך גלייך ניט געווענדט צו אים. איך טו שנעל אָן דעם הוט, דריי צוזאַמען דעם מאַנוסקריפּט און אַייל זיך איבער די טרעפּ.

— הער אויס, יענס אָלאַי — האָב איך אַריינגעשריען צום שטאָל צו: — איך בין זיכער, אַז אינאָוונט וועל איך דיר קענען אויסהעלפן!

צוגעקומען צום ראָטהויז, זע איך, אַז עס איז שוין צוועלף אַ זייגער און איך באַשלים תיכף צו גיין אין דער רעדאַקציע. פאַר דער טיר פון ביוראָ בלייב איך שטיין, אַ קוק צו טאָן, צי די זייטלעך פון מיין מאַנוסקריפּט ליגן אין אָרדענונג. איך האָב זיי זאָרגעוודיק פונאַנדערגעגלעט, אַריינגעלייגט אין קעשענע און האָב

אַנגעקלאַפּט. ס'האָט זיך געהערט, ווי מיין האַרץ האָט געקלאַפּט, אַז איך בין אַריין.

די „שער״ איז ווי געוויינטלעך געווען אויף איר אָרט. איך פרעג זיך ציטערדיק נאָך אויפן רעדאַקטאָר. קיין שום ענטפער. דער מענטש זיצט און נישטערט אַרום קליינע ידיעות פון פראָ־ווינציעלע צייטונגען. איך חזר איבער מיין פראַגע און רוק זיך נעענטער.

— דער רעדאַקטאָר איז נאָך ניט געקומען, — האָט ענד־לעך די „שער״ געענטפערט, ניט אויפהייבנדיק די אויגן.

— און ווען וועט ער קומען?

— דאָס קען איך אייך ניט זאָגן, דאָס קען איך אייך בשום אופן ניט זאָגן.

— ביז וואַנען איז די רעדאַקציע אָפן?

אויף דעם האָב איך קיין תשובה ניט באַקומען און איך האָב געמוזט גיין. די „שער״ האָט בשעת אונזער געשפּרעך קיין איינציקן מאָל אויף מיר ניט אַ קוק געטאָן; ער האָט מיך געהערט און דערקענט נאָכן קול. ווי ווייניק מען האַלט דאָ פון דיר, האָב איך געטראַכט, אַז מען געפינט גאָר פאַר איבעריק דיר צו ענט־פערן. זאָל עס זיין אַזאַ פאַראָרדענונג פון רעדאַקטאָר? אמת, נאָך מיין באַרימטן פעליעטאָן פאַר די צען קראָן האָב איך אים פאַר־שאָטן מיט מיינע אַרבעטן, כמעט יעדן טאָג געלאָפן צו אים מיט זאַכן, וואָס טויגן ניט, וואָס ער האָט געמוזט לייענען און אומקערן צוריק. ווייזט אויס, ער האָט געוואָלט מאַכן דערמיט אַ סוף, אָנגע־מען מיטלען... איך האָב זיך געלאָזט גיין צו האָמאַנסבי.

האַנס פּאַולי פּעטערסען איז געווען אַ סטודענט פון דאָרף, וואָס האָט געוואוינט אין אַ בוידעם־שטיבל אויפן פינפטן שטאָק — האַנס פּאַולי פּעטערסען איז אַלזאָ געווען אַן אָרעמער מענטש. נאָר אַז ער האָט אַ קראָן, וועט ער זי ניט זשאַלעווען. ער וועט זי מיר אויסבאָרגן, פונקט אַזוי זיכער, ווי ביי מיר אין קעשענע. און איך בין נעגאַנגען און דעם גאַנצן וועג זיך געפרייט מיט דער קראָן און געווען זיכער, אַז איך וועל זי באַקומען. אַז איך בין צוגע־

גאַנגען צו דער טיר, איז זי געווען פאַרשפאַרט און איך האָב גע־מוזט אָנקלינגען.

— איך האָב געוואָלט זיך דורכריידן מיטן סטודענט פעטער־סען, — האָב איך געזאָגט און געוואָלט אַריין. — זיין צימער זוים איך.

— מיטן סטודענט פעטערסען? — האָט דאָס מיידל איבער־געפרעגט, — דער וואָס האָט געוואוינט אויפן בוידעם־שטיבל? ער האָט זיך אַרויסגעצויגן. — וואוהין, האָט זי ניט געוואוסט, אָבער די בריוו האָט ער געבעטן איבערשיקן צו הערמאַנסענען אויף טאָלבאָדגאַדע, און דאָס מיידל האָט אָנגערופן דעם נומער.

פול מיט גלויבן און האָפענונג, לאָז איך זיך גיין אויף טאָל־באָדגאַדע געוואָר ווערן זאַנס פּאוּלים אַדרעס. דאָס איז געווען מיין לעצטער אויסוועג און איך האָב אים געמוזט אויסניצן. אויפן וועג בין איך פאַרבייגעגאַנגען אַ ניי אויסגעבויט הויז, וואו עטלעכע אַרבעטער האָבן געהובלט. איך האָב אויסגעקליבן אַ פּאָר ריינע שפּענדלעך, איינעם אַריינגענומען אין מויל אַריין, דעם אַנדערן אַריינגעלייגט אין קעשענע אויף שפּעטער און געגאַנגען ווייטער. איך האָב געקרעכצט פון הונגער. אין אַ בעקעריי האָב איך געזען אַן אומגעהייער גרויס ברייטל פאַר צען ערע, דאָס גרעסטע לעבל ברויט, וואָס מ׳קען פאַר אַזאַ פּרייז באַקומען...

— אפשר קען איך געוואָר ווערן דעם אַדרעס פון סטודענט פּעטערסען? בערנט אַנקער־גאַס, נומער 10, מאַנסאַרדע. אפשר גיי איך אַהין? אויב אַזוי, צי וועל איך ניט אַזוי גוט זיין מיטנעמען פאַר אים אַ פּאָר בריוו?

איך קער זיך אום ווידער אין שטאָט אַריין מיטן זעלבן וועג, וואָס איך בין געקומען, גיי ווידער פאַרביי די אַרבעטער, וואָס זיינען איצט געזעסן מיט די קעסעלעך אויף די קני און געווען פאַרנומען מיט זייער אַ גוטן וואַרעמען מיטאָג, פאַרביי דער בע־קעריי, וואו דאָס לעבל ברויט איז נאָך אַלץ געלעגן אויף זיין אָרט, און קום ענדלעך צו צו בערנט אַנקער־גאַס, האַלב טויט פאַר שוואַכקייט. די טיר איז אָפן און איך הייב אָן צו גיין אויף אַן אַ שיעור טרעפּ, אַרויף אויף דעם בוידעם. איך נעם אַרוים די בריוו,

כדי גלייך אַריינצוברענגען האַנס פּאַולי אין אַ גוטער שטימונג, אַז איך וועל אַריין. ער וועט געוויס ניט אַנטזאָגן צו טאָן מיר די קליינע געפעליקייט, אַז איך וועל אים אויפקלערן מיין גאַנצע לאַגע, — געוויס ניט, האַנס פּאַולי האָט אַ ווייך האַרץ, איך האָב שטענדיק אַזוי וועגן אים געטראַכט...

אויף דער טיר האָב איך געפונען זיין וויזיט־קאַרטע: „ה. פּ. פּעטערסען סטוד. טעאָל. — אַפּגעפאָרן אַהיים״.

איך האָב זיך אַנידערגעזעצט, אַנידערגעזעצט זיך אויפן הוילן דיל, אַ פאַרגליווערטער, אַ צעבראָכענער פון אויסגעשעפּטקייט. איך הער איבער מעכאַניש עטלעכע מאָל: אָפּגעפאָרן אַהיים! אָפּ־געפאָרן אַהיים! און איך ווער שטיל אַנטשוויגן. קיין איינציקע טרער איז ניט געווען אין מיינע אויגן, קיין שום געדאַנק און געפיל. מיט אויפגעריסענע אויגן האָב איך געקוקט אויף די בריוו, ניט בכוח געווען עפּעס אָנהייבן צו טאָן. ס׳איז אַריבער אַ מינוט צען, אפשר צוואַנציק און מער און איך בין נאָך אַלץ געזעסן אויפן זעלבן אָרט און ניט אַ ריר געטאָן מיט אַ פינגער. די דאָזיקע טעמפּע פאַרגליווערטקייט איז געווען כמעט ווי אַ שלאָף. אַז איך דערהער, ווי עמעצער גייט אויף די טרעפּ, שטיי איך אויף און איך זאָג:

— פאַרן סטודענט פּעטערסען, איך האָב צו אים צוויי בריוו.

— ער איז אַוועקגעפאָרן — האָט די פרוי געענטפערט — אָבער ער וועט זיך אומקערן נאָך די וואַקאַציעס. די בריוו קען איך איבערנעמען, אויב איר ווילט.

— אַ דאַנק, אויסגעצייכנט, — האָב איך געזאָגט, — ער וועט זיי באַקומען, אַז ער וועט זיך אומקערן. דאָ קענען זיין וויכ־טיקע ענינים. אַ גוטן טאָג.

אַז איך בין אַרויס פון הויז, ביז איך געבליבן שטיין אינ־מיטן גאַס און, צונויפדריקנדיק די פויסטן, האָב איך געזאָגט אויפן קול:

— איך מוז דיר זאָגן, דערבאַרעמדיקער האַר מיינער, נאָט: דו ביסט... איך ווייס, ווער דו ביסט! — און פאַר רציחה מיט

פאַרביסענע ליפּן, ווינק איך צום הימל: — צו אַלדי טייוול, איך וויים עס!

דערנאָך מאַך איך אַ פּאָר טריט און בלייב ווידער שטיין. פּלוצלונג בייט איך די שטעלונג, לייג צוזאַמען די הענט, בייג אָן דעם קאָפּ אָן אַ זייט און פרעג מיט אַ זיסער בוימלדיקער שטים:

— און דו האָסט זיך געווענדט צו אים, קינד מיינס?

דאָס האָט געקלונגען פאַלש.

— מיט אַ גרויסהאַנטיקן אַ, — זאָג איך: — אַ גרויסהאַנ=טיקן אות ווי דער קאַטעדראַל=טורעם די גרייס. נאָך אַ מאָל האָסט צו אים גערופן, קינד מיינס — און איך לאָז אַראָפּ דעם קאָפּ און ענטפער מיט אַ וויינענדיקן קול: — ניין!

און אויך דאָס האָט געקלונגען פאַלש.

דו קענסט ניט נושא פּנים זיין, דו נאַר! דו מוזט זאָגן: יאָ, איך האָב גערופן צו מיין גאָט און האַר! און דו מוזט אויס=געפינען פאַר דיינע ווערטער דעם סאַמע טרויעריקסטן ניגון, וואָס דיר איז נאָר אויסגעקומען אַמאָל צו הערן. אַלזאָ, נאָך אַ מאָל! יאָ, אַזוי איז שוין בעסער. אָבער דו מוזט זיפצן, זיפצן, ווי אַ קראַנקער פערד, אַזוי!

איך גיי און זאָג זיך אַליין מוסר, טופּע אומגעדולדיק מיט די פיס, ווען איך וויל ניט פאָלגן, רוף זיך אַליין אָן באָלען, און די איבעררעשטע דורכגייער קערן זיך אָפּ און קוקן מיך אָן.

איך האָב געקייט נאָכאַנאַנד דאָס שפּענדל און געוואַקלט איבער דער גאַס שנעל, ווי כ׳האָב נאָר געקענט. איך האָב אַפילו ניט באַמערקט, ווי איך בין אַרויסגעקומען אויפן וואָקזאַל=פּלאַץ. דער זייגער אויפן טורעם האָט געוויזן האַלב צוויי. אַ ווײַלע בין איך געשטאַנען און איבערגעטראַכט. אַ מידער שווייס האָט מיר אַרויסגעשלאָגן אויפן שטערן און אַראָפּגערונען אין די אויגן. „קום צום האַפן! — האָב איך צו זיך אַליין געזאָגט: — אויב דו האָסט נאָר צייט?" און איך האָב זיך פאַרנייגט פאַר זיך אַליין און בין אַוועק צום האַפן.

פון ווייטן זיינען געשטאַנען שיפן, דער ים האָט זיך געוויגט אין זונען=שיין. אומעטום קאָכיקע באַוועגונג, אַ פייפערייַ פון דאַמפּער,

טרעגער מיט קאַסטנס אויף די פּלייצעס, מונטערער אויפגעזאַנג פון די בוקסיר־שיפן. אַ קוכנהענדלערין זיצט ניט ווייט פון מיר און בייגט זיך אַריבער מיט איר ברוינער נאָז איבער איר סחורה; דאָס קליינע טישל אירס איז יצר־הרעדיק פול מיט נאַשערייען. און איך קער זיך מיט פאַראַכטונג אָפּ. זי פילט אָן דעם גאַנצן האַפן מיטן ריח פון עסנוואַרג; פוי, עפנט אויף די פענסטער; איך ווענד זיך צו איינעם אַ הער, וואָס זיצט לעבן מיר און הייב אים אָן דרינג־לעך צו דערווייזן די שעדלעכקייט פון די קוכנהענדלערינס דאָ און די קוכנהענדלערינס דאָרטן... ניט אַזוי? גוט, אָבער ער מוז דאָך מודה זיין, אַז... אָבער דער מענטש האָט דערפילט, אַז עפּעס איז ניט גלאַט און, ניט אויסהערנדיק מיך ביזן סוף, האָט ער זיך אויפ־געשטעלט און אַוועק. איך בין אויך אויפגעשטאַנען און אים נאָכ־געגאַנגען, פעסט באַשלאָסן אויפצווייזן אים, אַז ער האָט אַ טעות.

— אַפילו אין סאַניטאַרער הינזיכט, — האָב איך געזאָגט און אים אַ קלאַפּ געטאָן איבער פּלייצע...

— אַנטשולדיקט, איך בין ניט קיין היגער און ווייס גאָר־נישט ניט וועגן סאַניטאַרע ענינים, — האָט ער געזאָגט און געקוקט אויף מיר מיט פחד.

— אויב אַזוי, איז גאָר אַן אַנדערע זאַך, וויבאַלד איר זייט ניט קיין היגער!... קען איך אים אפשר מיט עפּעס דינען? ווייזן אים די שטאָט? ניין? מיר וואָלט עס זיין זייער אײַנגענעם, און אים וואָלט עס גאָרנישט געקאָסט...

אָבער דער מענטש האָט בפירוש געוואָלט פון מיר פּטור ווערן און שנעל אַוועקגעשפּאַנט איבער דער גאַס אויפן אַנדערן טראָטואַר.

איך האָב זיך אומגעקערט צו מיין באַנק און זיך געזעצט. איך בין געווען שטאַרק אויפגערעגט און די קאַטערינקע, וואָס האָט אָנגעהויבן ניט ווייט צו שפּילן, האָט מיך נאָך מער אויפגערודערט. די טרוקענע מעטאַלישע מוזיק, אַ שטיקל פון וועבערן; אַ קליין מיידעלע האָט צוגעזונגען אַ טרויעריק לידעלע... דאָס פלייטנ־אַרטיקע, דאָס ליידנשאַפטלעכע פון דער קאַטערינקע צעגיסט זיך מיר אין בלוט, מיינע נערוון הייבן אָן צו ציטערן, ווי זיי וואָלטן

זיך אָפּגערופן — און אין אַ רגע אַרום פאַל איך אויף דער באַנק, און שטיל און טרויעריק זינג איך מיט. וואָס פילט דען ניט דורך אַ מענטש, בשעת ער איז הונגעריק! איך שפיר, ווי איך צעגיי אין די דאָזיקע קלאַנגען, איך שטראָם אויס, איך מערק נאַנץ דייט־לעך, ווי איך צעפליס, שוועבנדיק הויך איבער די בערג, טראָגנדיק זיך אין טאַנץ אין שטראַלנדיקע ווייטן...

— איין ערע! — זאָגט דאָס קליינע מיידעלע און שטרעקט אויס איר בלעכן טעלערל! נאָר איין ערע!

— יאָ, — ענטפער איך מעכאַניש און שפּרינג אויף, זוך איבער אַלע קעשענעס.

אָבער דאָס קינד מיינט, אַז איך וויל פון איר מאַכן חוזק, און רוקט זיך תיכף אָפּ, ניט ריידנדיק קיין וואָרט. די דאָזיקע שטומע גערולדיקייט האָב איך שוין ניט געקענט פאַרטראָגן; ווען דאָס מיידעלע זידלט מיך אָפּ, וואָלט מיר אַ סך לייכטער געווען; דאָס האָט מיך ווי געטאָן, און איך האָב זי אַ רוף געטאָן צוריק.

— איך האָב קיין גראָשן געלט ניט, אָבער איך וועל דיך האָבן אין זינען, נאָך אפשר מאָרגן. ווי רופט מען דיך? יאָ, אַ שיינער נאָמען, איך וועל אים ניט פאַרגעסן. אַלזאָ, ביז מאָרגן...

אָבער איך האָב געזען גוט, אַז זי האָט מיר ניט געגלייבט, הגם זי האָט ניט גערעדט קיין וואָרט, און האָב געוויינט פאַר פאַר־צווייפלונג, וואָס די דאָזיקע קליינע גאַסנמיידעלע האָט מיר ניט געוואָלט גלייבן. איך האָב זי נאָך אַמאָל אַ רוף געטאָן צוריק, שנעל אויפגעעפנט מיין רעקל און געוואָלט אָפּגעבן איר דאָס וועסטל.

— איך וועל דיר ניט בלייבן שולדיק, — האָב איך גע־געזאָגט: — וואַרט אַ וויילינקע.

אָבער איך האָב ניט געהאַט קיין וועסטל.

ווי אַזוי האָב איך געקענט עס זוכן! שוין עטלעכע וואָכן זינט איך האָב עס פאַרזעצט. ווי איז עס מיר אײַנגעפאַלן? דאָס דערשראָקענע מיידעלע האָט לענגער ניט געוואַרט און שנעל אַוועקגעלאָפן צוריק. און איך האָב געמוזט איר לאָזן גיין. אַרום מיר האָט זיך אַרומגעקליבן אַ רעדל און הויך געלאַכט, אַ פּאָלי־

ציאַנט האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו מיר זיך דערוויסן, וואָס איז געשען.

— גאָרנישט, — ענטפער איך, — אַבסאָלוט גאָרנישט! איך האָב געוואָלט נאָר אָפּגעבן אָט דער קליין מיידעלע מיין וועסטל... פאַר איר פאָטער... ניטאָ וואָס צו לאַכן. איך האָב, גאַנץ פּשוט, געקענט אַהיים גיין און אָנטאָן אַן אַנדער וועסטל.

— מאַכט ניט קיין רעדלעך אויף דער גאַס! — זאָגט דער פּאָליציאַנט — נו, מאַרש! — און טוט מיך אַ שטויס — דאָס זיינען אייערע פּאַפּירן? — שרייט ער מיר נאָך.

— יאָ, צום טייוול, מיין צייטונגס-אַרטיקל. זייער אַ וויכטיקער מאַנוסקריפּט. ווי האָב איך דאָס געקענט זיין אַזוי אומפאָרזיכטיק...

איך נעם מיין מאַנוסקריפּט, איבערצייג זיך, צי ער איז אין אָרדענונג און, ניט אָפּגעשטעלט זיך אויף אַ רגע, אַפילו ניט אומגעקוקט זיך, גיי איך אין רעדאַקציע. אויפן קלויסטער-טורעם איז שוין געווען פיר אַ זייגער.

די רעדאַקציע איז פאַרשפּאַרט. איך לאָז זיך שטיל אַראָפּ פון די טרעפּ, דערשראָקן ווי אַ גנב און פאַרלוירן, בלייב איך שטיין אין דרויסן ביי דער טיר. וואָס זאָל איך איצט טאָן? איך שפּאַר זיך צו צו דער וואַנט, קוק אויף די שטיינער און טראַכט. אַ שפּילקע האָט געבלאַנקט ביי מיינע פיס, איך בייג זיך איין און הייב זי אויף. אפשר נאָר אָפּשניידן די קנעפּלעך פון מיין רעקל? וויפיל וועל איך פאַר זיי קריגן? קען זיין, דאָס איז אַלץ אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט. קנעפּלעך זיינען דאָך ניט מער ווי קנעפּלעך. אָבער באַטראַכט זיי פון אַלע זייטן, האָב איך געפונען, אַז זיי זיינען כמעט נייע. אַלנפאַלס איז דאָס אַ גליקלעכער געדאַנק. איך האָב געקענט זיי אָפּשניידן מיט מיין צעבראָכענעם מעסערל און פאַרזעצן. די האָפענונג, אַז איך קען פאַרקויפן די דאָזיקע פינף קנעפּלעך, האָט מיך גלייך דערמונטערט און איך האָב געזאָגט: אָט זעסטו, עס גייט אויף אַ דרך! מיין פרייד האָט מיך מנצח געווען און איך האָב תיכף אָנגעהויבן אָפּצושניידן די קנעפּלעך

איינס נאָכן אַנדערן. דערביי האָב איך געפירט דעם פאָלגנדיקן שטילן שמועס מיט זיך אַליין:

— פאַרשטייט איר מיך, איך בין אַ ביסל פאַראָרעמט געוואָרן, אַ צייטווייליקע פאַרלעגנהייט... איר זאָגט, זיי זיינען אָפּגעריבן? וואָס רעדט איר! איך וואָלט וועלן וויסן, ווער עס ניצט נאָך אַזוי ווייניק אָפּ קנעפּלעך ווי איך. דאָס רעקל איז ביי מיר שטענדיק אָפּגעשפּיליעט, מוז איך אייך זאָגן; אַזאַ טבע האָב איך, אַ משוגעת... נו, פאַרשטייט זיך, אַז איר ווילט ניט, איז ניט... אָבער איך מוז פאַר זיי באַקומען מיינע צען ערע, לכל-הפּחות... ניין, ניין, גאָט מיינער, ווער זאָגט דען, אַז איר מוזט? האַלט אַיין אייער צונג און לאָזט מיך צו רו... גוט, אַלנפאַלס קענט איר רופן פּאָליציי און איך וועל ביי אייך גאָרנישט ניט גנבענען. נו, אַ גוטן, אַ גוטן! מיין נאָמען איז טאַנגען — איך האָב זיך אַ ביסל פאַרזעסן...

עמעצער גייט אויף די טרעפּ. איך קער זיך תּיכּף אום צו דער ווירקלעכקייט, דערקען די „שער" און באַהאַלט שנעל די קנעפּלעך אין קעשענע. ער וויל מיך פאַרביי גיין, ענטפערט ניט אפילו אויף מיין באַגריסונג, פּלוצלונג איז ער אַזוי פלייסיק פאַרנומען מיט זיינע נעגל. איך שטעל זיך אָפּ און פרעג זיך נאָך אויפן רעדאַקטאָר.

— נאָך ניט געקומען.

— איר ליגט! — זאָג איך, און מיט אַ פרעכהייט, וואָס האָט איבערראַשט מיך אַליין, האָב איך צוגעגעבן: — איך מוז זיך מיט אים דורכריידן. אַ דרינגענדער ענין. וויכטיקע ידיעות.

— און מיר קענט איר עס ניט זאָגן?

— אייך? — האָב איך געזאָגט און אָפּגעמאָסטן די „שער" מיט די אויגן.

דאָס האָט געהאַט אַ ווירקונג. ער האָט זיך גלייך אויפגעהויבן מיט מיר אין דער הייך און מיר געעפנט די טיר. דאָס האַרץ איז מיר שיר ניט אַרויסגעשפּרונגען. איך האָב שטאַרק צוזאַמענגעדריקט די ציין, כדי זיך צוצוגעבן מוט, אָנגעקלאַפּט און אַריין אין דעם רעדאַקטאָרס פּריוואַט-קאַבינעט.

— גוט מאָרגן! דאָס זייט איר? — האָט ער פריינדלעך געזאָגט — זיצט.

ווען ער וואָלט מיר גלייך געוויזן די טיר, וואָלט מיר אַ סך לייכטער געווען; איך האָב דערפילט טרערן און געזאָגט:

— אַנטשולדיקט מיך...

— זעצט אייך — האָט ער איבערגעחזרט.

איך האָב זיך געזעצט און דערקלערט, אַז איך האָב אַ נייעם אַרטיקל, וועלכן מיר איז זייער נוגע אָפּצודרוקן אין זיין צייטונג. איך האָב אַזוי פיל איבער אים געאַרבעט, ער האָט מיר געקאָסט אַזוי פיל אָנשטרענגונג.

— איך וועל אים לייענען — האָט ער געזאָגט און גענומען דעם מאַנוסקריפּט — אַלץ, וואָס איר שרייבט, קאָסט אייך גרויס אָנשטרענגונג, אָבער איר זייט צו האַסטיק. ווען איר וואָלט קענען זיין אַ ביסל קאַלטבלוטיקער! איר האָט שטענדיק צו פיל ברען. איך וועל דאָס אָבער לייענען.

און ער האָט זיך ווידער אומגעווענדט צו זיין טיש.

איך בין געזעסן. זאָל איך ביי אים בעטן אַ קראָן? ערקלערן אים, פון וואַנען עס שטאַמט דער אייביקער ברען? ער וועט מיר געוויס העלפן; דאָס איז דאָך ניט צום ערשטן מאָל.

איך האָב זיך געשטעלט. הם! אָבער דאָס לעצטע מאָל, אַז איך בין ביי אים געווען, האָט ער זיך געקלאָגט אויפן מאַנגל אין געלט, אַפילו געשיקט ערגעץ דעם קאַסיר נאָך קליינגעלט פאַר מיר. דאָסגלייכן איז איצט אויך, מסתמא. ניין, דאָס קען ניט זיין. צי דען האָב איך ניט געזען, אַז ער איז געווען פאַרנומען?

— איר פאַרלאַנגט נאָך וואָס? — האָט ער געפרעגט.

— ניין! — האָב איך געזאָגט און צוגעגעבן מיין שטים אַ פעסטקייט. — ווען זאָל איך אַריינקומען?

— אָך, ווען עס איז, פאַרבייגייענדיק, — האָט ער געענט־פערט, — אין אַ פּאָר טעג אַרום, אומגעפער.

איך האָב ניט געקענט אַרויסריידן פון מויל מיין בקשה. די פריינדלעכקייט פון דעם דאָזיקן מענטש האָט אויסגעוויזן אָן

א גרענעץ, איך האָב עס באַדאַרפט אָפּשאַצן. בעסער שטאַרבן פון הונגער. און איך בין אַוועק.

און אַפילו זייענדיק שוין הינטער דער טיר און דערפילנדיק א נייעם אָנפאַל פון הונגער, האָב איך ניט חרטה געהאַט, וואָס איך האָב פאַרלאָזט די רעדאַקציע, ניט בעטנדיק קיין קראָן. איך האָב אַרויסגענומען דאָס צווייטע שפּענדל פון קעשענע און אריינגעלייגט אין מויל. ס'האָט ווידער געהאָלפן. פאַרוואָס האָב איך דאָס פריער ניט געטאָן? דו דאַרפסט זיך שעמען! — האָב איך הויך געזאָגט — ווי האָט דאָס דיר געקענט איינפאַלן צו בעטן ביי דעם דאָזיקן מענטשן א קראָן און ווידער שטעלן אים אין א פאַרלעגנהייט? און איך האָב זיך געהייסן נעמען אין אַכט די דאָזיקע אומפאַרשעמטקייט, וואָס האָט מיך באַהערשט. „מיאוסער קען שוין ניט זיין! — האָב איך געזאָגט: — אָנפאַלן אויף א מענטשן און כמעט אויסדראַפּען אים די אויגן נאָר דערפאַר, ווייל דו דאַרפסט האָבן א קראָן, אומגליקלעכער הונט! נו, מאַרש! גיכער, גיכער, דו גולם! איך וועל דיר ווייזן!"

איך האָב אָנגעהויבן לויפן, כדי זיך צו באַשטראָפן, דורכגעשפּרונגען איין גאַס נאָך דער אַנדערער, געיאָגט זיך פאָראויס, מיט א פאַרביסנקייט זיך אַליין אָנגעטריבן און שטומערהייט געשריען אויף זיך, ווען איך האָב זיך געוואָלט אָפּשטעלן. אַזוי-אַרום בין איך אַרויסגעקומען ווייט אַרויף אויף פּילעסטרעדע. אז איך האָב זיך סוף-כל-סוף אָפּגעשטעלט, כמעט וויינענדיק פאַר כעס, וואָס איך קען מער ניט לויפן, האָב איך געציטערט מיטן גאַנצן קערפּער און האָב זיך אַראָפּגעלאָזט ערגעץ אויף א טרעפּ. ניין, וואַרט-אויף! — האָב איך געזאָגט. און כדי צו באַשטראָפן זיך ווי עס דאַרף צו זיין, האָב איך זיך ווידער געשטעלט און זיך געצוואונגען צו שטיין און געלאַכט פון זיך אַליין און זיך געפרייט איבער מיין אייגענער אָפּגעשוואַכטקייט. ענדלעך, אין עטלעכע מינוט אַרום, האָב איך צו זיך אַליין א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און דערלויבט זיך צו זעצן; אי דאָס נאָך אויסגעקליבן דעם אומבאַקוועמסטן אָרט אויף די טרעפּ.

גאָט מיינער, ווי זיס עס איז געווען אָפּצורוען! איך האָב

אָפּגעווישט דעם שווייס פון פּנים און טיף אַיינגעטעמט פרישע לופט. ווי איך בין דאָס געלאָפן! אָבער איך האָב ניט געהאַט אויף זיך קיין רחמנות—איך האָב עס כשר פאַרדינט. פאַרוואָס האָב איך געוואָלט בעטן אַ קראָן? אָט איז דער פּועל־יוצא. און איך האָב אָנגעהויבן מילד צו ריידן מיט זיך אַליין, זאָגן זיך מוסר, ווי דאָס וואָלט געקאָנט טאָן אַ מוטער. דאָס האָט אַלץ מער און מער מיך גערירט, און אַ מידער, אַן אָפּגעשוואַכטער האָב איך אָנגעהויבן צו וויינען. אַ שטילער, פאַרבאָרגענער געוויין, אַן אינעווייניקסטער יאָמער, אָן טרערן...

איך בין געזעסן אויפן זעלבן אָרט אַ פערטל שעה אָדער מער. מענטשן זיינען געקומען, אַוועקגעגאַנגען און קיינער האָט מיך ניט באַאומרויִקט. דאָ און דאָרט אַרום מיר האָבן זיך געשפּילט קליינע קינדער, אויף דער אַנדערער זייט גאַס, אויף אַ בוים האָט געזונגען אַ פייגעלע.

צו מיר איז צוגעגאַנגען אַ פּאָליציאַנט.

— וואָס זיצט איר דאָ? — האָט ער געזאָגט.

— וואָס זיץ איך דאָ? — האָב איך איבערגעפרעגט — ס'איז אַיינגענעם צו זיצן.

— שוין אַ האַלבע שעה, אַז איך אָבסערוויר אייך דאָ, — האָט ער געזאָגט. — איר זיצט שוין דאָ אַ האַלבע שעה?

— יאָ, אומגעפער, — האָב איך געענטפערט. — וואָס נאָך?

איך האָב זיך אין כעס אויפגעהויבן און בין אַוועק.

געקומען אויפן מאַרקפּלאַץ, בין איך געבליבן שטיין און אַראָפּגעקוקט אויף דער גאַס. ס'איז אַיינגענעם צו זיצן! דאָס איז אויך אַן ענטפער? פאַר מידקייט! — האָסטו באַדאַרפט צו זאָגן, און זאָגן עס מיט אַ וויינענדיקן קול. — גולם, דו וועסט זיך שוין קיינמאָל ניט אויסלערנען צו חנפענען! — פאַר אָפּגעשוואַכטקייט! און דו האָסט באַדאַרפט זיפצן ווי אַ פערד.

צוגעקומען צו דער בראַנדוואַך, בין איך ווידער שטיין געבליבן פאַרכאַפּט פון אַ נייעם איינפאַל. איך האָב צוגעקנאַקט מיט די פינגער, אויסגעבראָכן אין אַ הילכיקן געלעכטער, וואָס האָט איבערראַשט די פאַרבייגייער, און געזאָגט:

— ניין, דו מוזט טאַקע אַריין צום פאַסטאָר לעוויאָן. אומ־באַדינגט! גלאַט אַזוי, פשוט פרובירן. וואָס האָסטו צו פאַרזאַמען? און דער וועטער איז גרויסאַרטיק.

איך בין אַריין אין פאַשאַם בוכהאַנדלונג, אויפגעזוכט אין אַדרעסנבוך דעם פאַסטאָר לעוויאָנס וואוינונג און געלאָזט זיך צו אים גיין. איצט איז די צייט! — האָב איך געזאָגט — מאַך ניט קיין שטיק! יושר, זאָגסטו? נאַרישקייטן! דו ביסט צו אָרעם צו האָבן יושר, דו ביסט הונגעריק, דו קומסט מיט אַ וויכטיקער בקשה וועגן אַ נויטווענדיקער דרינגלעכער זאַך. אָבער דו מוזט אָנבייגן דעם קאָפ אויף אַ זייט און צוגעבן אַ ניגון צו דיינע רייד. דאָס ווילסטו ניט? טאָ זיי וויסן, אַז איך מאַך מיט דיר קיין איין טראָט ניט מער. ווייטער: דו ביסט אין דעם צושטאַנד פון אַן אַפעקט, קעמפסט אין די נעכט מיט פינסטערע קרעפטן, מיט גרויסע שטומע מאָנסטערס, אַז ס'איז אַ גרויל, הונגערסט, ביסט דאָרשטיק נאָך ווײַן און מילך און דו באַקומסט גאָרנישט. אַזוי ווייט האַלטסטו שוין. אָט שטייסטו דאָ איצט און האָסט ניט קיין טראָפן אייל אין דיין לאָמפ. אָבער דו גלייבסט אין חסד. נאָט צו דאַנקען, דיין גלויבן האָסטו נאָך ניט פאַרלוירן! און דו דאַרפסט צוזאַמענלייגן די הענט און אויסזען ווי אַ ריינער שטן צו גלייבן אין חסד. וואָס איז שייך דעם עגל הזהב, פאַרהאַסטו אים אין אַלע זיינע גע־שטאַלטן. אַן אַנדערע זאַך איז דאָס פסאַלמענבוך, אַן אָנדענק פאַר אַ פאָר קראָן... איך בין שטיין געבליבן ביי דעם פאַסטאָרס טיר און איבערגעלייענט: „נעמט אויף פון 12 ביז 4״.

— איצט וואַרף אַוועק אַלע נאַרישקייטן! — האָב איך געזאָגט: — ס'איז נאָר קיין געלעכטער ניט! אַלזאָ, דעם קאָפ אַראָפגעלאָזט, נאָך אַ ביסל... און איך האָב אָנגעקלונגען אין דער וואוינונג.

— איך האָב געוואָלט ריידן מיטן פאַסטאָר, — האָב איך געזאָגט צו דער דינסט־מיידל, אָבער ס'איז מיר אוממעגלעך געווען אַריינצופלעכטן גאָטס נאָמען.

— ער איז אַוועק, — האָט זי געענטפערט.

אַוועק! דאָס האָט צעשטערט מיין גאַנצן פּלאַן, פולשטענדיק איבערגעקערט אַלץ, וואָס איך האָב זיך געקליבן צו זאָגן. וואָס איז געווען די פּעולה פון דעם לאַנגן וועג? און איך בין געבליבן שטיין אַ פאַרגליווערטער.

— אַ וויכטיקער ענין? — האָט דאָס מיידל געפרעגט.

— אָ ניין! — האָב איך געענטפע־ט, — אַבסאָלוט גאָרנישט. — ס׳איז געווען אַזאַ פּראַכטפולער וועטער און איך האָב זיך געוואָלט דורכגיין און אָפּגעבן שלום דעם הער פּאַסטאָר.

איך בין געשטאַנען און זי איז געשטאַנען. איך האָב בכיוון אויסגעשטעלט די ברוסט, כדי צו מאַכן זי אויפמערקזאַם אויף מיין שפּילקע, מיט וועלכער ס׳איז געווען צוגעשפּיליעט מיין רעקל; איך האָב זי מיט די אויגן געבעטן פאַרשטיין, נאָך וואָס איך בין געקומען, אָבער די אָרעמינקע האָט, נעבעך, גאָרנישט פאַרשטאַנען.

— אַ וועטער אַ געבענטשטער פון גאָט, יאָ. צי איז אויך די פרוי פּאַסטאָר ניטאָ אין דער היים?

— יאָ, אָבער זי האָט אַ רעוומאַטיזם, ליגט אויף דער זאָפע און קען זיך ניט רירן... אפשר ווילט איר איבערלאָזן אַ צעטל?

— אָ ניין! פּשוט איך מאַך פון צייט צו צייט אַזאַ שפּאַציר, זיך געוואָלט אַ ביסל אָפּפרישן. נאָך מיטאָג איז געווען אַזוי גוט.

איך האָב זיך געלאָזט גיין צוריק. וואָס קענען מיר ניצן געשפּרעכן? אויסערדעם האָב איך אָנגעהויבן צו שפּירן אַ שווינדל אין קאָפּ; איך האָב ניט געהאַט קיין טעות, איך בין שיר ניט געפאַלן אויף אַן אמת. נעמט אויף פון 12 ביז 4; איך האָב אָנגעקלאַפּט מיט אַ פאַרשפּעטיקונג אויף אַ גאַנצער שעה. די שעה פון רחמים איז אַריבער.

אויפן סטאָרטאָרד־פּלאַץ האָב איך זיך צוגעזעצט אויף אַ באַנק ביים קלויסטער. גאָט מיינער, ווי שוואַרץ האָט איצט אַלץ אויסגעזען! איך האָב ניט געוויינט, איך בין געווען צו מיד; אויסגעמאַטערט ביז לעצט, בין איך דאָרט געזעסן, גאָרנישט פאַרנעמענדיק, אומבאַוועגלעך געזעסן און געהונגערט. איך האָב זיכער געהאַט אַ אַנטצינדונג אין ברוסט, עס האָט אַזוי פּיינלעך געברענט

אינעווייניק. קייען דאָס שפּענדל האָט שוין מער ניט געהאָלפֿן; מיינע קינבאַקן זיינען שוין מיד געוואָרן פֿון דער פּרוכטלאָזער אַרבעט און איך האָב זיי געלאָזט רוען. איך האָב זיך אונטערגעגעבן. דערצו נאָך האָט מיך געאיבלט פֿון דעם שטיקל אַלטן אַפּעלסין=שאָלעכץ, וואָס איך האָב אויפגעהויבן אויף דער גאַס און גלייך גענומען קייען. איך בין געווען קראַנק; די אָדערן אויף מיין האַנט זיינען געווען בלוי און אָנגעשוואָלן.

אויף וואָס האָב איך אייגנטלעך געוואַרט? אַ גאַנצן טאָג בין איך אַרומגעלאָפֿן נאָך אַ קראָן, וואָס האָט געקענט אונטערהאַלטן דאָס לעבן בלויז אויף עטלעכע שעה לענגער. איז עס סוף=כל=סוף ניט אַלץ איינס, צי דאָס אומפֿאַרמיידלעכע זאָל געשען מיט אַ טאָג פֿריער אָדער מיט אַ טאָג שפּעטער? אַז איך וואָלט זיך אויפגעפֿירט ווי אַן אָנשטענדיקער מענטש, וואָלט איך פֿון לאַנג שוין אַוועק אַהיים, וואָלט זיך געלייגט און אונטערגעגעבן זיך. אין דעם מאָמענט איז מיין געדאַנק געווען קלאָר און לויטער. איצט האָב איך באַדאַרפֿט שטאַרבן. ס'איז געווען האַרבסט=צייט, אַלץ איז געווען פֿאַרזונקען אין שלאָף. איך האָב אויסגעפּרוווט אַלע מיטלען, אויסגעניצט אַלע הילפֿס=קוואַלן, וועלכע איך האָב געקענט. איך האָב זיך סענטימענטאַל אַרומגעטראָגן מיט דעם דאָזיקן געדאַנק און יעדעס מאָל, ווען איך האָב געהאָפֿט אויף אַ נייעם גליק, האָב איך טרויעריק געפּליסטערט: נאַר דו איינער, און דו האָסט שוין אָנגעהויבן שטאַרבן!

איך האָב באַדאַרפֿט אָנשרייבן אַ פּאָר בריוו, ברענגען אַלץ אין אָרדענונג, צוגרייטן זיך. איך וועל זיך גוט אײַנוואַשן און מיין בעט צוקלייבן. דעם קאָפּ וועל איך אַוועקלייגן אויף אַ פּאָר בויגן וויים פּאַפּיר — די ריינסטע זאַך, וואָס איך האָב נאָך פֿאַרמאָגט. און מיט דער גרינער דעקע האָב איך געקענט...

די גרינע דעקע! איך האָב זיך פּלוצלונג אויפגעכאַפּט, דאָס בלוט האָט מיר אַ קלאַפּ געטאָן אין קאָפּ און איך האָב באַקומען אַ האַרצקלאַפּעניש. איך הייב זיך אויף פֿון באַנק און הייב אָן שפּאַנען, דאָס לעבן צאַפּלט אומעטום אין מיר אויף דאָס ניי אויף און איך חזר נאָכאַנאַנד איבער די אָפּגעריסענע ווערטער: די גרינע

דעקע! די גרינגע דעקע! איך גיי אַלץ שנעלער און שנעלער, ווי איך וואָלט עמעצן דאַרפֿן דעריאָגן, און אין אַ קורצער צייט אַרום שטיי איך שוין ווידער בײַ זיך אין דער היים אין בלעכערײַ.

ניט אָפּגעהאַלטן זיך אויף אַ רגע, ניט געוואַקלט זיך אין מײַן באַשלוס, גיי איך צו צום בעט און דריי צונויף האַנס פּאַולים דעקע. ס'וואָלט געווען מאָדנע, ווען מײַן הערלעכער אײַנפֿאַל וואָלט מיך ניט געראַטעוועט! איך האָב זיך אומענדלעך דערהויבן איבער דער נישטיקער אומאַנטשלאָסנקייט, וואָס האָט מיך באַהערשט, איך האָב אַ מאַך געטאָן אויף איר מיט דער האַנט. איך בין ניט קיין הייליקער, ניט קיין פֿרומער שטעקן. איך בין נאָך געווען בײַם פֿולן זינען... און איך האָב גענומען די דעקע אונטערן אָרעם און בין אַוועק אויף סטענערסגאַדע נומער 5.

איך האָב אָנגעקלאַפּט און צום ערשטן מאָל אַרײַן אין אַ גרויסן אומבאַקאַנטן זאַל. דאָס גלעקל אויף דער טיר האָט זיך צעקלונגען איבער מײַן קאָפּ מיט אַ גאַנצער מאַסע פֿון פֿאַר־צווייפֿלטע קלאַנגען. עפּעס אַ מענטש איז אַרויסגעגאַנגען פֿון אַ דער־בײַיקן צימער, קײַענדיק מיט אַ פֿולן מויל, און האָט זיך אַוועק־געשטעלט בײַם טאָמבאַנק.

— גיט מיר אַ האַלבע קראָן פֿאַר מײַנע ברילן! — האָב איך געזאָגט: — אין עטלעכע טעג אַרום וועל איך זיי אויסקויפֿן, אומבאַדינגט.

— וואָס? ניין. דאָס איז דאָך שטאָלענע ברילן?

— יאָ.

— ניין, איך קען ניט.

— נו, נאַטירלעך, קענט איר ניט. אייגנטלעך, האָב איך דאָך עס נאָר געמאַכט אַ שפּאַס. און דערצו האָב איך נאָך אַ דעקע, וואָס אין גרונט גענומען, דאַרף איך זי שוין מער ניט האָבן. און איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז איר וואָלט מיך געקענט פֿון איר אויסלייזן.

— לײַדער, האָב איך אַ גאַנצן לאַגער מיט דעקעס, — האָט ער געענטפֿערט.

און אַז איך האָב פונאַנדערגעלייגט די דעקע, האָט ער גע־וואָרפן אויף איר אַן איינציקן בליק און אויסגערופן:

— ניין, אַנטשולדיקט, איך דאַרף עס אויך ניט האָבן!

— אַפריער האָב איך אַייך געוואָלט ווייזן די ערגערע זייט, — האָב איך געזאָגט: — פון יענער זייט איז זי אַ סך בעסער.

— עס העלפט ניט, איך וועל עס ניט נעמען און איר וועט ערגעץ ניט קריגן דערפאַר קיין צען עֶרע.

— ניין, ס'איז קלאָר, אַז זי איז נאָרנישט ווערט, — האָב איך געזאָגט: — אָבער איך האָב געמיינט, אפשר וואָלט מען זי געקענט פאַרקויפן צוזאַמען מיט נאָך אַן אַלטער דעקע.

— ניין, ניין, עס טויג ניט.

— פינף און צוואַנציק ערע? — האָב איך זיך געבעטן.

— ניין, איך וויל זי איבערהויפט ניט האָבן. איך וויל זי אין מיין שטוב ניט האַלטן.

און איך האָב ווידער גענומען די דעקע אונטערן אָרעם און בין אַוועק אַהיים.

ווי קיינמאָל וואָלט גאָרנישט געשען, האָב איך אויסגעשפרייט די דעקע אויפן בעט, פליסיק זי אויסגעגלעט און זיך גענומען צו פאַרגלעטן די שפורן פון מיין לעצטער האַנדלונג. איך ווייס ניט, צי איך בין געווען ביים פולן זינען אין דעם מאָמענט, ווען איך האָב אָנגענומען דעם באַשלוס צו באַגיין דעם דאָזיקן שווינדל. און וואָס מער איך האָב וועגן דעם געטראַכט, אַלץ מער איז מיר עס פאָרגעקומען אוממעגלעכער. ווייזט אויס, דאָס איז געווען אַן אָנפאַל פון שוואַכקייט, אַ אינערלעכע פאַרטעמפּטקייט, וואָס האָט מיך נעפלעפט. אָבער איך האָב זיך ניט געלאָזט כאַפּן אין דער דאָזיקער פּאַסטקע, איך האָב דערפילט, אַז איך טו אַ פעלער און צו ערשט בפירוש געפּרוווט מאַכן דעם געשעפט מיט די ברילן, און האָב זיך זייער געפרייט, וואָס ס'איז ניט געווען קיין מעגלעכ־קייט צו באַגיין דעם דאָזיקן פאַרברעכן, וועלכער וואָלט פאַר־מיאוסט די לעצטע שעהן פון מיין לעבן.

און ווידער האָב איך זיך געלאָזט בלאָנדזשען איבער דער שטאָט.

איך האָב זיך ווידער אַוועקגעזעצט אויף דער באַנק ביים קלויסטער, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט אויף דער ברוסט, אָפּגעשוואַכט פון דער לעצטער אויפרעגונג, קראַנק און פאַרחלשט פון הינגער. און די צייט איז געגאַנגען.

אויך די דאָזיקע שעה האָב איך געוואָלט פאַרברענגען אויף דער גאַס; דאָ איז געווען אַ ביסל ליכטיקער ווי אין דער היים. דערצו האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אויף דער פרישער לופט נאָגט ניט אַזוי דאָס האַרץ; איך וועל נאָך קומען אַהיים צו דער צייט.

און איך האָב זיך געראַנגלט מיטן שלאָף, געטראַכט און אומגעהייער געליטן. איך האָב אויסגעזוכט אַ קליין שטיינדל, אָפּגעשייערט אים מיטן אַרבל און אַריינגעלייגט אין מויל, איך זאָל האָבן עפּעס צו האַלטן אויף דער צונג; בכלל אָבער האָב איך זיך ניט גערירט און ניט באַוועגט אַפילו מיט די אויגן. מענטשן זיינען געקומען און אַוועקגעגאַנגען. אַ קלאַפּעריי פון רעדער, אַ טראַמפּלעריי פון פערד און שטימען פון מענטשן האָבן אָנגעפילט די לופט.

אפשר זאָל איך פּאָרט פּרווון מזל מיט די קנעפּ? נאַטירלעך, ס'וועט דערפון גאָרנישט אַרויסקומען און אויסערדעם בין איך געווען ממש קראַנק. אָבער אַז מען זאָל גוט באַרעכענען, מוז איך דאָך סיי ווי סיי גיין אַהיים פאַרביי דעם „פעטער".

סוף-כל-סוף האָב איך זיך אויפגעהויבן און לאַנגזאַם און הילפלאָז זיך אַוועקגעשלעפּט איבער די גאַסן. איך האָב געפילט אַ ברענענדיקן ווייטאָג איבער די ברעמען, ס'האָט מיך אָנגעהויבן צו פיבערן און איך האָב זיך געאיילט, ווי נאָר איך האָב געקענט. ווידער בין איך פאַרביי געגאַנגען די בעקעריי, וואו ס'איז אויסגעשטעלט געווען דאָס לעבל ברויט. ניין, דאָ וועלן מיר זיך ניט אָפּשטעלן! — האָב איך געזאָגט מיט אַ געמאַכטער אַנטשלאָסנקייט. און ווי אַז איך זאָל אַריין און בעטן אַ שטיקל ברויט? דאָס איז געווען אַ בליץ-שנעלער געדאַנק, אַ פונק; אין דער אמתן האָב איך דאָס ניט געמיינט. פע! — האָב איך שטיל געזאָגט, אַ שאָקל

געטאָן מיטן קאָפּ און אַוועק ווייטער, שפּאַנדיק איבער זיך אַליין. איך האָב אויסגעצייכנט געוואוסט, אַז ס'איז איבעריק אַריינצוגיין אין קלייט מיט אַזאַ מין בקשה.

אין אַ טויער איז געשטאַנען אַ פּאַרליבט פּאָרל און זיך געסודעט; אַ ביסל ווייטער האָט אַ מיידל אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון אַ פענסטער. איך בין געגאַנגען גאַנץ רויק און לאַנגזאַם. ס'האָט אויסגעזען, ווי איך וואָלט געווען פאַרטיפט אין געדאַנקען, און דאָס מיידל איז אַרויס אויף דער גאַס.

— וואָס איז מיט דיר, אַלטינקער? ביסט קראַנק? גאָט מיינער, ס'אַר אַ פּנים! — און דאָס מיידל איז שנעל אַוועק צוריק.

איך בין מיט אַמאָל געבליבן שטיין. וואָס איז געשען מיט מיין פּנים? צי דען האָב איך שוין אָנגעהויבן צו שטאַרבן? איך האָב אַ טאַפּ געטאָן מיט די הענט מיינע באַקן: מאָגער, נו, אַוודאי בין איך געווען מאָגער. די באַקן זיינען געווען ווי צוויי שאָלן מיט דעם באָדעם אינעווייניק; אָבער, גאָט מיינער!... און איך האָב זיך אַוועקגעשלעפּט ווייטער.

אָבער פּלוצלונג בין איך ווידער שטיין געבליבן. איך האָב געמוזט זיין שרעקלעך אויסגעמאָגערט. די אויגן זיינען מיר אַריין אין קאָפּ. ווי אַזוי האָב איך איינגנטלעך אויסגעזען? איז דאָס ניט קיין שפּיל פון אַ טייוול, אַז אַ פּשוטער הונגער זאָל קענען אַזוי חרוב מאַכן אַ לעבעדיקן מענטשן? ווידעראַמאָל האָב איך דערפילט אין מיר אַ רציחה, דעם לעצטן אויפפלאַם איַרן, אַזש די מוסקלען האָבן מיר געצוקט. „גאָט מיינער, ס'אַר אַ פּנים", האַ? איך בין דאָ אומגעגאַנגען מיט אַ קאָפּ, וואָס זיין גלייכן איז ניט געווען אין גאַנצן לאַנד, מיט אַ פּאָר פויסטן, וואָס האָבן — גאָט זאָל מיר אַזוי העלפן — געקענט אויף שטויב צעמורשטן אַ טרעגער אַפילו, און געהונגערט ביז חלשות אין רעכטן צענטער פון דער שטאָט קרימטיאַניע. האָט עס אַ טעם? איך האָב געלעבט אין אַ שטאַל, טאָג און נאַכט אַרויסגעשלאָגן זיך פון די כוחות ווי אַ פערד, אויסגעבלענדט מיינע אויגן אויף די ביכער, מיין מוח האָט מיר אויסגעדאַרט פון הונגער — און צו וועלכע שוואַרצע יאָר? וואָס האָב איך געהאַט דערפאַר? אַפילו די גאַסנמיידן האָבן גאָט צו הילף

גערופן, דע־זוענדיק מיך. אָבער איצט מוז עס נעמען אַ סוף, — פאַרשטאַנען? עס מוז נעמען אַ סוף, צו אַלדי טייוול!... שיר ניט משוגע פאַר וואַקסנדיקער רציחה, קריצנדיק מיט די ציין פאַר הילפלאָזיקייט, וויינענדיק און שילטנדיק, האָב איך זיך אַוועקגע־שלעפּט ווייטער, ניט אומקוקנדיק זיך אויף די פאַרבייגייער. איך האָב זיך ווידער אָנגעהויבן פייניקן; מיט אַ כיוון געקלאַפּט דעם קאָפּ אָן לאַמטערן־סלופּעס, טיף אַריינגעשטאָכן די נעגל אין האַנט, פאַר משוגעת געביסן זיך די צונג, בשעת זי האָט גערעדט אומזין, און ווילד געלאַכט יעדעס מאָל, ווען עס האָט מיר וויי געטאָן.

„אָבער וואָס זשע זאָל איך טאָן?" — האָב איך לסוף זיך אַליין געפרעגט. און איך גיב עטלעכע מאָל אַ טופּע מיטן פוס און חזר איבער: — „וואָס זשע זאָל איך טאָן?"

עפּעס אַ הער גייט אין דעם מאָמענט פאַרביי און זאָגט מיט אַ שמייכל:

— גייט און לאָזט זיך פאַרשפאַרן אין אַ משוגעים־הויז.

איך האָב אים נאָכגעקוקט. דאָס איז געווען איינער פון אינזערע באַוואוסטע דאַמען־דאָקטוירים מיטן צונעמעניש „הערצאָג". אַפילו ער האָט זיך אויך ניט פאַרשטאַנען אויף מיין צושטאַנד, אַ מענטש, וועלכן איך האָב געקענט און וואָס איך האָב געדריקט זיין האַנט. איך בין געוואָרן שטיל. אין אַ משוגעים־הויז? יאָ, איך בין אַראָפּ פון זינען: ער איז גערעכט. איך האָב געפילט דאָס משוגעת אין מיין בלוט, געפילט, ווי עס יאָגט אין מיין מוח. צָט אַזוי וועל איך אַלזאָ מוזן ענדיקן! יאָ, יאָ! און איך האָב זיך ווידער אַוועקגעשלעפּט מיט אַ לאַנגזאַמען, טרויעריקן טריט. אָט וואָס פאַר אַ סוף איך וועל האָבן!

פּלוצלונג בלייב איך ווידער שטיין.

„נאָר ניט אין משוגעים־הויז! — זאָג איך. — נאָר ניט דאָס!" — איך בין כמעט הייזעריק געוואָרן פאַר שרעק. איך האָב געבעטן רחמים ביי גאָט, מ׳זאָל מיך ניט פאַרשפאַרן. איך וואָלט ווידער אַריינגעפאַלן אין ראָטהויז, פאַרשפאַרט אין דער פינסטערער קאַמער, וואו ס׳איז ניט געווען קיין פונק ליכט. נאָר ניט דאָס! פאַרהאַן נאָך אַנדערע אויסוועגן פאַר מיר. און איך וועל

זיי אויספרווון; איך וועל זיין פלייסיקער, וועל זיך נעמען צייט און וועל ניט מיד ווערן צו גיין פון הויז צו הויז. אָט למשל די מוזיק־האַנדלונג אייסלער, דאָרטן בין איך נאָך גאָרניט געווען. ס'איז נאָך דאָ אַן עצה... אַזוי בין איך געגאַנגען און גערעדט, ביז איך האָב אָנגעהויבן צו וויינען פאַר רחמנות. נאָר ניט זיין פאַר־שפּאַרט! אייסלער? אפשר איז דאָס מן השמים? זיין נאָמען איז מיר אייַנגעפאַלן אָן אַ שום גרונד און ער האָט געוואוינט אַזוי ווייט; אָבער איך וועל צוקומען צו אים, איך וועל גיין לאַנגזאַם און וועל פון צייט צו צייט אָפּרוען. דעם דאָזיקן געשעפט קען איך, איך בין אָפט געווען דאָרטן, אין די גוטע צייטן נאָטן גע־קויפט. בעטן אַ האַלבן קראָן? דאָס קען אים פאַרשעמען; איך וועל בעטן אַ גאַנצע.

איך בין אַריין אין געשעפט און געפרעגט דעם באַלעבאָס; מ'האָט מיר אָנגעוויזן זיין קאַבינעט. דאָרט איז געזעסן אַ מענטש, עלעגאַנט, מאָדיש געקליידט און דורכגעקוקט פאַפּירן. איך האָב אַרויסגעשטאַמלט אַן אַנטשולדיקונג און דערקלערט מיין ענין. געצוואונגען פון דער לאַגע צו אים זיך צו ווענדן... אויף נאָר אַ קורצע צייט... ווי נאָר איך וועל באַקומען האָנאָראַר פאַר מיין אַרטיקל אין צייטונג... ער וועט מיר טאָן די גרעסטע טובה...

נאָך אינמיטן מיינע רייד, האָט ער זיך אומגעווענדט צום טיש און האָט ווייטער געטאָן זיין אַרבעט. אַז איך האָב געענדיקט, האָט ער קרום אויף מיר אַ קוק געטאָן, אַ שאָקל געטאָן מיט דעם שיינעם קאָפּ און געזאָגט:

— ניין!

פּשוט — ניין. אָן שום ערקלערונגען. מער קיין וואָרט ניט!

די קני האָבן מיר שטאַרק געציטערט און איך האָב זיך אָנגעשפּאַרט אָן אַ פּאָלירטן שרענקל. איך האָב געפּרווט נאָך אַמאָל. פאַרוואָס גראָד ער איז מיר געקומען אויפן זינען, כאָטש איך האָב געוואוינט אַזוי ווייט פון אים. איך האָב דערשפּירט אַ שטעכעניש אין דער לינקער זייט און איך האָב זיך אָפּגעזאָגן מיט אַ שוויים. הם! איך בין באמת זייער אָפּגעשוואַכט, — האָב איך געזאָגט: — בין גאָר קראַנק, ליידער; ס'וועט אַריבער, זיכער

ניט מער ווי אַ פּאָר טעג, ביז וואַנען איך וועל האָבן די מעגלעכ=קייט אייך צו באַצאָלן דעם חוב. צי וועט ער ניט זיין אַזוי גוט?

— ליבער פריינד, פאַרוואָס זייט איר עפּעס געקומען פּונקט צו מיר? — האָט ער געזאָגט. — פאַר מיר זייט איר אַ פול=שטענדיקער X, וואָס איז געקומען פון דער גאַס. ווענדט זיך אין צייטונג, וואו מען קען אייך.

— מערניט אויף היינטיקן אָוונט! — האָב איך געזאָגט. — די רעדאַקציע איז שוין געשלאָסן און איך בין זייער הונגעריק.

ער האָט פאַרעקשנט געשאָקלט מיטן קאָפּ, געשאָקלט, אַפילו נאָך דאַן, ווען איך האָב זיך שוין גענומען פאַר דער קליאַמקע.

— אַ גוטן! — האָב איך געזאָגט.

„דאָס איז ניט געווען מן השמים" — האָב איך געטראַכט און ביטער אַ שמייכל געטאָן. אַזאַ „מן השמים" וואָלט איך אויך געקענט באַווייזן, אַז ס'וואָלט געהאַלטן דערביי! איך בין אַדורך איין קוואַרטאַל נאָכן אַנדערן, צייטנווייז אָפּרוענדיק אויף טרעפּ. נאָר ניט פאַרשפּאַרן! דער פּחד פאַר דער קאַמער האָט מיך פאַר=פאָלגט די גאַנצע צייט, ניט געלאָזט צורו אויף אַ מינוט; דערזען אויפן וועג אַ פּאָליציאַנט, פלעג איך יעדעס מאָל זיך פאַרנעמען אויף אַ זייטיקער גאַס, כּדי אויסצומיידן די באַגעגעניש. — „איצט וועלן מיר אָפּציילן הונדערט טריט, — האָב איך געזאָגט: — און דערנאָך ווייטער פּרווון מזל! איין מאָל מוז דאָך אָפּגליקן"...

דאָס איז געווען אַ שניט=געשעפט, אַ קראָם, וואו איך בין נאָך קיינמאָל ניט געווען. אַ מאַן, איינער אַליין הינטערן טאָמבאַנק, אין הינטערגרונד — אַ קאַנטאָר מיט אַ פאַרצעלייענעם שילד אויף דער טיר, פּאָליצעס, אָנגעלאָדענע מיט סחורה און אַ לאַנגע שורה טישן. איך האָב צוגעוואַרט, ביז דער לעצטער קונה — אַ יונגע דאַמע מיט חן=גריבעלעך אין די באַקן — איז אַרויס פון קראָם. ווי גליקלעך זי האָט אויסגעזען! איך, מיט דער זיכערנאָדל אין רעקל, האָב אַפילו ניט געפּרוווט מאַכן אויף איר קיין איינדרוק און זיך אָפּגעקערט, קוים איינהאַלטנדיק די טרערן.

— וואָס האָט איר געוואָלט? — האָט דער אָנגעשטעלטער געפרעגט.

— דער פּרינציפּאַל איז דאָ? — האָב איך געפרעגט.

— ער איז אַוועקגעפאָרן אין די בערג, קיין יאָטונהיימען, — האָט ער געענטפערט — אַ וויכטיקער ענין?

— עטלעכע ערע אויף ברויט, — האָב איך געזאָגט, אָנ־שטרענגענדיק זיך אַ שמייכל צו טאָן. — איך בין הונגעריק און האָב ניט קיין גראָשן.

— זייט איר פּונקט אַזוי רייך, ווי איך — האָט ער גע־זאָגט. און גענומען ברענגען אין אָרדענונג די פּעקלעך סחורה.

— אַך, טרייבט מיך ניט, נאָר ניט איצט! — האָב איך געזאָגט, און אַ שוידער איז מיר אַדורך איבערן גאַנצן לייב. — גלעבן, איך גיי אוים פאַר הונגער, — שוין עטלעכע טעג, אַז איך האָב גאָרנישט געגעסן.

מיטן גרעסטן ערנסט, קיין וואָרט ניט גערעדט, האָט ער אָנגעהויבן אויסצוקערן אַלע זיינע קעשענעס.

— אויפן וואָרט האָט איר מיר ניט געוואָלט גלויבן? האַ?

— בלויז פינף ערע, — האָב איך געזאָגט. — און אין צוויי טעג אַרום באַקומט איר צען.

— טייערינקער, איר ווילט, אַז איך זאָל אַרויסגנבענען פון קעסטל — האָט ער אומגעדולדיק געפרעגט.

— יאָ, — האָב איך געזאָגט: — נעמט פינף ערע פון קעסטל.

— ניט געטראָפן דעם אָרט — האָט ער געזאָגט. — און ערלויבט מיר אייך צו זאָגן, אַז ס'איז ניטאָ מער וועגן וואָס צו ריידן.

איך האָב זיך אַרויסגערוקט, קראַנק פון הונגער און ברע־נענדיק פאַר חרפה. ניין, גענוג; איך בין טאַקע צו ווייט פאַר־גאַנגען. איך האָב זיך אַזוי פיל יאָרן פעסט געהאַלטן, זיך ניט אונטערגעגעבן אין אַזעלכע שווערע שעהן און מיט אַמאָל זיך איצט דערנידעריקט ביז צו וואולגאַרער בעטלעריי. דער דאָזיקער איינצי־קער טאָג האָט פאַרפלעקט מיין גאַנצן דענקען, מיט אומפאַרשעמט־קייט באַשמוצט מיין נשמה. איך האָב זיך ניט געשעמט צו וויינען פאַר דעם דאָזיקן נישטיקן קרעמערל און אַפּעלירן צו זיין רחמנות.

און וואָס האָט עס מיר געגעבן? צי דען בין איך סיי ווי ניט געבליבן אָן אַ ביסן ברויט? איך בין דערגאַנגען דערצו, אַז מיך האָט אָנגעהויבן צו עקלען פון זיך אַליין. יאָ, עס מוז נעמען דערצו אַ סוף! פונקט אין דער זעלבער צייט ווערן פאַרשפאַרט די טויערן פון מיין הויז און איך האָב זיך געמוזט צואַיילן, אויב איך האָב ניט געוואָלט ווידער איבערנעכטיקן די נאַכט אין ראָטהויז...

דאָס האָט מיר צוגעגעבן כוחות; נעכטיקן אין ראָטהויז האָב איך ניט געוואָלט. דעם קערפער אויסגעשטרעקט פאָרויס, די האַנט איינגעשפאַרט אין דער לינקער זייט, כדי אַ ביסל לינדער צו מאַכן דאָס שטעכעניש, האָב איך זיך אַוועקגעשלעפט ווייטער, די אויגן צוגעשמידט צום טראָטואַר, כדי באַקאַנטע זאָלן ניט זיין געצוואונגען צו באַגריסן זיך מיט מיר, און געאַיילט זיך צו דער בראַנדוואַך. גאָט צו דאַנקען! אויפן קלויסטער=טורעם איז געווען ערשט זיבן אַ זייגער. איך האָב נאָך געהאַט דריי שעה צייט. ווי איך האָב זיך דערשראָקן!

אַלץ איז אַלזאָ אויסגעפרווט געוואָרן! איך האָב אַלץ געטאָן, וואָס איך האָב געקענט. „ווי מיר האָט עס אָבער פאַר אַ גאַנצן טאָג קיין איין און איינציק מאָל ניט אָפגעגליקט!" — האָב איך געטראַכט. ווען איך זאָל עס דערציילן, וואָלט קיינער ניט געגלויבט, און ווען איך זאָל עס באַשרייבן, וואָלט מען געזאָגט, אַז דאָס איז אויסגעטראַכט פון קאָפ. קיין האָר ניט! ניטאָ אַלזאָ מער קיין שום עצה! קודם=כל, ניט מאַכן מער קיין רחמנות=פנימל! פע, דאָס איז עקלהאַפט! גלייב מיר, אַז מיך עקלט פון דיר! קוים איז ניטאָ מער קיין האָפענונג, איז ניטאָ, איז אויס. און אפשר זאָל איך נאָר גנבענען אַ הויפן האָבער פון שטאַל? אַ שטראַל ליכט, אַ פונק — איך האָב געוואוסט, אַז דער שטאַל איז געווען פאַרשלאָסן.

איך האָב דאָס רויק איבערגעטראָכט און לאַנגזאַם געשלעפט זיך אַהיים. איך האָב דערפילט אַ דאָרשט, צום גליק דאָס ערשטע מאָל פאַרן גאַנצן טאָג, און בין געגאַנגען און געזוכט וואו אַ טרונק צו טאָן. איך בין פאַרגאַנגען צו ווייט פון מאַרק און אין אַ פריוואַט הויז האָט זיך מיר ניט געוואָלט אַריין; איך האָב נאָך אפשר געקענט וואַרטן, ביז וואַנען איך וועל קומען אַהיים; עס וועט דויערן

אַ פערטל שעה. איך ווייס נאָך ניט, צי וועל איך קענען פאַרטראָגן אַ טרונק וואַסער. מיין מאָגן האָט שוין איבערהויפּט קיין זאַך ניט פאַרטראָגן, עס האָט מיך געאיבּלט אַפילו פון דעם שליים, וואָס איך האָב געשלונגען.

און די קנעפּלעך? איך האָב נאָך ניט געפּרווט גליק מיט די קנעפּלעך? און איך האָב אָנגעהויבּן צו שמייכלען. אפשר וועט זיך נאָך געפינען אַן אויסוועג! איך בין ניט אינגאַנצן פאַרשאָלטן! צען ערע וועל איך זיכער פאַר זיי באַקומען, מאָרגן וועל איך ערגעץ קריגן נאָך צען און איבערמאָרגן וועל איך אָפּנעמען דעם האָנאָראַר פאַרן צייטונגס־אַרטיקל. איך דאַרף נאָך אַ ביסל קומען צו זיך און עס וועט זיין נישקשה. ווי אַזוי האָב איך עס מאַקע געקענט פאַרגעסן אָן די קנעפּלעך! איך האָב זיי אַרויסגענומען פון קעשענע און גייענדיק זיי באַטראַכט; מיר איז פינסטער געוואָרן אין די אויגן פאַר פרייד, איך האָב ניט געזען פאַר זיך די גאַס.

ווי גוט איך האָב געקענט דעם גרויסן קעלער, מיין שוץ אין די פינסטערע אָוונטן, מיין פריינד און בלוטצאַפּער! אַ חפץ נאָך אַ חפץ — און מיין גאַנץ פאַרמעגן איז אַריבער אַהינצו, אַלע מיינע שטובּיקע קלייניקייטן, מיין לעצטער בוך. אין די טעג פון אויקציאָן פלעג איך גיין אַהינצו קוקן און יעדעס מאָל זיך געפרייט, ווען עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז מיינע ביכער פאַלן אַריין אין גוטע הענט. מיין זייגער איז געווען ביים אַרטיסט מאַגעלסען און איך בין געווען כמעט שטאָלץ דערמיט; דעם אַלמאַנאַך מיט מיין ערשטן פּאָעטישן פּרווו האָט אָפּגעקויפט מיינער אַ באַקאַנטער, און מיין מאַנטל איז אַריינגעפאַלן צו איינעם אַ פאָטאָגראַף אויף אויסלייען אין אַטעליע זיינע קונדן. אין קיין פאַל אַלזאָ האָב איך גאָרנישט ניט געהאַט אויסצוזעצן.

איך בין אַריין מיט די קנעפּלעך אין דער האַנט. דער „פעטער" איז געזעסן ביי זיין פולט און געשריבּן.

— איך האָב צייט, — האָב איך געזאָגט אויס מורא אים צו שטערן און אַריינבּרענגען אין כעס. מיין קול האָט מאָדנע טויב געקלונגען, איך האָב אים אַליין כמעט ניט דערקענט, און דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט ווי אַ האַמער.

ער איז צוגעגאַנגען צו מיר מיט זיין שטענדיקן שמייכל, ביידע הענט אַוועקגעלייגט אויפן טאַמבאַנק און מיך ערנסט אָנ־געקוקט.

— איך האָב עפּעס געבראַכט און געוואָלט אייך פרעגן, אפשר וועט עס אייך אַמאָל צוניץ קומען... דאָס האָט מיר אין דערהיים בלויז געשטערט, איך פאַרזיכער אייך; ממש גענערגערט... עטלעכע קנעפּלעך...

— וואָס־זשע איז דאָס, אַזוינס? וואָס איז דאָס פאַר אַ קנעפּ־לעך? — און ער האָט מיר אַריינגעקוקט גלייך אין האַנט אַריין.

— צי וואָלט ער מיר ניט געקענט געבן פאַר זיי עטלעכע ערע? וויפיל ער געפינט פאַר מעגלעך... לויט זיין אייגענעם איינזען...

— פאַר די קנעפּלעך?

און דער „פעטער" האָט פאַרוואונדערט אויף מיר אַ קוק געטאָן:

— אָט פאַר די קנעפּלעך?

— אויף אַ ציגאַר אָדער דאָס גלייכן. איך בין געגאַנגען פאַרביי און אַריין אַ פרעג טאָן.

דאָ האָט זיך דער אַלטער וואָכערניק צעלאַכט און איז צוריקגעגאַנגען צו זיין פּולט, ניט זאָגנדיק מער קיין וואָרט. איך בין אַלץ געשטאַנען. איך האָב אייגנטלעך ניט שטאַרק געהאָפט, פונדעסטוועגן האָב איך גערעכנט, אַז אַ ביסל וועל איך געהאָלפן ווערן. דער דאָזיקער געלעכטער איז געווען אַ טויט־אורטייל... אפשר זאָל איך אַ פּרווו טאָן צוזאַמען מיט די ברילן?

— איך וועל נאַטירלעך געבן מיינע ברילן אַלס צוגאָב, דאָס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, — האָב איך געזאָגט און אַראָפּגענומען די ברילן — סך־הכל צען ערע, אָדער פינף, ווי ער וויל.

— איר ווייסט דאָך, אַז פאַר אייערע ברילן קען איך אייך גאָרנישט ניט געבן, — האָט דער „פעטער" געענטפערט. — איך האָב דאָך אייך שוין איינמאָל געזאָגט.

— אָבער איך דאַרף אַ פּאָסט־מאַרקע — האָב איך געזאָגט מיט אַ פאַרטויבטן קול. — איך קען אַפילו ניט אַוועקשיקן דעם

בריוו, וואָס איך דאַרף אָנשרייבן. אַ מאַרקע פאַר צען אָדער פאַר פינף ערע, ווי ס'איז אים באַקוועמער.

— גייט אייך געזונטערהייט, — האָט ער געענטפערט און זיך אָפּגעמאַכט פון מיר מיט דער האַנט.

„גוט, זאָל זיין אַזוי!״ — האָב איך צו זיך געזאָגט. איך האָב מעכאַניש אָנגעטאָן די ברילן, גענומען די קנעפּלעך און בין אַוועק, זאָגנדיק אַ גוטע נאַכט און פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר, ווי אַלע מאָל. מער איז אַלזאָ ניטאָ וואָס צו טאָן! אויף די טרעפּ האָב איך נאָך אַמאָל אַ קוק געטאָן אויף די קנעפּלעך — „ער האָט זיי גאָרניט געוואָלט נעמען! — האָב איך געזאָגט: — דאָס זיינען נאָך במעט נייע קנעפּ; איך קען עס ניט פאַרשטיין״.

בשעת איך בין געשטאַנען פאַרטראַכט, איז פאַרביי מיר עמעצער אַדורכגעגאַנגען און זיך געלאָזט גיין אַראָפּ צום קעלער. אין אַיילעניש האָט ער מיך אַ לייכטן שטויס געטאָן. מיר האָבן זיך ביידע אַנטשולדיקט, איך האָב זיך אויסגעדרייט און אים נאָכגעקוקט.

— אַך, דאָס ביסטו? — האָט ער פּלוצלונג אַרויסגעשריען פון די טרעפּ. ער איז אַרויפגעקומען, און איך האָב אים דערקענט.

— גאָט איז מיט דיר, ווי דו זעסט אויס! — האָט ער געזאָגט: — וואָס האָסטו דאָ געטאָן?

— אַזוי... געשעפטן! און דו אויך אַהין, ווי איך זע.

— יאָ. וואָס האָבסטו אַהין געטראָגן?

די קני האָבן זיך מיר אונטערגעהאַקט, איך האָב זיך צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט און אויסגעשטרעקט מיין האַנט מיט די קנעפּלעך.

— צום טייוול — האָט ער אויסגערופן. — ניין, דאָס איז שוין צו פיל!

— אַ גוטע נאַכט! — האָב איך געזאָגט און געוואָלט אַוועקגיין; איך האָב געפילט, ווי טרערן שטיקן מיין ברוסט.

— ניין, וואַרט אַ ווײַלע! — האָט ער געזאָגט.

צו וואָס זאָל איך וואַרטן? ער איז דאָך אַליין אויך געגאַנגען צום „פעטער", קען זיין, געטראָגן אַהין זיין קידושין־רינגעלע, עטלעכע טעג געהונגערט, זיך פאַרשולדיקט דער באַלעבאָסטע.

— גוט, אויב נאָר ניט לאַנג.

— פאַרשטייט זיך, — האָט ער געזאָגט און מיך אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט: — אָבער איך מוז דיר זאָגן, אַז איך געטרוי דיר ניט, דו ביסט אַ אידיאָט; בעסער קום צוזאַמען מיט מיר.

איך האָב פאַרשטאַנען, וואָס ער האָט געוואָלט, דערפילט, ווי פּלוצלונג וואַכט אין מיר ווידער אויף מיין ערגעפיל, און האָב געענטפערט:

— איך קען ניט. איך האָב צוגעזאָגט האַלב אַכט אַ זייגער זיין אויף בערנט אַנקער־גאַס, און...

— האַלב אַכט? אויסגעצייכנט! אָבער איצט איז שוין אַכט. אַט האַלט איך דעם זייגער, וועלכער גייט באַלד אַוועק אַהינצו, אונטן. איז קום־מיט מיט מיר, דו הונגעריקער ווינדיקער! איך וועל באַקומען וויינקסטנס פינף קראָן אויף דיין חלק. — און ער האָט מיך אַראָפּגעשטופּט אונטן.

---

# דריטער טייל

אַ גאַנצע וואָך איז אַריבער אין גליק און פרייד. אויך דאָס מאָל בין איך די שלעכטע צייט בשלום אַריבערגעקומען, אַלע טאָג געגעסן, מיין מוט איז געוואַקסן און איך האָב געזוכט אויס־צוניצן די צייט ווי ווייט עס האָט זיך געלאָזט. איך האָב געאַרבעט איבער דריי־פיר אַרטיקלען, וועלכע האָבן אַוועקגענומען ביי מיין מוח יעדן געדאַנק, יעדן פונק, און איך האָב אַיינגעפונען, אַז עס איז מיר קיינמאָל אַזוי גוט ניט געגאַנגען. דעם לעצטן אַרטיקל, וואָס האָט מיר געקאָסט אַזוי פיל מי און וואָס איך האָב געלייגט אויף אים אַזוי פיל האָפענונגען, האָט מיר דער רעדאַקטאָר צוריקגע־שיקט; אויפגעבראַכט און באַליידיקט, האָב איך אים גלייך פאַר־ניכט, אַפילו ניט איבערגעלייענט. אויף ווייטער וועל איך זען זיך אַיינצואָרדענען אין אַן אַנדערער צייטונג, כדי צו האָבן עטלעכע אויסוועגן. אין ערגסטן פאַל, אויב דאָס וועט אויך ניט העלפן, וועל איך זיך פאַרדינגען אויף אַ שיף. די „נאָנע“ שטייט ביים האַפן מיט אויסגעשפרייטע זעגלען, אפשר וואָלט זי מיך פאַר־אַרבעט מיטגענומען קיין אַרכאַנגעלסק, אָדער וואוהין זי וועט גיין. הכלל, איך האָב געהאַט גענוג אויסזיכטן.

דער לעצטער קריזיס האָט מיר גוט צוגעדינט; די האָר זיינען מיר אויסגעקראָכן מאַכנווייז. דער קאָפּווייטאָג איז געווען זייער פיינלעך, באַזונדערס אינדערפרי, און די נערוועזיטעט האָט ניט אויפגעהערט. אַ גאַנצן טאָג בין איך געזעסן און געשריבן, די הענט אַרומגעוויקלט אין טיכלעך, וואָרעם איך האָב ניט געקענט פאַרטראָגן מיין אייגענעם אָטעם. אַז יענס אָלאַי האָט אונטן צו שטאַרק געקלאַפּט מיט דער טיר אין שטאַל, אָדער אַז ערגעץ,

אויפן הינטער־הויף, האָט געבילט אַ הונט, פּלענט מיך טיף אַדורכ־נעמען אַ קעלט איבער אַלע גלידער. איך בין שטאַרק אַרונטער.

טאָג־איין, טאָג־אויס האָב איך געהאָרעוועט אויף מיינע אַרטיקלען, קוים געהאַט צייט אָפּצועסן מיטאָג און ווידער געזעצט זיך שרייבן. מיין קליינער וואַקלדיקער שרייבטיש און מיין בעט זיינען דאַן געווען פאַרוואָרפן מיט נאָטיצן און פאַרשריבענע בלעט־לעך, וועלכע איך האָב ביסלעכווייז באַאַרבעט. איך פלעג צוגעבן נייע זאַכן, וואָס זיינען מיר איינגעפאַלן אין משך פון טאָג, אויס־געמעקט, אָפּגעפרישט אייניקע טויטע שטעלן מיט אַ פאַרביקן וואָרט, געשלעפט זיך מיט דער גרעסטער מי פון זאַץ צו זאַץ, ביז איינ־מאָל פאַרנאַכט איז איינער פון מיינע אַרטיקלען ענדלעך פאַרטיק געוואָרן, און אַ גליקלעכער, אַ צופרידענער, האָב איך אים אַריינגע־לייגט אין קעשענע און בין אַוועק צום „קאָמאַנדיר". עס איז שוין לאַנג צייט געווען אַ טראַכט צו טאָן וועגן געלט, ווייל איך האָב שוין געהאַט בלויז אַ פּאָר ערע.

דער „קאָמאַנדיר" האָט מיך געבעטן אַ ווײַלע זיצן, ער וועט באַלד... און ער האָט ווייטער געשריבן.

איך האָב באַטראַכט דאָס קליינע ביוראָ: ביוסטן, ליטאָ־גראַפיעס, אויסשניטן, אַ משונה־גרויסער קאָרב, וואָס האָט געקענט, דאַכט זיך, איינשלינגען אַ מענטשן ווי גרויס ער איז. מיר איז טרויעריק געוואָרן אָנצוקוקן דעם דאָזיקן אומגעהייערן מויל, דעם דאָזיקן מויל פון אַ חיה־רעה, דעם אייביק צעעפנטן, אייביק גרייטן איינצושלינגען נייע אָפּגעוואָרפענע אַרבעטן, — נייע צעשטערטע האָפענונגען.

— וואָס פאַר אַ דאַטע האָבן מיר? — זאָגט פּלוצלונג דער „קאָמאַנדיר" ביים טיש.

— דעם אַכט און צוואַנציקסטן! — ענטפער איך, צופרידן, וואָס איך קען אים מיט עפּעס דינען.

— דעם אַכט און צוואַנציקסטן. — און ער שרייבט ווייטער. ענדלעך פאַרקלעפט ער אַ פּאָר בריוו, וואַרפט אַריין אין קאָרב עטלעכע פּאַפּירן און לייגט אַוועק די פעדער. דערנאָך דרייט ער זיך אויס אויף דעם שטול און קוקט מיך אָן. באַמערקט, אַז איך

שטיי נאָך אַלץ בײַ דער טיר, האָט ער האַלב ערנסט, האַלב אין שפּאַס געמאַכט מיר אַ צייכן מיט דער האַנט און אָנגעוויזן אויפן שטול.

איך קער זיך אָפּ, ער זאָל ניט זען, אַז איך האָב ניט קיין וועסטל, צעעפן דאָס רעקל און נעם אַרויס פון קעשענע דעם מאַנוסקריפּט.

— דאָס איז אַ קליינע כאַראַקטעריסטיק פון קאָררעדזשיאָ, — זאָג איך, — אָבער צום באַדויערן, איז עס אַזוי אָנגעשריבן, אַז...

ער נעמט פון מיין האַנט די פּאַפּירן און הייבט זיי אָן איבערצובלעטערן. ער דרייט זיך אויס צו מיר מיטן פּנים.

אָט אַזוי האָט ער אַלזאָ אויסגעזען פון דער נאָענט, דער מאַן, וואָס זיין נאָמען האָב איך געהערט שוין אין מיין פריסטער יוגנט און וואָס זיין ציטונג האָט געהאַט די גרעסטע השפּעה אויף מיר אין משך פון לאַנגע יאָרן. זיינע האָר האָבן זיך געקרייזלט און זיינע שיינע ברוינע אויגן זיינען געווען אַ ביסל אומרויק. ער האָט געהאַט אַ געוווינהייט פון צייט צו צייט אַ ביסל אונטער־סאָפּען מיט דער נאָז. אַ שאָטלענדישער גלח האָט ניט געקענט אויסזען מילדער, ווי דער דאָזיקער געפערלעכער שרייבער, וואָס זיין וואָרט האָט אומעטום, וואו עס איז נאָר געפאַלן, איבערגע־לאָזט בלוטיקע צייכנס. אַן אייגנאַרטיק געפיל פון שרעק און באַוואונדערונג האָט מיך באַהערשט פּנים אל פּנים מיט דעם דאָזיקן מענטשן, טרערן זיינען געווען גרייט צו שטעלן זיך מיר אין די אויגן, און ניט ווילנדיק האָב איך געמאַכט אַ טריט פאָראויס, צו זאָגן אים, ווי טיף איך האָב אים ליב פאַר אַלץ, וואָס איך האָב פון אים געלערנט, און איך וויל אים בעטן, ער זאָל מיך ניט ווי טאָן; איך בין מער ניט ווי אַן אָרעמער מענטש, וואָס האָט אַזוי אויך גענוג אויסצושטיין...

ער האָט אַרויפגעקוקט צו מיר און צונויפגעלייגט לאַנגזאַם דעם מאַנוסקריפּט, בלייבנדיק זיצן פאַרטראַכטערהייט. כדי צו פאַרלייכטערן אים דעם אָפּזאָג, שטרעק איך עטוואָס אויס די האַנט און זאָג:

— נו, אַוודאי טויג עס ניט?

און איך שמייכל, צו ווייזן אים, אַז איך נעם עס אויף גאַנץ לייכט.

— מיר קענען אויסנוצן בלויז גאָר פּאָפּולערע זאַכן, — ענטפערט ער: — איר קענט דאָך אונזערע לעזער. אָבער איר וואָלט אפשר געקענט דאָס מיטנעמען און מאַכן דאָס אַ ביסל פּשוטער? אָדער ברענגען עפּעס אַן אַנדערע זאַך, אַ מער פאַרשטענדלעכע פאַרן עולם?

זיין אַנטקעגנקומען איבערראַשט מיך. איך פאַרשטיי, אַז מיין אַרטיקל איז ניט אָנגענומען, און דאָך האָב איך ניט געקענט באַקומען קיין איידעלערן אָפּזאָג. כדי ניט צו פאַרהאַלטן אים לענגער, האָב איך געענטפערט:

— יאָ, יאָ, דאָס קען איך.

איך לאָז זיך גיין צו דער טיר. הם! זאָל ער מיר אַנטשולדיקן, וואָס איך האָב אים באַאומרוּיקט... איך פאַרנייג זיך און נעם זיך אָן פאַר דער קליאַמקע פון דער טיר.

— אויב איר דאַרפט, — זאָגט ער, — קענט איר באַקומען אַן אַוואַנס. איר וועט דאָך אָפּאַרבעטן.

איצט, ווען ער האָט דאָך אַליין געזען, אַז איך טויג ניט צום שרייבן, — האָט מיר דער פאָרשלאָג זיינער אַ ביסל באַליידיקט, און איך האָב זיך אָפּגערופן:

— ניין, אַדאַנק. דערווייל קען איך נאָך אויסקומען. איבעריקנס, בין איך אייך זייער דאַנקבאַר. אַדיע!

— אַדיע! — ענטפערט דער „קאָמאַנדיר" און דרייט זיך תיכף אויס צו זיין שרייבטיש.

אַלנפאַלס האָב איך ניט פאַרדינט אַזאַ איידעלע באַהאַנדלונג און איך בין אים געווען דערפאַר דאַנקבאַר; איך האָב עס געמוזט אָפּשאַצן. איך האָב באַשלאָסן ניט ווייזן זיך צו אים, וואו איך וועל ניט האָבן די מעגלעכקייט מיטצוברענגען אַן אַרבעט, וואָס זאָל מיך אַליין אינגאַנצן צופרידנשטעלן, פון וועלכער דער „קאָמאַנדיר" זאָל נשתומם ווערן און ער זאָל מיר תיכף, אָן שום קווענקלעניש, פאַרליינגן צען קראָן. און איך בין אַוועק אַהיים און זיך ווידער גענומען צום שרייבן.

אין די קומענדיקע אָוונטן, אַרום אַכט אַ זייגער, ווען דער גאַז איז שוין געווען אָנגעצונדן, האָט פּאַסירט מיט מיר כּסדר אַזאַ זאַך:

יעדן אָוונט ווען איך גיי אַרויס מאַכן אַ קליינעם שפּאַציר איבער די גאַסן, נאָך אַ גאַנצן טאָג אַרבעט און זאָרג, שטייט ביים לאַמטערן, האַרט לעבן מיר אַ דאַמע אין שוואַרצן, דרייט זיך אויס צו מיר מיטן פּנים, באַגלייט מיך מיט די אויגן, בשעת איך גיי דורך פאַרביי איר. איך באַמערק, אַז זי טראָגט שטענדיק דאָס זעלבע קלייד, די זעלבע געדיכטע וואוּאַל, וואָס באַהאַלט איר פּנים און פאַלט איר אַראָפּ אויף דער ברוסט, און אַז אין דער האַנט האַלט זי אַ קליינעם שירעם מיט אַ העלפאַנדביינענעם הענטל.

שוין דריי אָוונטן כּסדר האָב איך זי דאָרט געזען, שטענדיק אויפן זעלבן אָרט; ווי נאָר איך גיי אַדורך פאַרביי איר, דרייט זי זיך לאַנגזאַם אום און גייט אַוועק אין אַן אַנדער ריכטונג.

מיין נערוועזער מוח האָט אויסגעשטרעקט זיינע שפּירערלעך און מיר איז תּיכּף איינגעפאַלן אַן אומגעלומפּערטער געדאַנק, אַז איר באַזוך איז שייך צו מיר. איך בין געווען כמעט גרייט אָנצוהייבן מיט איר צו ריידן, פרעגן זי, צי זי זוכט ניט עמעצן; צי קען איך איר ניט באַהילפיק זיין, צי קען איך זי ניט באַגלייטן אַהיים, הגם איך בין, ליידער, אַזוי שלעכט אָנגעטאָן, — באַשיצן זי אין די פינסטערע גאַסן. אָבער איך האָב געהאַט אַן אומקלאָרן שרעק, אַז דאָס קען אפשר קאָסטן געלט, אַ גלאָז ווין אָדער ערגעץ פאָרן און איך האָב שוין גאָרניט געהאַט מער קיין געלט; מיינע האָפענונגסלאָזע פוסטע קעשענעס האָבן מיך נידערגעשלאָגן און איך האָב אַפילו ניט געהאַט דעם מוט אַ ביסל פאָרשנדיק זי אָנצוקוקן, ווען איך בין פאַרביינעגאַנגען. דער הונגער האָט מיך ווידער גענומען פּלאָגן, איך האָב ניט געגעסן פון נעכטן אָן; דאָס איז אַפילו ניט אַזוי לאַנג; איך האָב גאַנץ אָפט אויסגעהאַלטן מערער טעג; אָבער איך בין שטאַרק אַראָפּ, שוין ניט געקענט מער הונגערן ווי פריער. איינאיינציקער טאָג האָט מיך באַטייבט און איך האָב געליטן פון אָפטן ברעכן, ווי נאָר איך פלעג אַ טרונק טאָן אַ ביסל וואַסער. דערצו נאָך האָב איך זיך געמוזט ליינן אין

די זאַכן. יעדן אָוונט האָט מיך געטרייסלט ווי אין אַ פיבער און איך פלעג ממש פאַרגליווערט און בלוי ווערן פאַר קעלט.

די אַלטע דעקע האָט מיך ניט געשיצט פון די צוגווינטן און אינדערפרי פלעג איך זיך אויפכאַפּן דערפאַר, ווייל מיין נאָז פלעגט מיר געשוואָלן ווערן פון דער אייזקאַלטער לופט, וואָס האָט אַריינדרונגען פון דרויסן.

איך גיי איבער דער גאַס און טראַכט, ווי אַזוי קומט מען דורך, ביז וואַנען איך וועל פאַרענדיקן מיין נייעם אַרטיקל. וואָלט איך געהאַט אַ ליכט, וואָלט איך געפּרוווט אַריינזיצן שפּעט אין דער נאַכט אַריין; דאָס וואָלט געדויערט אַ פּאָר שעה, ווען איך זאָל זיין אין דער אמתער שטימונג, און מאָרגן וואָלט איך געקענט זיך ווידער ווענדן צום „קאָמאַנדיר״.

לאַנג ניט געטראַכט, גיי איך אַריין אין קאַפעהויז און וואַרט אויף מיינעם אַ באַקאַנטן, אַ יונגנמאַן פון באַנק, צו קריגן ביי אים צען ערע אויף אַ ליכטל. איך בין אומגעשטערט אַדורך איבער אַלע צימערן. איך בין פאַרביינגעגאַנגען אַ טוץ טישן, וואו געסט זיינען געזעסן און געשמועסט ביים עסן און טרינקען, בין דורכגעדרונגען ביז צום עק פון קאַפע, ביז דעם רויטן צימער, אָבער מיין באַקאַנטן אין ערגעץ ניט געפונען. אין אַ נעדריקטער שטימונג און אין כעס, בין איך ווידער אַרויס אויף דער גאַס און זיך געלאָזט גיין ווייטער, אין דער ריכטונג צום שלאָס. צו אַלדי שוואַרצע יאָר! צי דען, וועט עס ניט נעמען קיין סוף צו מיין שלימזל! מיט גרויסע, אויפגעבראַכטע טריט, ברוטאַל אויפגעשטעלט דעם קאָלנער פון רעקל און מיט צונויפגעדריקטע פויסטן אין די הויזנקעשענעס האָב איך זיך געיאָגט און דעם גאַנצן וועג פאַרשאָלטן מיין אומגליקלעכן שטערן. קיין איינציקע באַרוטע מינוט אין משך פון זיבן-אַכט חדשים; קיין איינציקע קורצע וואָך פון נייטיקסטן עסן — און די נויט שפּאַרט מיך ווידער צו צו דער וואַנט. דערצו נאָך בין איך, ביי מיין גאַנצער אָרעמקייט, געבליבן ערלעך, כע, כע, ערלעך ביז נאָר! גאָט זאָל היטן, וואָס פאַר אַ נאַר איך בין געוועזן! און איך האָב זיך אַליין דערציילט, ווי עס האָט מיך געפּלאָגט דאָס געוויסן, וואָס איך האָב געוואָלט פאַרזעצן האַנט

פּאַולים דעקע. און איך האָב מיט שפּאָט געקייכט פון מיין צאַרטער ערלעכקייט, מיט עקל געשפּיגן אויף דער גאַס און ניט געפונען קיין ווערטער, וואָס זאָלן זיין גענוג שטאַרק אויף אויסצולאַכן מיין נאַרישקייט. זאָל דאָס איצטער טרעפן! ווען איך געפין אין דעם מאָמענט אויף דער גאַס די אָפּשפּאָרונג פון אַ שול־מיידעלע, דעם לעצטן גראָשן פון אַן אָרעמער אלמנה, וואָלט איך אים אויפגעהויבן און אַריינגעלייגט אין קעשענע, וואָלט אים אַוועקגעגנבעט מיט אַ רויקן געוויסן און די גאַנצע נאַכט וואָלט איך געשלאָפן ווי אַ צדיק. ניט אומזיסט האָב איך אַזוי פיל, פרעג פאַרוואָס, אַזוי אומבאַשרייבלעך געליטן. מיין געדולד האָט זיך אויסגענומען, איך בין געווען גרייט אויף אַלץ.

איך בין אַרומגעגאַנגען דריי־פיר מאָל דעם שלאָס, דערנאָך האָב איך באַשלאָסן צו גיין אַהיים, אַ ביסל זיך אָפּגעשטעלט אין פּאַרק און סוף־כל־סוף אַוועק צוריק איבער קאַרל־יאָהאַן־גאַס.

ס'איז געווען אַרום עלף אַ זייגער. אויף דער גאַס איז געווען גאַנץ פינסטער און אומעטום זיינען אַרומגעגאַנגען מענטשן, שטילע פּאָרלעך און רוישיקע גרופּעס. ס'איז אָנגעקומען דער גרויסער מאָמענט, די צייט פון ליבע, פון געהיימער באַהעפטונג, ווען ס'געשעען גרויסע סודות און פרייליכע באַגעגענישן הייבן זיך אָן. אַ שאָרך פון פרויענקליידער דאָ און דאָרט, אַ קורצער תאווה־געלעכטער, באַוועגטע בריסטן, הייסע, צעפּנעדאַקטע אָטעמס. ווייט אַראָפּ, ביים גראַנד רופט אַ שטים: „עממאַ!" די גאַנצע גאַס איז געוואָרן אַ זומפּ, פון וואַנען עס האָט געשלאָגן אַ הייסער דאַמפּ.

איך זוך אינסטינקטיוו אין די קעשענעס, צי האָב איך ניט קיין צוויי קראָן. די ליידנשאַפט, וואָס ציטערט אין יעדער באַוועגונג פון די פאַרבייגייער, אַפילו דאָס בלאַסע ליכט פון די גאַז־לאַמטערנס, די שטילע באַפרוכפּערטע נאַכט, — אַלץ צוזאַמען באַהערשט מיך, אָט די דאָזיקע לופט, וואָס איז פול מיט געפּליסטער און אומאַרמונגען, ציטערנדיקע ערקלערונגען, ניט־דערזאָגטע ווערטער, אָפּגעהאַקטע זיפצן. עטלעכע קעץ ליבן זיך מיט אַ הויכן מיאַוקען ביי בלאָמקוויסטן אין טויער. און איך האָב ניט געהאַט קיין צוויי קראָן אַפילו! דאָס איז געווען אַ צרה, אַן אומגליק,

וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן ניט, אַזוי פֿאַראָרעמט צו ווערן! אַזאַ דערנידערונג, אַזאַ חרפּה! און ווידער האָב איך אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן דעם לעצטן אייננס פֿון אַן אָרעמער אלמנה, וואָס איך וואָלט צוגעגנבעט, וועגן אַ היטל אָדער אַ נאָזטיכל פֿון אַ שילער, וועגן אַ טאָרבע פֿון אַ בעטלער, וואָס איך וואָלט, אָן דעם מינדסטן קווענקלעניש, אַוועקגעטראָגן צו אַ שמאַטע-הענדלער און עס פֿאַר-טרונקען. כּדי זיך צו טרייסטן און האָבן אַ סאַטיספֿאַקציע, האָב איך ביי די דאָזיקע צופֿרידענע מענטשן, וואָס האָבן זיך פֿאַרביי-געגליטשט פֿאַרביי מיר, אָנגעהויבן אויסצוזוכן כּלערליי חסרונות; איך האָב כּעַסדיק געקוועטשט מיט די פּלייצעס און מיט פֿאַראַכ-טונג געקוקט אויף זיי, ווען זיי זיינען דורכגעגאַנגען, פּאָר נאָך פּאָר, פֿאַרביי מיר. די דאָזיקע זעלבסטצופֿרידענע סטודענטן, די נאַשער-לעך פֿון זיסוואַרג מיינען, אַז זיי זיינען אויסגעלאַסן ווי אייראָ-פּעער, ווען זיי גילט אָפּ אַ פּאַטש טאָן אַ נייטערין איבער דער ברוסט! די אַלע יונגעלייטלעך, באַנק-אָנגעשטעלטע, קאָמערסאַנטן, בולוואַר-לייבן! זיי האָבן ניט בּראַקירט אַפילו מיט די פֿרויען פֿון די שיפֿסלייט און מיט די דיקע ווייבער פֿון אָקסנמאַרק, וואָס פֿאַר אַ קופּל ביר פֿאַלן זיי אום הינטערן ערשטן בעסטן טויער! אויך מיר סירענעס! דער אָרט לעבן זיי איז נאָך וואַרעם נאָך דעם באַזוך פֿון אַ פֿייערלעשער, אָדער אַ שטאַל-דינער... דער טראָן איז געווען פֿריי, ברייט צעעפֿנט, ביטע זייער, גייט אַרויף!... איך האָב געשפּיגן ווייט אויפֿן טראָטואַר, ניט זאָרגנדיק זיך וועגן דעם, אַז איך קען עמעצן אָנטרעפֿן. געווען פֿאַרביטערט, און פֿול מיט פֿאַר-אַכטונג קעגן די דאָזיקע מענטשן, וואָס האָבן זיך געריבן איינע אָן די אַנדערע און זיך באַהעפֿט אויף מיינע אויגן. איך האָב אויפֿ-געהויבן דעם קאָפּ און געפֿילט זיך דערהויבן און געבענטשט, וואָס איך בין געגאַנגען אויף די וועגן פֿון צניעות.

ביים סטאָרטינג-פּלאַץ האָב איך געטראָפֿן אַ מיידל, וואָס האָט מיך שטאַרק אָנגעקוקט, בעת איך בין זי פֿאַרבייגעגאַנגען.

— גוטן אָוונט! — האָב איך געזאָגט.

— גוטן אָוונט! — זי איז געבליבן שטיין.

— הם! וואָס גייט זי אַרום אַזוי שפּעט? איז דען ניט

געפערלעך פאר א יונגער דאמע צו גיין איבער קארל־יאהאן־גאס אין אזא שפעטער שעה? ניט אזוי? יא, אבער האט מען דען זי קיינמאל ניט פארטשעפעט, באלעסטיקט, איך מיין, גאנץ פשוט, ניט פארגעלייגט מיטצוגיין צו איינעם אהיים?

זי האט מיך פארוואונדערט אנגעקוקט, זיך געמיט איבער־לייענען אויף מיין פנים, וואס האב איך געמיינט דערמיט צו זאגן. דערנאך פלוצלונג מיך גענומען אונטערן ארעם און געזאגט:

— נו, קומט לאמיר גיין!

איך בין אוועק מיט איר. אז מיר זיינען א ביסל אפגעגאנגען ווייטער פון די דראשקעס, בין איך געבליבן שטיין, פריי געמאכט מיין האנט און געזאגט:

— הער, מיין קינד, איך האב ניט קיין גראשן ביי דער נשמה. — און איך האב געוואלט גיין מיין וועג.

צום ערשטן האט זי מיר ניט געוואלט גלייבן; אבער אויס־געטאפט אלע מיינע קעשענעס און גארנישט געפונען, איז זי געווארן ברוגז, געשאקלט מיטן קאפ און האט מיך אנגערופן שנעק.

— א גוטע נאכט! — האב איך געזאגט.

— ווארט א ווייַלע! — האט זי א רוף געטאן — די ברילן, וואס איר טראגט, זיינען גאלדענע?

— ניין.

— טא גייט צום טייוול!

און איך בין אוועק.

אין א ווייַלע ארום איז זי מיך ווידער נאכגעלאפן און מיך ווידער גערופן.

— איר קענט מיט מיר סיי ווי גיין, — האט זי געזאגט.

איך האב זיך דערפילט דערנידעריקט פון דעם פארשלאג פון דער ארעמער גאסנמיידל און זיך אפגעזאגט. ס'איז שוין שפעט בייַנאכט און איך דארף נאך גיין אין אן ארט, און דערצו איז איר לאגע ניט אזא, זי זאל זיך קענען פארגינען אזא קרבן.

— אבער איצט וויל איך גיין מיט אייך.

— איך קען אבער ניט גיין אויף אזעלכע באדינגונגען.

— איר גייט, מסתמא, צו אן אנדערער? — האט זי געזאגט.

— ניין, — האָב איך געענטפערט.

אַך, איך האָב שוין מער קיין שום חשק ניט געהאַט, מיידלעך זיינען פאַר מיר געוואָרן כמעט ווי מענער, די נויט האָט מיך אויסגעטריקנט. אָבער איך האָב געפילט, אַז איך זע אויס נעבעכדיק אין די אויגן פון דער דאָזיקער מאָדנער נאַסנמיידל און האָב באַשלאָסן צו ראַטעווען די אויסערלעכקייט, לכל=הפחות.

— ווי רופט מען אייך? — האָב איך געפרעגט. — מאַריע? אַזוי! הערט זשע אויס, מאַרי! — און איך האָב איר אָנגעהויבן צו דערקלערן מיין אויפפירונג. דאָס מיידל האָט אַלץ מער און מער געשטוינט. צי דען האָט זי געמיינט, אַז איך בין פון די, וואָס גייען אום ביינאַכט איבער די גאַסן און לויפן נאָך מיידלעך? האָט זי טאַקע אַזוי שלעכט וועגן מיר געטראַכט? האָב איך איר דען געזאָגט עפעס אומאָנשטענדיקס? פירט מען זיך דען אויף אַזוי ווי איך, ווען מען האָט שלעכטע כוונות? מיט איין וואָרט, איך האָב זי פאַררעדט און באַגלייט זי אַ ביסל, כדי צו זען, וואָס וועט זי איצטער טאָן. איבעריקנס, הייס איך אַזוי און אַזוי. אַ גוטע נאַכט. גיי און זינדיק ניט מער.

דערמיט בין איך אַוועק.

אַנטציקט פון מיין גלענצנדן איינפאַל, האָב איך געריבן די הענט און גערעדט אויפן קול מיט זיך אַליין. ס'אַר אַ פרייד עס איז אַרומצוגיין און טאָן גוטס! אפשר האָב איך דער דאָזיקער געפאַלענער באַשעפעניש דערלאַנגט די האַנט אין דעם קריטישסטן מאָמענט פון איר גאַנצן לעבן? און אַז זי וועט זיך אַרומזען, וועט זי עס אָפּשאַצן, און מיט גרויס דאַנקבאַרקייט וועט זי מיך דערמאָנען אַפילו אין דער שעה פון איר טויט. יאָ, עס לוינט נאָך פונדעסטוועגן צו זיין ערלעך, ערלעך און רעכטפאַרטיק.

איך בין געווען אין אַ הערלעכער שטימונג, זיך געפילט פריש און מוטיק, וואָס עס זאָל מיר שוין ניט פאָרשטיין! ווען איך וואָלט עס נאָר געהאַט אַ ליכט, וואָלט איך דאָך געקענט פאַרטיק מאַכן מיין אַרטיקל. איך בין געגאַנגען און אומגעדרייט מיט מיין נייעם שליסל, אונטערגעזונגען, געפייפט און געטראַכט, וואו באָרגט מען ערגעץ אַ ליכט. ס'איז קיין אַנדער מיטל ניט געבליבן, ווי

אַרויסצוטראָגן מיין גאַנץ שרייבגעצייג אויף דער גאַס, צום ליכט פון גאַז־לאַמטערן, און איך האָב געעפנט דעם טויער און אַרויף נאָך מיינע פּאַפּירן.

אַז איך בין אַראָפּ צוריק, האָב איך פאַרשפּאַרט דעם טויער פון דרויסן און זיך אַוועקגעשטעלט ביים שיין פון לאַמטערן. אַרום איז געווען שטיל. איך האָב נאָר געהערט די שווערע, קלינגענדיקע טריט פון פּאָליציאַנט פון דעם אַנדערן געסל אָפּער, און ווייט, פון דער זייט פון סאַנט־האַנסהאַוגען, דאָס בילן פון אַ הונט. קיין זאַך האָט מיר ניט געשטערט, איך האָב אָנגעצויגן דעם קאָלנער פון מיין ראָק אַריבער די אויערן און אָנגעהויבן מיט אַלע כוחות צו טראַכטן. איך וואָלט זיך שטאַרק געפרייט, ווען מיר וואָלט געלונגען אָנצושרייבן דעם סוף פון דעם דאָזיקן קליינעם אַרטיקל. איך בין געבליבן שטעקן אויף אַ גאַנץ שווערן אָרט, ס'איז נייטיק געווען אַ פולשטענדיק אומבאַמערקטער איבערגאַנג צו עפּעס נייעס, דערנאָך — אַ ווייכער אויסקלינגענדיקער פינאַל, אַ לאַנגע צאַפּלדיקע נאָטע, וואָס דאַרף זיך אויסלאָזן אין אַ קלימאַקס, אַזוי אָפּגעהאַקט, אַזוי אויפרייסנדיק ווי אַ שאָס אָדער ווי דער קראַך פון אַ פאַלנדיקן פעלז. און אַ פּונקט.

אָבער די ווערטער האָבן מיר ניט געוואָלט איינפאַלן. איך האָב איבערגעלייענט די גאַנצע זאַך פון אָנהייב אָן, יעדן זאַץ געלייענט אויפן קול, און בשום אופן ניט געקענט צונויפזאַמלען די געדאַנקען צו דעם קלימאַקס. בשעת איך האָב געאַרבעט איבער דעם, איז אָנגעגאַנגען דער פּאָליציאַנט, זיך אַוועקגעשטעלט אינמיטן דער גאַס אויף אַ געוויסן שטח פון מיר און מיר קאָליע געמאַכט די גאַנצע שטימונג. וואָס איז אים איז אָנגעגאַנגען, אַז אין דעם מאָמענט בין איך גראָד צוגעקומען צו אַן אויסגעצייכנטן קלימאַקס פאַר אַן אַרטיקל פאַרן „קאָמאַנדיר". גאָט מיינער, ווי שווער מיר איז געווען צו האַלטן זיך אויף דער פלאַך, ווי איך האָב זיך ניט אָנגעשטרענגט מיט אַלע כוחות! איך בין אָפּגעשטאַנען אַ שעה צייט, דער פּאָליציאַנט איז ביים לאַמטערן געגאַנגען הין און צוריק. די קעלט איז געוואָרן צו שאַרף, מ'זאָל קענען שטיין אויף אַן אָרט. פאַראומערט און דערשלאָגן פון דעם דאָזיקן נייעם דורכפאַל, האָב

איך ענדלעך ווידער געעפנט דעם טויער און בין ארויף צו זיך אין צימער.

דאָרט איז געווען קאַלט און אין דער געדיכטער פינסטערניש האָב איך קוים דערזען מיין פענסטער. טאַפּנדיק האָב איך זיך דערשלעפּט צום בעט, אויסגעטאָן די שיך און געוואָרעמט מיינע פיס צווישן די הענט. דערנאָך האָב איך זיך געלייגט אין די זאַכן, ווי איך האָב עס שוין געטאָן פון לאַנג אָן.

אויף מאָרגן פרי, ווי נאָר ס'האָט אָנגעהויבן צו טאָגן, האָב איך זיך געזעצט אין בעט און ווידער זיך גענומען פאַרן אַרטיקל. איך בין פאַרגעסן אין דער דאָזיקער לאַנגע ביז האַלבן טאָג, ביז וואַנען איך האָב צושטאַנד געבראַכט אַ צען צוואַנציק שורות. און צום סוף איז נאָך אַלץ געווען ווייט.

איך בין אויפגעשטאַנען, אָנגעטאָן די שיך און אָנגעהויבן אומצוגיין איבערן צימער, צו דערוואַרעמען זיך אַ ביסל. די פענסטער זיינען געווען פאַרפרוירן. איך האָב אַרויסגעקוקט דרויסן. עס האָט געשנייט, אונטן, אויפן הויף, איז געלעגן אַ דיקע שיכט שניי אויפן ברוק און אויף דער וואַסער-פּאָמפּע.

איך האָב זיך געעסקט ביי זיך אין צימער, געגראַבלט מיט די נעגל די ווענט, פאָרזיכטיק צוגעלייגט דעם שטערן צו דער טיר, געקלאַפּט מיטן טייטפינגער איבערן דיל און זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט, אַלץ אָן שום נויטווענדיקייט, אָבער שטיל און באַדאַכט, ווי איך וואָלט אויפטאָן אַ גרויסע זאַך. און אין דער זעלבער צייט האָב איך הויך, אויפן קול, איך אַליין זאָל הערן, נאָכאַנאַנד געזאָגט: „אָבער ליבער גאָט, דאָס איז דאָך משוגעת". און ווייטער געטאָן דאָס זעלבע. אין אַ צייט אַרום, אפשר נאָך עטלעכע שעה, האָב איך זיך גענומען אין די הענט אַריין, פאַרביסן די ליפּן און זיך אויפגעמונטערט, אויף וויפיל איך האָב געקענט. ניין, עס מוז נעמען אַ סוף! איך האָב אויסגעזוכט אַ שפּענדל, גענומען עס אין מויל אַריין און אַנטשלאָסן זיך גענומען צום שרייבן.

מיט גרויס אָנשטרענגונג געראָטן מיר אָנצושרייבן אַ פּאָר קורצע זאַצן, אַ צענדליגג אָרעמע ווערטער, וואָס איך האָב אויס=

געמאַטערט מיט גוואַלד, אַבי נאָר אַ ריר טאָן זיך פון אָרט. דער־נאָך בין איך געבליבן שטיין, דער קאָפּ איז געווען פּוסט, מער האָב איך ניט געקענט. און אַזוי ווי ווייטער האָב איך בשום אופן ניט געקענט גיין, בין איך געזעסן און מיט ברייט צעעפנטע אויגן געקוקט אויף די דאָזיקע לעצטע ווערטער, אויף דעם ניט פאַרענ־דיקטן בויגן פּאַפּיר, געגלאָצט אויף די מאָדנע ציטערדיקע אותיות, וואָס האָבן פון פּאַפּיר אויסגעזען ווי קליינע שטעכיקע פיגורן, און סוף־כל־סוף האָב איך גאָרנישט ניט פאַרשטאַנען, וועגן גאָרנישט ניט געטראַכט.

די צייט איז געגאַנגען. איך האָב געהערט דעם ליאַרעם אויף דער גאַס, דעם גערויש פון רעדער און פערד, פון שטאַל האָט זיך דערטראָגן צו מיר די שטים פון יענעם אָלאַי, ווי ער האָט גערעדט צו די פערד. איך בין אינגאַנצן געווען אָפּגעשוואַכט, געזעסן און געמאַכט מיט די ליפּן, אָבער מער גאָרנישט אויפגעטאָן. מיין ברוסט איז געווען אין אַ טרויעריקן צושטאַנד.

ס׳האָט אָנגעהויבן טונקעלער צו ווערן, מיין אוממאַכט איז געוואַקסן. איך בין מיד געוואָרן און זיך ווידער געלייגט אין בעט. כדי אָנצוואַרעמען די הענט, האָב איך געקאַמט מיט די פינגער די האָר אַרויף און אַראָפּ אין דער ברייט און אין דער לענג; דערביי האָבן זיך אָפּגעטיילט קליינע בינטלעך האָר, אויסגעקראָכענע שטי־קער, וואָס האָבן זיך מיר געלייגט צווישן די פינגער און געפאַלן אויפן קישן. מיך האָט עס ניט געאַרט, ווי ס׳וואָלט צו מיר ניט געהאַט קיין שום שייכות, ווי איך וואָלט נאָך געהאַט גענוג האָר. איך האָב ווידער געפרוווט אַרויסרייסן זיך פון דעם דאָזיקן הינער־פּלעט, וואָס האָט זיך ווי אַ נעפּל צעגאָסן איבער אַלע מיינע גלידער; האָב זיך אַוועקגעזעצט, מיט דער האַנט איבער די קני געקלאַפּט, געקרעכצט, ווי ווייט ס׳האָט נאָר דערלויבט מיין ברוסט — און ווידער אַנידערגעפאַלן. ס׳האָט גאָרניט געהאָלפן. איך בין אָפּ־געשטאָרבן אַ הילפלאָזער, מיט אָפענע אויגן אויסגעשטאַרט אַרויפצו. לסוף האָב איך אַריינגעלייגט דעם טייטפינגער אין מויל און גענו־מען אים זייגן. עפּעס האָט זיך אָנגעהויבן צו רירן אין מיין מוח, עפּעס אַ געדאַנק האָט זיך דורכגעשלאָגן, אַ ווילדער איינפאַל:

„אפשר צײנבײסן?“ און לאַנג ניט געטראַכט האָב איך פאַרמאַכט די אויגן און צוזאַמענגעדריקט די צײן.

איך בין אויפגעשפרונגען. ענדלעך האָב איך זיך אויפגעכאַפּט. ס׳האָט געטריפט בלוט פון פינגער און איך האָב עס אָפּגעלעקט. ס׳האָט ניט װײ געטאָן און די װאונד איז געװען אַ נישטיקע; אָבער איך בין מיטאַמאָל געקומען צו זיך; איך האָב אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, צוגעגאַנגען צום פענסטער און געפונען אַ טיכעלע צום פינגער. בשעת איך האָב זיך דערמיט געעסקט, האָבן זיך מיר געשטעלט טרערן אין די אויגן. איך האָב שטיל געװײנט איבער זיך אַלײן. דער דאָזיקער אויסגעדאַרטער צעביסענער פינגער האָט אויסגעזען אַזױ נעבעכדיק. גאָט אין הימל, צו װאָס איך בין דערגאַנגען.

די פינסטערניש איז געװאָרן געדיכטער. אפשר גאָר ניט אַזױ אוממעגלעך, איך זאָל אין פאַרלויף פון דעם אָװנט אָנשרײבן דעם פינאַל, װען איך זאָל נאָר האָבן אַ ליכט. מײן קאָפּ איז װידער קלאָר געװאָרן, די געדאַנקען זײנען געקומען און פאַרגאַנגען װי שטענדיק און איך האָב ניט זײער געליטן; אַפילו דעם הונגער האָב איך ניט אַזױ שטאַרק געשפירט, װי מיט עטלעכע שעה צוריק. איך האָב זײער גוט געקענט אויסהאַלטן ביז דעם אַנדערן טאָג. מעגלעך, אַז מיר װעט געלינגען צו קריגן אַ ליכט אויף באָרג, װען איך זאָל זיך װענדן צום קרעמער און דערצײלן אים מײן לאַגע. מען קען מיך דאָרט זײער גוט; אין די גוטע צײטן, אַז איך האָב נאָך געהאַט אַ מעגלעכקײט, האָב איך אַ סך ברויט געקויפט אין דעם דאָזיקן קרעמל. אָן שום ספק, אַז איך װעל באַקומען אַ ליכט אויף נאמנות. און צום ערשטן מאָל פאַר אַ לאַנגער צײט האָב איך גענומען רײניקן מײנע קלײדער און באַזײטיקן די אויסגעקראָכענע האָר פון קאָלנער פון מײן רעקל, אויף װיפיל דאָס האָט זיך געלאָזט מאַכן אין דער פינסטערניש; דערנאָך בין איך טאַפּנדיק אַראָפּ איבער די טרעפּ, אונטן.

אַז איך בין אַרױס אויף דער גאַס, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אפשר זאָל איך גאָר בעסער בעטן אַ ברײטל. איך האָב זיך אָנגעהײבן שלאָגן מיט דער דעה, בין געבליבן שטײן און זיך

באַטראַכט. בשום אופן ניט! — האָב איך ענדלעך געזאָגט צו זיך אַליין. צום באַדויערן בין איך ניט אין דעם צושטאַנד, איך זאָל קענען פאַרטראָגן עסנוואַרג; אַ ניט וועט זיך איבערחזרן די גע־שיכטע מיט די וויזיעס, האַלוצינאַציעס און פאַנטאַסטישע איינפאַלן, מיין אַרטיקל וועט קיינמאָל ניט פאַרטיק ווערן און איך האָב זיך געמוזט ווייזן דעם „קאָמאַנדיר״, כל־זמן ער האָט מיך נאָך ניט פאַרגעסן. בשום אופן ניט! און איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף דער ליכט. דערמיט בין איך אַריין אין קרעמל.

ביים טאָמבאַנק שטייט עפּעס אַ פרוי און קויפט איין; לעבן איר ליגן אַ סך קליינע פּעקלעך אין פאַרשיידן פּאַפּיר. דער אָנגע־שטעלטער, וואָס קען מיך און וויים, וואָס איך קויף געוויינלעך, לאָזט איבער די פרוי און אָן שום פראַגן וויקלט ער איין אַ ברויט אין אַ צייטונג און לייגט פאַר מיר אַוועק.

— ניין, איך דאַרף אייגנטלעך היינטיקן אָוונט אַ ליכט, — זאָג איך. און איך זאָג עס שטיל און מיט דרך־ארץ, ער זאָל ניט אין כעס ווערן און איך זאָל ניט פאַרלירן די אויסזיכט אויף דער ליכט.

מיין ענטפער איז פאַר אים אומגעריכט. דאָס ערשטע מאָל בעט איך ביי אים ניט קיין ברויט, נאָר אַן אַנדערע זאַך.

— גוט, אָבער איר מוזט אַ ביסל צווואַרטן, — זאָגט ער און ווענדט זיך ווידער צו דער פרוי.

זי באַקומט אירע פּעקלעך, באַצאָלט פינף קראָן, באַקומט אַ רעשט און גייט אַוועק און איך מיטן אָנגעשטעלטן בלייבן אַליין. ער זאָגט:

— איר ווילט, אַלזאָ, אַ ליכט. — און ער עפנט אויף אַ פּעקל ליכט און נעמט אַרויס איינע פאַר מיר.

ער קוקט אויף מיר, איך קוק אויף אים, ניט אימשטאַנד אַרויסצורייידן מיין בקשה.

— אַך יאָ, איר האָט דאָך באַצאָלט, — זאָגט ער פּלוצלונג.

ער זאָגט פּשוט, אַז איך האָב שוין באַצאָלט; איך האָב גע־הערט יעדעס וואָרט. און ער הייבט אָן אויסצוציילן דאָס זילבער־געלט פון דער קאַסע, אַ קראָן נאָך אַ קראָן, פינקלדיקע שווערע

מטבעות — ער גיט מיר רעשט פון פינף קראָן — פון דער פרוים פינף קראָן.

— ביטע! — זאָגט ער.

איך שטיי און קוק אַ רגע אויף דעם געלט. איך פיל, אַז דאָ איז עפּעס ניט אין אָרדענונג, אָבער איך באַטראַכט ניט, קלער לגמרי וועגן קיין זאַך ניט, פאַל אַריין אין עקסטאַז פון דער דאָזיקער עשירות, וואָס איז געלעגן פאַר מיינע אויגן און געלויכטן. און מעכאַניש קלייב איך צונויף דאָס געלט.

איך בלייב שטיין ביים טאָמבאַנק, פאַרטעמפּט פאַר וואונדער, איבערראַשט און דערשלאָגן; איך מאַך אַ שריט צו דער טיר און בלייב ווידער שטיין. איך שטעל אָן מיין בליק אויף איין באַשטימטן פונקט אויף דער וואַנט; דאָרטן הענגט אַ קליין גלעקעלע אויף אַ לעדערנעם האַלזבאַנד און אונטער דעם אַ בינטל שטריק. און איך שטיי און קוק אויף די דאָזיקע זאַכן.

דער אָנגעשטעלטער מיינט, אַז איך וויל מיט אים פאַרפירן אַ שמועס, וויבאַלד איך שטיי אַזאַ צייט און, ברענגענדיק אין אָרדענונג דעם פּאַק פּאַפּיר וואָס איז געלעגן אויפן טיש, האָט ער געזאָגט:

— ווייזט אויס, עס ווערט שוין באַלד ווינטער.

— הם!... יאָ — ענטפער איך: — ווייזט אויס, אַז עס ווערט שוין באַלד ווינטער. ווייזט אויס אַזוי — און אין אַ ווײַלע אַרום גיב איך צו: — עס איז שוין טאַקע צייט.

איך האָב זיך צוגעהערט צו מיינע אייגענע רייד, אָבער יעדעס וואָרט האָב איך אויפגענומען אַזוי, ווי עס וואָלט אַרויסגעגאַנגען פון אַן אַנדערנס מויל.

— איר מיינט אויך אַזוי? — זאָגט דער אָנגעשטעלטער.

איך האָב אַריינגעלייגט דאָס געלט אין קעשענע, זיך גענו־מען פאַר דער קליאַמקע פון דער טיר און בין אַוועק; איך האָב געהערט, ווי איך האָב געזאָגט אַ גוטע נאַכט און ווי ער האָט געענטפערט.

ניט באַוויזן אָפּצוגיין עטלעכע טריט, ווי די טיר פון דער קראָם האָט זיך שנעל אויפגעעפנט און דער אָנגעשטעלטער האָט

מיך אַ רוף געטאָן. איך האָב זיך אָפּגעקערט אָן שום פאַרוואונ־דערונג און אָן דעם מינדסטן שרעק; איך האָב נאָר צונויפגעקליבן דאָס געלט אין האַנט און זיך צוגעגרייט עס אָפּגעבן צוריק.

— אַנטשולדיקט, איר האָט פאַרגעסן אַייער ליכט, — האָט ער געזאָגט.

— יאָ, אַ דאַנק! — ענטפער איך — אַ דאַנק! אַ דאַנק!

און איך גיי ווידער איבער דער גאַס מיט דער ליכט אין דער האַנט.

מיין ערשטער באַוואוסטזיניקער געדאַנק איז געווען וועגן געלט. איך בין צוגעגאַנגען צום לאַמטערן און ווידער עס איבער־געציילט, אָפּגעוואויגן עס אין דער האַנט און אַ שמייכל געטאָן. איך בין אַלזאָ גלענצנד געהאָלפן געוואָרן, גרויסאַרטיק, וואונדער־באַר געהאָלפן געוואָרן אויף אַ לאַנגער, לאַנגער צייט! און ווידער האָב איך באַהאַלטן די האַנט מיטן געלט אין קעשענע און בין אַוועק.

איך בין געבליבן שטיין ביי אַ גאָרקיך אויף דער סטאָרגאַדע און קאַלט און רויִק איבערגעטראַכט, צי מעג איך תיכף אַריין און עפּעס איבערבייסן. איך האָב געהערט דאָס געקלימפּער פון טעלער און מעסער, געהערט, ווי עס ווערט געקלאַפּט דאָס פלייש. דער נסיון איז געווען פאַר מיר צו גרויס, איך בין אַריין.

— אַ ביפשטעקס, — זאָג איך.

— איין ביפשטעקס! — האָט דאָס מיידל אַ געשריי געטאָן אין פענסטערל אַריין.

איך האָב זיך אַנידערגעזעצט ביי אַ באַזונדער קליין טישל, גלייך ביי דער טיר, און געוואַרט. ס'איז געווען אַ ביסל טונקל, וואו איך בין געזעסן, איך האָב זיך געפילט ווי אין אַ באַהעל־טעניש און זיך גענומען טראַכטן. פון צייט צו צייט האָט דאָס מיידל געוואָרפן אויף מיר נייגעריקע בליקן.

מיין ערשטע איינגנטלעכע אומערלעכקייט איז באַגאַנגען גע־וואָרן, מיין ערשטע גנבה, וואָס אין פאַרגלייך מיט איר זיינען מיינע אַלע פריערדיקע שפּיצלעך אַ גאָרנישט; מיין ערשטע קליינע, גרויסע ירידה... מילא! פאַרפאַלן. איבעריקנס איז אַלץ געווענדט

אָן מיר, איך קען זיך נאָך אויסרעכענען מיטן קרעמער, שפּעטער, ביי אַ בעסערער געלעגנהייט. דערפון איז ניט געדרונגען, אַז איך דאַרף ווייטער גיין אויף דעם דאָזיקן וועג; אַחוצדעם בין איך נאָר ניט מחוייב צו לעבן ערלעכער פון אַלע איבעריקע מענטשן, איך האָב דאָס קיינעם ניט צוגעזאָגט...

— ווי מיינט איר, דער ביפשטעקס וועט גיך ווערן?

— יאָ, גלייך. — די קעלנערין עפנט דאָס פענסטערל און קוקט אַריין אין דער קיך.

און טאָמער דעקט זיך אויף די זאַך? טאָמער פאַלט אים איין אַ חשד, ער הייבט אָן צו קלערן וועגן דער מעשה מיטן ברויט מיט די פינף קראָן, פון וועלכע די פרוי האָט באַקומען אַ רעשט? עס איז דאָך גאַנץ מעגלעך, אַז ער זאָל זיך אַמאָל כאַפּן, אפשר נאָך דאָס ערשטע מאָל, ווי איך וועל אַריינקומען צו אים. נו, יאָ, גאָט מיינער!... איך האָב בשתיקה אַ דריק געטאָן מיט די אַקסלען.

— ביטע! — זאָגט פריינדלעך די קעלנערין און שטעלט אַוועק דעם ביפשטעקס אויפן טיש — אפשר וועט איר בעסער אַריבער אין אַן אַנדער צימער? דאָ איז אַזוי פינסטער.

— ניין, אַדאַנק, דערלויבט מיר צו בלייבן דאָ.

איר פריינדלעכקייט האָט מיך מיטאַמאָל גערירט. איך באַצאָל גלייך פאַרן ביפשטעקס, גיב איר אויף טראָף וויפיל עס כאַפּט זיך אָן מיט די פינגער אין קעשענע און דריק איר צו די די האַנט. זי שמייכלט און איך זאָג צו איר אין אַ שפּאַס מיט פייכטע אויגן: — „פאַרן רעשט קויפט זיך אַ רויז“...

— זאָל אייך וואויל באַקומען!

איך האָב אָנגעהויבן צו עסן, געוואָרן אַלץ געריקער און געשלונגען שטיקערווייז, ניט צעקייענדיק. איך האָב איינגעריסן דאָס פלייש ווי אַ מעסערפרעסער.

די קעלנערין גייט ווידער צו מיר צו.

— אפשר וועט איר עפּעס טרינקען? — זאָגט זי און נייגט זיך אַראָפּ אַ ביסל צו מיר.

איך האָב זי אָנגעקוקט; זי האָט גערעדט זייער שטיל, כמעט שעמעוודיק; זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— איך מיין אַ פלעשל ביר, אָדער וואָס איר ווילט... פון מיר... אויב איר ווילט...

— ניין, אַדאַנק! — האָב איך געענטפערט. — איצטער ניט. איך וועל אַריין אַ צווייטן מאָל.

זי איז אָפּגעגאַנגען און זיך אַוועקגעזעצט ביים שענקטיש; איך האָב געזען בלויז איר קאָפּ. אַ וואונדערבאַרער מענטש!

פאַרטיק געוואָרן מיטן עסן, האָב איך זיך גלייך געלאָזט גיין צו דער טיר. איך האָב שוין דערפילט, אַז מיך איבלט. די קעלנערין האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט. איך האָב אויסגעמיידט צו ווייזן זיך אין דער ליכטיק. מורא געהאַט נאָענט צוצוגיין צו דער יונגער מיידל, וועלכע האָט קיין אַנונג ניט געהאַט פון מיין אָרעמקייט, האָב איך אַיילנדיק געזאָגט אַ גוטע נאַכט, אַ נייג געטאָן זיך און בין אַרויס.

דאָס עסן האָט אָנגעהויבן צו ווירקן. איך האָב זייער געליטן און ניט געקענט עס לאַנג אין זיך איינהאַלטן. איך בין געוואַנגען און געבראָכן אין יעדן טונקעלן ווינקל, וואָס איך בין פאַרביי, זיך געמיט צו באַקעמפן די ניטגוטקייט, וואָס האָט ווידער אויסגעליידיקט מיין מאָגן. צוזאַמענגעדריקט די פויסטן, געמאַכט איבער זיך די גרעסטע אָנשטרענגונג, געטופעט מיט די פיס, מיט רציחה צוריקגעשלונגען, — אומזיסט! סוף־כל־סוף בין איך אַריינגעלאָפן אין אַ טויער, זיך איינגעבויגן און בלינד פון טרערן, וואָס האָבן זיך מיר אַ גאָס געטאָן פון די אויגן, האָב איך אַלץ אויסגעבראָכן.

איך בין געוועזן שטאַרק פאַרביטערט, בין געגאַנגען איבער דער גאַס און געוויינט, און פאַרשאָלטן די גרויזאַמע מאַכט, וואָס האָט מיך אַזוי פאַרפאָלגט, געוואונטשן איר אייביקן גהינום, העלישן פייער פאַר איר נידערטרעכטיקייט. ווייניק ריטערלעכע גרויסמוטיקייט פאַרמאָגט זי, די דאָזיקע מאַכט, באמת, זייער ווייניק גרויסמוטיקייט, דאָס מוז מען מודה זיין!... איך בין צוגעגאַנגען צו איינעם, וואָס איז געשטאַנען און געקוקט אין פענסטער פון אַ קלייטל און אויף גיך געפרעגט, וואָס קען מען, לויט זיין מיינונג, געבן אַ מענטשן, וועלכער האָט אַ לאַנגע צייט געהונגערט. עס

גייט אום לעבן, — האָב איך געזאָגט, — ער פאַרדייט ניט קיין ביפשטעקס.

— איך האָב געהערט, אַז מילך דאַרף זיין גוט, געקאָכטע מילך ענטפערט דער מענטש, זייער איבערראַשט. — פאַר וועמען פרעגט איר עס?

— אַדאַנק! אַדאַנק! — זאָג איך: — יאָ, אפשר איז טאַקע גוטע מילך.

און איך גיי ווייטער.

איך גיי אַריין אין ערשטן בעסטן קאַפע און באַשטעל געקאָכטע מילך. איך באַקום מילך, טרינק עס הייסערהייט, שלינג גערין יעדן טראָפּן, באַצאָל און גיי אַהיים.

און דאָ פּאַסירט אַ מאָדנע זאַך.

ביי מיין טויער, אָנגעשפּאַרט אָן לאַמטערן, אין זיין העלן שיין, שטייט אַ געשטאַלט, וואָס איך דערקען זי שוין פונדערווייטן — דאָס איז ווידער די דאַמע אין שוואַרצן. די זעלבע שוואַרץ געקליידטע דאַמע, וואָס אין די פּאַריקע אָוונטן. קיין טעות קען ניט געמאָלט זיין; צום פערטל מאָל טרעף איך זי אויפן זעלביקן אָרט. זי שטייט אומבאַוועגלעך.

מיר קומט עס פאָר אַזוי אויסטערליש, אַז ניט-ווילנדיק פאַרלאַנגזאַם איך מיינע טריט; אין דעם מאָמענט זיינען מיינע געדאַנקען אין פולער אָרדענונג, אָבער איך בין זייער אויפגערעגט, מיינע נערוון זיינען צעשרויפט פון דעם לעצטן מאָלצייט. ווי געוויינלעך, גיי איך אַדורך פאַרביי איר, קום צו כמעט צום טויער און האָב בדעה אַריינצוגיין. דאָ בלייב איך שטיין. פּלוצלונג פאַלט מיר עפּעס איין. ניט אָפּגעבנדיק זיך קיין חשבון, קער איך זיך אום און גיי צו גלייך צו דער דאַמע, קוק איר אין פּנים אַריין און גרים זי:

— גוטן אָוונט, פריילין!

— גוטן אָוונט! — ענטפערט זי.

איך בעט מיך אַנטשולדיקן, אפשר זוכט זי עמעצן? איך האָב זי שוין פריער באַמערקט; אפשר קען איך איר מיט עפּעס דינען? איבעריקנס בעט איך נאָך אַמאָל מיך זייער אַנטשולדיקן.

יאָ, זי ווייס אַליין ניט גענוי.

הינטער דעם דאָזיקן טויער וואוינט קיינער ניט, אויסער דרײַ־פיר פערד און איך; דאָ איז נאָר אַ פערדנשטאַל און אַ בלע־כעריי. זי האָט זיך זיכער טועה געווען, אויב זי האָט דאָ עמעצן געזוכט.

דאַן קערט זי אָפּ דעם פּנים און זאָגט:

— איך זוך ניט קיינעם, איך שטיי דאָ אַזוי זיך.

אַזוי נאָר, זי שטייט דאָ אַזוי זיך, עטלעכע אָוונטן נאָכאַנאַנד שטייט זי דאָ בלויז ווייל מיר איז אַזוי אײַנגעפאַלן. דאָס איז גע־ווען אַ ביסל אויסטערליש. איך האָב זיך פאַרטראַכט איבער דעם, און די דאַמע האָט מיך אַרײַנגעבראַכט וואָס אַמאָל אין אַ גרעסערער פאַרלעגנהייט. דאַן האָב איך באַשלאָסן צו זײַן דרייסטער. איך האָב אַ קלונג געטאָן מיט מײַן געלט אין טאַש און, ניט לאַנג קלערנדיק, האָב איך איר פאָרגעלייגט אַרײַנצוגיין מיט מיר ערגעץ אויסטרינקען אַ גלאָז ווײַן...

נעמענדיק אין אַכט, אַז ס'איז שוין ווינטער, כע – כע... קיין סך צייט וועט עס ניט אָוועקנעמען... אָבער זי וויל ניט צוודאי?

אָ ניין, אַ דאַנק, אוממעגלעך. ניין, דאָס קען זי ניט טאָן. אָבער ווען איך זאָל זײַן אַזוי פריינדלעך און וועלן זי באַגלייטן אַ ביסל אַהיים, וואָלט... דער וועג איז זייער פינסטער און ס'איז איר אומבאַקוועם צו גיין אַליין אַזוי שפּעט איבער קאַרל־יאָהאַנגאַס.

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן.

מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין. זי איז געגאַנגען לעבן מיר, רעכטס. מיך האָט באַהערשט אַן אייגנאַרטיק העריליך געפיל — דאָס באַוואוסטזיין, אַז דו געפינסט זיך נאָענט פון אַ יונג מיידל. אין גאַנצן געגאַנגען און דעם גאַנצן וועג געקוקט אויף איר. דער דופט פון אירע האָר, די וואַרעמקייט, וואָס האָט געווייט פון איר גאַנצן קערפּער, דער דאָזיקער פרויענדופט, דער זיסער אָטעם יע־דעס מאָל, ווען זי האָט זיך געווענדט צו מיר מיט פּנים, — אַלץ האָט אויף מיר געווירקט, טיף אַרײַנגעדרונגען אין אַלע מײַנע חושים. איך האָב געקענט אַרויסזען אַ פול, עטוואָס בלאַס געזיכט פון אונטערן וואואַל און אַ הויכע ברוסט, וואָס איז אָפּגעשטאַנען

פון אונטערן מאַנטל. דער געדאַנק וועגן דער דאָזיקער פאַרבאָר־גענער פראַכט, וואָס איך האָב נעאַנט אונטערן מאַנטל און וואַל, האָט מיך פאַרווירט און מיך געמאַכט, אָן שום קלאָרער סיבה, אידיאָטיש גליקלעך; מער האָב איך ניט אויסגעהאַלטן, איך האָב זי אָנגערירט מיט דער האַנט, באַרירט איר אַקסל און נאַריש גע־שמייכלט. איך האָב געהערט, ווי עס האָט געקלאַפּט מיין האַרץ.

— ס׳אַר אַ מאָדנע איר זייט! — האָב איך געזאָגט.

— פאַרוואָס דען?

יאָ ערשטנס, האָט זי אַ געוואוינהייט צו שטיין אַלע אָוונט אָן שום ציל ביי אַ שטאַל, בלויז דערפאַר, ווייל איר פאַלט אַזוי איין...

נו, זי קען דאָך האָבן אירע אייגענע מאָטיוון דערויף; אויסער־דעם האָט זי ליב געהאַט צו זיין אויף די פיס ביז שפּעט אין דער נאַכט, דאָס האָט זי שטענדיק ליב געהאַט. צו דען לייג איך זיך שלאָפן פאַר צוועלף?

איך? קיין זאַך אויף דער וועלט האָב איך ניט אַזוי ווי לייגן זיך שלאָפן פאַר צוועלף אַ זייגער. בע־בע!

בע־בע, אָט זעט איר שוין! זי מאַכט אַלזאָ די אָוונט־שפּאַ־צירן, ווייל זי האָט ניט וואָס צו פאַרזאַמען; זי וואוינט אויף סאַנקט־אָלאַף־פּלאַץ...

— אילאַיאַלי! — האָב איך אויסגערופן.

— וואָס זאָגט איר?

— איך האָב נאָר געזאָגט אילאַיאַלי... גאָרנישט, דער־ציילט ווייטער.

זי וואוינט אויף סאַנקט־אָלאַף־פּלאַץ גאַנץ איינזאַם, צוזאַמען מיט איר מוטער, מיט וועלכער מען קען גאָר ניט ריידן, ווייל זי איז טויב. צי דען איז עס אַ וואונדער, וואָס איר ווילט זיך אַ ביסל אַרויסנייז?

— בשום אופן ניט! — האָב איך געענטפערט.

— וואָס זשע דען?

לויט איר שטים האָב איך געקענט הערן, אַז זי שמייכלט.

— זי האָט גאָר ניט קיין שוועסטער?

— יאָ, איין שוועסטער, אַן עלטערע פון איר — פון וואַנען ווייס איך? — אָבער זי איז אַוועקגעפאָרן קיין האַמבורג.

— שוין לאַנג?

יאָ, מיט פינף וואָכן צוריק. פון וואַנען ווייס איך, אַז זי האָט אַ שוועסטער?

— איך ווייס עס גאָרניט, איך האָב פשוט געפרעגט.

מיר זיינען אַנטשוויגן געוואָרן. איינער אַ מענטש מיט אַ פּאָר שיך אונטערן אָרעם גייט דורך פאַרביי אונז און ווייטער איז די גאַס פוסט, אויף וויפיל מען קען זען. ביי טיוואָלי לייכט אַ לאַנגע ריי פאַרביקע לאַמטערנס. דער שניי האָט אויפגעהערט, דער הימל איז געווען לויטער.

— מיין גאָט, אַייך איז גאָרניט קאַלט אָן אַ מאַנטל? — פרעגט פּלוצלונג די דאַמע און קוקט מיך אָן.

דערציילן איר, פאַרוואָס איך האָב ניט קיין מאַנטל? אַנט־דעקן איר תיכף מיין לאַגע און אָפּשרעקן זי בעסער גלייך, איידער שפּעטער? אָבער עס איז אַזוי אייגנענעם צו גיין לעבן איר און נאָך איין ווײַלע פאַרבאָרגן פון איר דעם אמת. איך האָב געלייגנט, איך האָב געענטפערט:

— ניין, גאָרנישט. — און כדי איבערצוגיין צו אַן אַנדער טעמע, האָב איך געפרעגט:

— איר האָט געזען די מענאַזשעריע אין טיוואָלי?

— ניין, — האָט זי געענטפערט: — ס'איז דאָ וואָס צו זען?

ווי אַז איר וועט איינפאַלן צו גיין אַהין? אין אַזאַ ליכטי־קייט, צווישן אַזויפיל מענטשן? זי וואָלט דאָך פאַרשעמט ווערן! איך וואָלט דאָך זי פאַריאָגט פון דאָרטן מיט מיינע אָרעמע קליי־דער, מיט מיין אויסגעדאַרטן פנים, וואָס איך האָב שוין צוויי טעג ניט אַרומגעוואַשן! זי וואָלט נאָך אפשר אַנטדעקט, אַז איך האָב ניט קיין וועסטל...

— אָ, ניין, האָב איך געענטפערט דעריבער: — דאָרטן איז לגמרי ניטאָ וואָס צו זען. — און עס זיינען מיר אייַנגעפאַלן

עטלעכע גליקלעכע געדאַנקען, וועלכע איך האָב תיכּף אויסגעניצט, אַ פּאָר אָרעמע ווערטער, די רעשט פון מיין אויסגעדאַרטן מוח:— וואָס איז דאָ אין אַזאַ קליינער מענאַזשעריע פאַרהאַן וואָס צו זען? און בכלל האָב איך ניט ליב צו קוקן חיות אין אַ שטייג. די דאָזיקע חיות ווייסן, אַז דער מענטש שטייט און קוקט אויף זיי, זיי פילן אויף זיך הונדערטער נייגעריקע אויגן און דאָס ווירקט אויף זיי. ניין, שוין בעסער חיות, וואָס ווייסן ניט, אַז מען קוקט אויף זיי. יענע מוראדיקע ברואים, וואָס הויערן אין זייערע היילן, ליגן דאָרט מיט פינקלענדיקע גרינע אויגן, לעקן די לאַפּע און טראַכטן. ניט אַזוי?

יאָ, אַוודאי בין איך גערעכט.

בלויז די חיה אין איר גאַנצן אייגנאַרטיקן פּחד און דער גאַנצער ווילדקייט איז כּדאי צו זען. שטילע שלייכנדיקע טריט אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט, דער גערויש אין דער אומהיימלעכקייט פון וואַלד, דער געשריי פון דורכפליענדיקער פייגל, דער ווינט, דער ריח פון בלוט, דער שאָרך פון בלעטער, דער אויפוואַכנדיקער אינסטינקט פון בלוטדאָרשטיקייט, מיט איין וואָרט — די פּאָעזיע פון אומבאַוואוסטזיניקן...

אָבער איך האָב מורא געהאַט, אַז דאָס וועט איר דערעסן, און דאָס געפיל פון גרויסן דלות האָט מיך ווידער באַהערשט און דערשלאָגן. ווען איך וואָלט זיין כאָטש מער־ווייניקער אָנשטענדיק אָנגעטאָן, וואָלט איך זי געקענט דערפרייען מיט אַן אָוונט אין טיוואָלי! איך האָב ניט באַגריפן די דאָזיקע פרוי, וואָס האָט געקענט געפינען אַ פאַרגעניגן אין דעם, וואָס אַ האַלב נאַקעטער בעטלער האָט זי באַגלייט איבער דער גאַנצער קאַרל־יאָהאַן־גאַס. וואָס האָט זי זיך געטראַכט? און צו וואָס בין איך דאָ געגאַנגען און געמאַכט אַן אָנשטעל און אידיאָטיש געשמייכלט, אָן שום טעם? האָב איך געהאַט כאָטש אַ ריכטיקן גרונד צו שלעפן זיך אַזוי ווייט נאָך דעם דאָזיקן צאַרטן פייגעלע? צי דען האָט עס מיר ניט געקאָסט קיין אָנשטרענגונג? צי דען האָב איך ניט געפילט קיין שווידערלעכע קעלט טיף אין האַרצן, ביי דעם מינדסטן ווי פון ווינט, וואָס האָט אונז געבלאָזן אין פּנים אַריין? און צי דען האָט

שוין ניט געבעשט דער דולזין אין מיין מוח פון מאַנגל אין עסן אין פאַרלויף פון פיל חדשים נאָכאַנאַנד? זי האָט דאָך מיר ניט געלאָזט אַפילו אַהיים צו גיין און באַנעצן דעם מויל מיט אַ טראָפּן מילך, איין לעפל מילך, וואָס מיין אָרגאַניזם וואָלט אפשר יאָ אײַנגעהאַלטן אין זיך. פאַרוואָס האָט זי זיך ניט אומגעקערט צו מיר מיטן רוקן און מיך ניט אַוועקגעיאָגט צום טייוול?...

איך בין געווען ווי פאַרצווייפלט; מיין האָפענונגסלאָזי־קייט האָט מיך דערפירט צו דער לעצטער מדרגה און איך האָב געזאָגט:

— אייגנטלעך האָט איר ניט באַדאַרפט גיין מיט מיר. שוין מיט מיין אָנצוג אַליין מאַך איך אײַך אָן בזיונות, פאַר אַלעמען אין די אויגן. יאָ, כ׳מיין מיט אַן אמת, ס׳איז דאָך אַזוי.

זי איז פאַרחידושט. זי קוקט מיך שנעל אָן און שווייגט. דערנאָך זאָגט זי:

— אַך, גאָט מיינער! — מער זאָגט זי גאָרנישט.

— וואָס מיינט איר דערמיט? — האָב איך געפרעגט.

— אַך, רעדט ניט אַזוי... איצט איז שוין ניט ווייט.

און זי האָט פאַרשנעלערט אירע טריט.

מיר פאַרנעמען זיך אויף אוניווערסיטעטס־גאַס און מיר זעען שוין די לאַמטערנעס פון סאַנט־אָלאַף־פּלאַץ. זי האָט ווידער אָנגע־הויבן צו גיין לאַנגזאַמער.

— איך וויל ניט זיין אינדיסקרעט, — האָב איך ווידער געזאָגט — אָבער אפשר וואָלט איר מיר געזאָגט אייער נאָמען, איידער מיר וועלן זיך צעשיידן? און אפשר קענט איר, אויף איין רגע בלויז, אַראָפּנעמען אייער וואואַל, איך זאָל קענען אַ קוק טאָן אויף אײַך. איך וואָלט אײַך זיין אַזוי דאַנקבאַר.

פּויזע. איך האָב געוואַרט.

— איר האָט מיך שוין אַ מאָל געזען, — ענטפערט זי.

— אילאַיאַלי! — זאָג איך ווידער.

— אַ האַלבן טאָג צייט האָט איר מיך פאַרפאָלגט האַרט ביז צו מיין היים. איר זייט דאַן געווען שיכור?

איך האָב ווידער געהערט, אַז זי האָט געשמייכלט.

— יאָ, — האָב איך געזאָגט: — יאָ, ליידער, בין איך דאַמאָלסט געווען שיכּור.

— דאָס איז געווען מיאוס פון אייער זייט!

און אַ צעשמעטערטער האָב איך געמוזט מודה זיין, אַז ס׳איז טאַקע געווען מיאוס פון מיין זייט.

מיר זיינען צוגעקומען צום פאָנטאַן. מיר בלייבן שטיין און קוקן אַרויף צו אַ גאַנצער ריי באַלויכטענע פענסטער אין נומער 2.

— ווייטער טאָרט איר מיך ניט באַגלייטן, — זאָגט זי: — אַדאַנק פאַר היינטיקן אָוונט!

איך האָב אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. כ׳האָב נישט געוואַגט צו ריידן. איך האָב אַראָפּגענומען מיין הוט און בין געשטאַנען אַזוי. וועט זי מיר אויסשטרעקן די האַנט?

— פאַרוואָס בעט איר מיך ניט מיטגיין מיט אייך אַ שטיקל צוריק? — זאָגט זי אין אַ שפּאַס. אָבער זי קוקט אויף די שפּיצן פון אירע שיך.

— גאָט מיינער, — ענטפער איך, — ווען איר זאָלט נאָר וועלן!

— גוט, אָבער אַ קליין שטיקל.

און מיר האָבן זיך אומגעקערט.

איך בין געווען העכסט צעדרודערט, ניט געוואוסט, ווי אַזוי איך זאָל גיין אָדער שטיין. די דאָזיקע מיידל האָט איבערגעקערט מיין גאַנצן געדאַנקענגאַנג. איך בין געווען פאַרכאַפּט, וואונדערבאַר גליקלעך, ס׳האָט זיך געדאַכט, איך קום אום פאַר פרייד. זי האָט בפירוש געוואָלט מיט מיר גיין צוריק. ס׳איז ניט געווען מיין איינ־פאַל, ס׳איז געווען איר אייגענער פאַרלאַנג. איך גיי און קוק זי אָן און ווער וואָס אַמאָל דרייסטער. זי גיט מיר צו מוט, ציט מיך צו צו זיך מיט יעדן וואָרט. אויף אַ רגע פאַרגעס איך אָן מיין אָרעמקייט, מיין נישטיקייט, מיין גאַנצע עלנטע עקסיסטענץ, איך פיל, ווי דאָס בלוט צעגיסט זיך מיט אַ וואַרעמען שטראָם איבער מיין קערפּער, אַזוי ווי אין די אַלטע גוטע טעג, איידער איך בין איינגעבראָכן געוואָרן, און איך באַשליס צו דערגיין עפּעס ביי איר דורך אַ שפּיצל

— איבעריקנס, האָב איך דאָן פאַרפאָלגט ניט אײַך, נאָר אײַער שוועסטער.

— מײַן שוועסטער? — זאָגט זי העכסט פאַרוואונדערט.

זי בלײַבט שטיין, קוקט אויף מיר און וואַרט באמת אויף אַן ענטפער. זי האָט געפרעגט מיטן גאַנצן ערנסט.

יאָ, — האָב איך געענטפערט. — הם! דאָס הייסט, די יינגערע פון די צוויי דאַמען, וואָס זײַנען געגאַנגען פאָראויס.

— די יינגערע? אָהאָ! — זי האָט זיך פלוצלונג צעלאַכט הויך און האַרציק, ווי אַ קינד. — ווי געשייט איר זײַט! איר האָט דאָס געזאָגט מיט אַ כיוון, כדי איך זאָל אַראָפּנעמען די וואוואַל. איך פאַרשטיי. אָבער אויף דעם וועט איר לאַנג וואַרטן... אַלס שטראָף.

מיר האָבן אָנגעהויבן צו לאַכן און צו שפּאַסן, די גאַנצע צײַט גערעדט אָן אויפהער. איך האָב ניט געוואוסט, וואָס כ׳האָב גערעדט, מיר איז געווען אַזוי גוט. זי האָט דערציילט, אַז זי האָט מיך שוין אַמאָל געזען אין טעאַטער, מיט אַ שטיק צײַט צוריק. איך בין געווען מיט דריי חברים און זיך אויפגעפירט ווי אַ משוגע-נער; אַפנים, דעמאָלט בין איך אויך געווען שיכור, לײַדער.

— פאַרוואָס האָט זי אַזוי געמיינט?

אָבער איך האָב אַזוי געלאַכט.

— אַזוי. יאָ, איך האָב פיל געלאַכט אין יענער צײַט.

— און איצטער ניט?

— אָ יאָ, איצט אויך. ס׳איז אַזוי הערלעך אויף גאָטס וועלט!

מיר זײַנען געקומען אויף קאַרל-יאָהאַן-גאַס. זי האָט געזאָגט:

— ווײַטער גייען מיר ניט! — און מיר האָבן זיך אומגע-קערט און זײַנען ווידער אַוועק אַרויף אוניווערסיטעט-גאַס. אַז מיר זײַנען צוגעקומען צום פאָנטאַן, האָב איך אַ ביסל פאַרלאַנגזאַמט דעם גאַנג. איך האָב געוואוסט, אַז ווײַטער באַגלייטן וועל איך ניט קענען.

— איצט מוזט איר זיך אומקערן צוריק, — האָט זי גע-זאָגט און איז געבליבן שטיין.

— יאָ, איך מוז טאַקע, — האָב איך געענטפערט.

אָבער זי האָט באַלד אײַנגעפֿונען, אַז איך קען זי באַגלייטן ביז צו דער טיר. גאָט מײַנער, עס איז ניטאָ אין דעם קיין שום שלעכטס. ניט אמת?

— אַוודאי ניט, — האָב איך געזאָגט.

אָבער בשעת מיר זײַנען געשטאַנען בײַם אַרײַנגאַנג, איז מיך ווידער באַפֿאַלן מײַן גאַנצער דלות. ווי קען מען נאָך האָבן אין זיך מוט, אַז מ׳איז אַזוי אײַנגעבראָכן? איך בין געשטאַנען פֿאַר אַ יונג מיידל אַ שמוציקער, אַן אָפּגעריסענער, צעקרימט פֿון הונ-גער, אומגעוואַשן, האַלב נאַקעט, — בעסער אײַנגעזונקען ווערן אין דער ערד! איך האָב זיך אײַנגעשרומפּן, זיך אײַנגעהויקערט און געזאָגט:

— איך וועל זיך שוין מער מיט אײַך ניט זען?

איך האָב ניט געהאַט קיין שום האָפֿענונג אויף אַ דערלוי-בעניש צו טרעפֿן זיך מיט איר ווידער, איך האָב כמעט געוואָלט אַ שאַרפֿן אָפּזאָג, וועלכער וואָלט מיך געשטאַרקט און געמאַכט מיך גלײַכגילטיק.

— יאָ, — האָט זי געזאָגט.

— ווען?

— איך ווייס ניט.

פּויזע.

— קענט איר ניט אַראָפּנעמען די וואוּאַל אויף אײנאונאיינ-ציקער רגע? — האָב איך געזאָגט: — איך זאָל קענען זען, מיט וועמען האָב איך גערעדט? אויף איין רגע! ווייל איך מוז דאָך זען, מיט וועמען איך האָב גערעדט.

אַ שטילשווײַגן.

— איר קענט מיך טרעפֿן דאָ דינסטאָג אינאָוונט, — זאָגט זי. — ווילט איר?

— יאָ, טײַערע, אויב ס׳איז נאָר מעגלעך!

— אַכט אַ זייגער

— גוט.

איך האָב אַ פֿיר געטאָן מיט דער האַנט איבער איר מאַנטל, אַראָפּגעשאַרט פֿון אים דעם שניי, פּשוט כּדי צו האָבן אַן אױס-

רייד אָנצורירן זי; ס׳איז מיר געווען אַ פרייד צו פילן איר נאָענטקייט.

— אָבער איר זאָלט ניט טראַכטן פון מיר צו שלעכט, — האָט זי געזאָגט און האָט ווידער אַ שמייכל געטאָן.

— ניין...

פלוצלונג האָט זי געמאַכט אַ אַנטשלאָסענע באַוועגונג און האָט אַרויפגעצויגן דעם וואוואַל איבערן שטערן; מיר זיינען גע־שטאַנען און האָבן אַ ווײַלע אָנגעקוקט איינס דאָס אַנדערע.

— אילאַיאַלי! — האָב איך אויסגערופן.

זי האָט זיך אויסגעשטרעקט, אַרומגעפלאָכטן די הענט אַרום מיין האַלז און מיר אַ קוש געטאָן אין די ליפּן. איך האָב געפילט, ווי איר ברוסט האָט זיך געוויגט, זי האָט קוים אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם.

און אין איין הֶרֶף־עַיִן האָט זי זיך אַרויסגעריסן פון מיינע הענט, אַ געשריי געגעבן „אַ גוטע נאַכט!“, אַן אַן אָטעם, פליס־טערנדיק, זיך אויסגעדרייט און ניט זאָגנדיק מער קיין וואָרט אַרויפגעלאָפן אויף די טרעפּ...

די אַריינגאַנגסטיר האָט זיך פאַרמאַכט.

אויף מאָרגן האָט געשנייט נאָך שטאַרקער, אַ שווערער שניי, אויסגעמישט מיט רעגן, איז געפאַלן אין גרויסע בלויע שטיקער, פון וועלכע עס איז געוואָרן אַ בלאָטע. דאָס וועטער איז געוואָרן קאַלט און אײַזיק.

איך האָב זיך אויפגעכאַפּט שפּעט, דער קאָפּ מאָדנע באַ־רוישט פון די געמיטס־באַוועגונגען פון דעם אָוונט, דאָס האַרץ פאַרשיכורט פון דער שיינער באַגעגעניש. אין מיין אַנטציקונג בין איך אַ ווײַלע געלעגן מיט אָפענע אויגן און זיך פאָרגעשטעלט אילאַיאַלין לעבן מיר זייט ביי זייט; איך האָב אויסגעשפּרייט די הענט, זיך אַליין אַרומגענומען און אַ קוש געטאָן די לופט.

ענדלעך בין איך אויפגעשטאַנען, אויסגעטרונקען ווידער אַ טעצל מילך און באַלד נאָכדעם אויפגעגעסן אַ ביפשטעקס. איך בין שוין

מער ניט געווען הונגעריק; נאָר מיינע נערוון זיינען ווידער געווען שטאַרק צעשרויפט.

איך בין אַוועק אין אַ קראָם פון פאַרטיקע קליידער. מיר איז איינגעפאַלן, אַז איך וועל אפשר קריגן אַ גענוצט וועסטל פאַר אַ ביליגן פרייז, אַבי נאָר אָנטאָן עפּעס אונטערן רעקל, אַלץ איינס וואָס. איך בין אַרויף אויף די טרעפּ פון קראָם, געפונען אַ וועסטל און גענומען עס באַטראַכטן. בשעת איך האָב זיך דערמיט באַשעפטיקט, איז פאַרבייגעגאַנגען אַ באַקאַנטער; ער האָט זיך געגריסט און האָט מיך אַ רוף געטאָן. איך האָב אויפגעהאַנגען דאָס וועסטל און בין צו צו אים. ער איז געווען אַ טעכניקער און האָט זיך געקליבן אין קאָנטאָר.

— קומט מיט מיר אויסטרינקען צו גלאָז ביר, — האָט ער געזאָגט. — אָבער גיכער, ווייל איך האָב ווייניק צייט... וואָס איז דאָס פאַר אַ דאַמע, וואָס איר האָט שפּאַצירט מיט איר נעכטן אין אָוונט?

— הערט אויס, — האָב איך געזאָגט, אייפערזיכטיק שוין בלויז צו דעם געדאַנק אַליין: — אפשר איז דאָס נאָר מיין כלה?

— צום טייוול, — האָט ער אויסגערופן.

— יאָ, נעכטן אָוונט איז עס באַשלאָסן געוואָרן.

איך האָב אים אַוועקגעלייגט, ער האָט געגלייבט מיר אומבאַדינגט.

איך האָב אים געזאָגט אַ ליגן, פּטור צו ווערן פון אים; מיר האָבן באַקומען דאָס ביר, אויסגעטרונקען און אַוועקגעגאַנגען.

— אַ גוטן!... הערט, — האָט ער פּלוצלונג געזאָגט: — איך בין אייך שולדיק עטלעכע קראָן און ס'איז מיר אַ שאַנדע, וואָס איך האָב זיי נאָך אייך אַלץ ניט אַוועקגעגעבן. אָבער איר וועט עס באַקומען אין דער נאָענטסטער צייט.

— אַדאַנק, — האָב איך געענטפערט. אָבער איך האָב געוואוסט, אַז ער וועט מיר קיינמאָל די עטלעכע קראָן ניט אַוועקגעבן.

דאָס ביר האָט, צום באַדויערן, מיר גלייך אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ, מיר איז געוואָרן זייער היים. דער געדאַנק וועגן דער

נעכטיקער באַגעגעניש האָט מיך אינגאַנצן באַהערשט, כמעט צע־טומלט. ווי אַז זי וועט דינסטאָג ניט קומען? ווי אַז זי וועט זיך באַטראַכטן, וועט דערשפּירן אַ חשד?... אַ חשד צו וואָס?... מיינע געדאַנקען האָבן מיטאַמאָל אָפּגעלעבט און איך האָב זיך דערמאָנט אָן דעם געלט. איך האָב זיך דערשראָקן. מיך איז באַפאַלן אַן אימה פאַר זיך אַליין. די גנבה איז אַרויסגעשוואומען פאַר מיר מיט אַלע אירע איינצלהייטן; איך האָב געזען פאַר זיך דאָס קליינע קרעמל, דעם טאָמבאַנק, מיין מאָגערע האַנט, ווען איך האָב געכאַפּט דאָס געלט, און איך האָב זיך אויסגעמאָלט די גאַנצע פּראָצעדור, ווען די פּאָליציי וועט מיך קומען צונעמען. קייטן אויף די הענט און פיס, ניין, אויף די הענט אַליין, אפשר נאָר אויף איין האַנט, קראַטעס, דער פּראָטאָקאָל פון דעם דעזשורמאַן, דער סקריפּ פון זיין פעדער, זיין בליק, זיין געפערלעכער בליק. נו, הער טאַנגען? אַ געשלאָסענע קאַמער, אייביקע פינסטערניש...

הם! איך האָב שטאַרק צוזאַמענגעפּרעסט די פויסטן, זיך אויפצומונטערן, נעגאַנגען אַלץ שנעלער און אַרויסגעקומען אויפן סטאָדטזרף. דאָ האָב איך זיך צוגעזעצט.

וואָס פאַר אַ קינדעריי! ווער קען דאָס דערווייזן, אַז איך האָב געגנבעט? אויס־רדעס, וואָס דער קרעמער וועט ניט וואַגן אויפצוהייבן אַ טומל אַפילו ווען ער וועט זיך יאָ דערמאָנען, ווי די זאַך איז געווען: צו טייער איז אים געווען זיין שטעלע. קיין שום טומל, קיינע סצענעס, איך בעט אייך זייער!

אָבער דאָס דאָזיקע געלט האָט פונדעסטוועגן אַ ביסל מיר שווער געמאַכט דאָס האַרץ און ניט געלאָזט מיך צו רו. איך האָב זיך אָנגעהויבן גריבלען אין זיך אַליין און קלאָר און דייטלעך אַרויסגעזען, אַז פריער בין איך גליקלעכער געווען, דאַמאָלסט, ווען איך האָב ערלעך געליטן. און אילאַיאַלי! האָב איך דען אויך זי ניט צערונטערגעשלעפּט מיט מיינע זינדיקע הענט! גאָט מיינער, גאָט מיינער! אילאַיאַלי!

איך האָב זיך אויסגעוויזן ווי אַ ווילדער אוממענטש, בין פלוצלונג אויפגעשפּרונגען און אַוועק גלייך צו דער קוכנהענדלערין לעבן אַפּטייק. איך האָב נאָך געקענט זיך ריינוואַשן פון דער־

שאַנדע, ס׳איז נאָך געווען ווייט ניט צו שפּעט. איך וועל ווייזן דער גאַנצער וועלט, אַז איך בּין עס אימשטאַנד צו טאָן! אויפן וועג האָב איך דאָס געלט אָנגעגרייט, בּיזן לעצטן ערע אין דער האַנט; איך האָב זיך אָנגעבּויגן איבּער דעם טישל פון דער הענדלערין, ווי איך וואָלט וועלן עפּעס קויפן און, ניט געטראַכט, אַריינגערוקט איר דאָס געלט אין דער האַנט. איך האָב ניט געזאָגט קיין וואָרט און בּין גלייך אַוועק.

ווי וואונדערבּאַר איינגענעם איז ווידער צו ווערן אַן ערלעכער מאַן! מיינע פּוסטע קעשענעס האָבּן מיך שוין מער ניט בּאַלעסטיקט; ס׳איז געווען אַ מחיה צו זיין אַ בּעטלער אויף דאָס ניי. אין גרונד גענומען האָט מיר דאָס געלט פאַרשאַפט טיפן צער, יעדעס מאָל האָב איך געטראַכט דערפון מיט אַ שוידער; איך בּין ניט קיין פאַרדאָרבּענער מענטש, מיין ערלעכע נאַטור איז געווען אויפגעבּראַכט פון אַזאַ נידעריקער האַנדלונג. יאָ! גאָט צו דאַנקען, איך האָב זיך ווידער אויפגעהויבּן אין מיינע אויגן. — טוט מיר נאָך! — האָב איך געזאָגט און געקוקט אויפן פּלאַץ, וואָס האָט געקאָכט פון עולם: — טוט עס מיר נאָך! איך האָב בּאַגליקט אַן אַלטע, אָרעמע קוכנהענדלערין; דאָס איז אַ מדרגה. זי האָט ניט געוואוסט פון וואָס צו זאָגן. היינט בּיינאַכט וועלן אירע קינדער זיך שוין ניט לייגן שלאָפן הונגעריקע...

איך האָב זיך געקוויקט מיט די דאָזיקע געדאַנקען און איינגעפונען, אַז איך האָב זיך אויפגעפירט גלענצנד. גאָט צו דאַנקען, פּטור געוואָרן פון דעם געלט.

פאַרשיכּורט און נערוועז, בּין איך געגאַנגען איבּער דער גאַס אַן אויפגעלעבּטער. די פרייד, וואָס איך וועל קומען צו אילאַיאַלי אַ ריינער, אַן ערלעכער, קענען קוקן איר גלייך אין די אויגן אַריין, האָט מיך איינגאַנצן בּאַהערשט; איך האָב ניט געהאַט מער קיין שום ווייטאָג, מיין קאָפּ איז געווען קלאָר, ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס איז אַ קאָפּ פון לויטער ליכט, וואָס איז געשטאַנען אויף מיינע אַקסלען און געלויכטן. מיר האָט זיך געוואָלט מאַכן נאַרישע שטיק, אָפּטאָן משונהדיקע זאַכן, איבּערקערן די גאַנצע שטאָט מיטן קאָפּ אַראָפּ. איבּער דער גאַנצער גרענדסען־גאַס האָב

איך זיך אויפגעפירט ווי אַ משוגענער. אין די אויערן האָט מיר געהילכט און די שיכּרות האָט גערוישט אין מיין מוח. באַגייסטערט פון מיין ווילדער דרייסטקייט, האָב איך באַשלאָסן צו מעלדן דעם גאָסנקוריער, ווי אַלט בין איך, אָננעמען אים ביי דער האַנט, אַריינקוקן אים אין פּנים אַריין און איבערלאָזן אים אָן שום ערקלערונגען. איך האָב אויסגעצייכנט אונטערשיידט ניואַנסן אין די שטימען און אין דעם געלעכטער פון די פאַרבייגייער, זיך צוגעקוקט צו די קליינע פייגעלעך, וואָס האָבן אונטערגעהיפּט אויף דער גאַס פאַר מיינע אויגן, שטודירט דעם אויסדרוק פון די ברוקשטיינער און געפונען דאָרטן פאַרשיידענע צייכנס און וואונדערבאַרע פיגורן. אַזוי־אַ־ום בין איך געקומען ביז דעם סטאָרטינגפּלאַץ.

איך בלייב פּלוצלונג שטיין שטיל און קוק אַראָפּ צו די דראָשקעס. די פורמאַנעס גייען זיך אַרום און שמועסן, די פערד שטייען מיט איינגעבויגענע קעפּ, דאָס וועטער איז שלעכט ביז גאָר.

— קום! — האָב איך אַ געשריי געטאָן און אונטערגעשטופּט זיך אַליין מיט די איילנבויגנס. איך בין שנעל צוגעגאַנגען צום ערשטן עקיפּאַזש און זיך אַריינגעזעצט. — אולעוואָלדסווערן 37! — האָב איך אויסגערופן און מיר פאָרן אָפּ.

אויפן וועג האָט זיך דער קוטשער אָנגעהויבן אומצוקוקן הינטערוויילעכס און אַריינקוקן אין עקיפּאַזש אַריין, וואו איך בין געזעסן אונטער דער לעדערנער דעקע. איז אים איינגעפאַלן אַ חשד? אָן שום ספק, מיין לומפּיקע קליידונג איז אים געוואָרן פאַרדעכטיק.

— איך דאַרף זען איינעם אַ מענטשן! — האָב איך אים אַ געשריי געטאָן, כּדי צו פאַרלויפן אים דעם וועג. און איך וויל אים איבערצייגן, אַז איך מוז אומבאַדינגט זען דעם דאָזיקן מענטשן.

מיר בלייבן שטיין ביים נומער 37. איך שפּרינג אַרויס, לויף איבער די טרעפּ ביזן דריטן שטאָק, כאַפּ אָן דאָס גלעקל און קלינג. דאָס גלעקל אינעווייניק מאַכט אַ זעקס־זיבן שרעקלעכע קלונגען.

אַ מיידל קומט און עפנט אויף די טיר; איך באַמערק, אַז זי טראָגט גאָלדענע רינגען אין די אויערן און שוואַרצע קנעפּ אין דעם גרויען קלייד. זי קוקט מיך אָן דערשראָקן.

— איך דאַרף צו קיערילפן, יאָאַכים קיערילף, דעם וואָל-הענדלער, אויב מ'קען זיך אַזוי אויסדריקן. מיט איין וואָרט, מ'קען אים מיט קיינעם ניט פאַרבייטן...

דאָס מיידל שאָקלט מיטן קאָפּ.

— קיערילף וואוינט דאָ ניט, — האָט זי געזאָגט.

זי קוקט מיך אָן און וויל שוין פאַרמאַכן די טיר. זי רעדט אַרויס דעם דאָזיקן נאָמען אָן שום שוועריקייט, דערביי זעט זי אויס, ווי זי וואָלט ווירקלעך געקענט דעם מענטשן וואָס איך זוך, זי דאַרף זיך נאָר דערמאָנען, די פוילערקע! איך בין געוואָרן אין כעס, זיך אויסגעדרייט צו איר מיטן רוקן און בין אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ.

— ניטאָ אים דאָ, שריי איך אַראָפּ צום פורמאַן.

— ניט דאָ?

— ניין. פאָרט טאָמטע-גאַס, נומער 11.

איך בין געווען אין דער העכסטער אויפרעגונג און טיילווייז אָנגעשטעקט דערמיט דעם פורמאַן; ער האָט זיכער געמיינט, אַז דאָ גייט אום לעבן און איז גלייך געפאָרן ווייטער. ער האָט שטאַרק אונטערגעטריבן די פערד.

— ווי רופט מען דעם דאָזיקן מענטשן? — האָט ער גע-פרעגט און זיך אויסגעדרייט אויף דער קעלניע.

— קיערילף, אַ וואָלהענדלער, קיערילף.

און דער פורמאַן האָט אויך מסכים געווען, אַז מען קען מיט קיינעם ניט פאַרבייטן דעם דאָזיקן מענטשן. האָט ער ניט געטראָגן קיין העל רעקל?

— וואָס? — האָב איך אַ געשריי געטאָן: — אַ העל רעקל? איר זייט משוגע געוואָרן? וואָס מיינט איר, דאָס איז אַ גלעזל טיי? — דאָס דאָזיקע העלע רעקל האָט זיך לגמרי ניט געפּאַסט און האָט מיר געשטערט די גאַנצע געשטאַלט, וואָס איך האָב זיך אויסגעמאָלט אין מיין דמיון.

— ווי אַזוי, האָט איר געזאָגט, רופט מען אים, קיערילף?
— נו, יאָ, — האָב איך געענטפערט: — וואָס איז דאָ דער חידוש? אַ נאָמען איז ניט קיין שאַנדע.
— האָט ער אפשר רויטע האָר?
זייער מעגלעך, אַז ער האָט געהאַט רויטע האָר, און אַז דער פורמאַן האָט דערמאָנט וועגן דעם, האָב איך זיך גלייך איבער־ציינט, אַז ער איז געווען געהרגעט. איך בין געווען דאַנקבאַר דעם דאָזיקן אָרעמען פורמאַן און אים געזאָגט, אַז ער האָט גלייך תופס געווען דעם דאָזיקן מענטשן; עס איז טאַקע אַזוי ווי ער האָט גע־זאָגט; עס וואָלט אויסזען זייער משונה, ווען דער דאָזיקער מענטש וואָלט ניט געהאַט קיין רויטע האָר.
— ער איז, דאַכט זיך, אַ פּאָר מאָל מיט מיר געפאָרן, — האָט דער פורמאַן געזאָגט — ער האָט נאָך געהאַט אַ קנופּשטעקן.
דאָס האָט איינגאַנצן לעבעדיק געמאַכט מיין מענטשן און איך האָב געזאָגט:
— העה. קיינער האָט נאָך דעם דאָזיקן מענטשן אָן דעם קנופּשטעקן ניט געטראָפן. דאָס מעגט איר זיין גאַנץ זיכער, גאַנץ זיכער.
יאָ, עס איז געווען קלאָר, אַז דאָס איז דער זעלבער מענטש, וואָס ער האָט געפירט. ער האָט אים דערקענט...
און מיר זיינען געפאָרן אַזוי, אַז פונקען זיינען געפלויגן.
אין דעם דאָזיקן אויפגערעגטן צושטאַנד האָב איך אויף קיין איין רגע ניט פאַרלאָרן דעם מוט. מיר פאָרן פאַרביי אַ פּאָליציאַנט. און איך באַמערק, אַז ער טראָגט דעם נומער 69. די דאָזיקע צאָל איבערראַשט מיך מיט איר גרוויזאַמער גענויקייט, שטעכט זיך אַריין, ווי אַ שפּליטער, אין מיין מוח. ניין־און־זעכציק, פונקט ניין־און־זעכציק, איך וועל ניט פאַרגעסן!
איך האָב זיך אָנגעלענט אין דער דראָשקע אַהינטער, אינ־גאַנצן אין דער שליטה פון די ווילדסטע פאַנטאַזיעס, זיך איינגע־שרומפּן אונטער דער לעדערנער בויד, קיינער זאָל ניט זען, ווי איך האָב באַוועגט מיט די ליפּן און געפּלאַפּלט אידיאָטיש מיט זיך אַליין. דאָס משוגעת ברויזט אין מיין מוח און איך גיב אים נאָך־

איך האָב דעם פולשטענדיקן באַוואוסטזיין, אַז איך בין באַוויינפלוכט פון כוחות, וועלכע איך בין ניט אימשטאַנד זיך אַנטקעגנשטעלן. איך האָב גענומען לאַכן, שטום און ליידנשאַפטלעך, אָן שום סיבה, נאָך אַלץ פריילעך און שיכור פון די פּאָר גלעזער ביר, וואָס איך אויסגעטרונקען. ביסלעכווייז הייבט מיין אויפגערעגטקייט אָן אַדורכצוגיין, איך ווער אַלץ מער און מער באַרויִקט. איך האָב דערפילט אַ קעלט אין מיין פאַרוואונדעטן פינגער און אים פאַרשטעקט אין קראַגן, כדי אַ ביסל אים אָנצוואַרעמען. אַזוי זיינען מיר געקומען אויף טאַמטע=גאַדע. דער פורמאַן שטעלט זיך אָפּ.

איך גיי ניט אַיילנדיק אַראָפּ פון דראָשקע, אָן אָפּגעשוואַכטער און מיט אַ שווערן קאָפּ. איך גיי דורך דעם טויער, קום אַרויס אויף אַ הינטערהויף, שנייד אים דורך אין דער קווער, שטויס זיך אָן אויף אַ טיר, עפן זי און פאַל אַריין אין אַ פירהויז, אין אַזאַ מין פאָדערצימער אויף צוויי פענסטער. דאָרטן שטייען צוויי קופערטן, איינער אויפן אַנדערן אין אַ ווינקל, און ביי דער וואַנט לענג=אויס אַן אַלטע ניט געפאַרבענע קאַנאַפּע מיט אַ דעקע פון אויבן. רעכטס, אין דעם נאָענטסטן צימער, הער איך שטימען און אַ קינדער=געשריי און איבער מיר, אויפן צווייטן שטאָק, דעם בראַזג פון אַן אייזנפלאַטע, וואָס מען שמידט. דאָס אַלץ באַמערק איך, ווי איך קום נאָר אַריין.

איך גיי גאַנץ רויִק דורך דעם צימער, צו דער אַנטקעגנדיקער טיר, לאַנגזאַם, אָן דעם געדאַנק צו אַנטלויפן, עפן זי אויף, קום אַרויס אויף אַן אַנדערער גאַס. איך קוק אויפן הויז, וואָס איך בין נאָר=וואָס דורכגעגאַנגען, און לייען איבער אויף דער טיר: „צימערן פאַר אורחים מיט עסן".

מיר איז גאָרניט איינגעפאַלן צו אַנטלויפן, אויסבאַהאַלטן זיך פון פורמאַן, וואָס האָט געוואַרט אויף מיר; איך גיי מיר גאַנץ רויִק איבער דער גאַס, אָן שרעק, ניט פילנדיק קיין שום עוולה פון מיין זייט. קיערילף, דער דאָזיקער וואָלהענדלער, וואָס איז אַזאַ לאַנגע צייט מיר געלעגן אין זינען, דער דאָזיקער מענטש, וואָס אין זיין עקסיסטענץ האָב איך געגלייבט און אַזוי אומבאַדינגט געמוזט אים טרעפן, איז פאַרשוואונדן פון מיינע געדאַנקען, זיך

אויסגעוועבט צוזאַמען מיט אַנדערע משוגענע אײַנפֿאַלן, וואָס זײַנען געבוירן און פֿאַרלוירן געוואָרן אײנס נאָכן אַנדערן; ער איז געבליבן אין מײַן זכּרון ווי אַ שאָטן, אַן ערינערונג.

וואָס ווײַטער איך בין געגאַנגען, אַלץ ניכטערער בין איך געוואָרן. איך האָב געפֿילט אַ שווערקייט און אַ מידקייט און קוים געשלעפּט די פֿיס. דער שני איז נאָך אַלץ געפֿאַלן אין גרויסע נאַסע שטיקער. צולעצט בין איך אַרויסגעקומען אויף גרענלאַנד האַרט ביז צום קלויסטער, וואו איך האָב זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ באַנק. אַלע פֿאַרבײַגייער האָבן מיך באַטראַכט מיט גרויס פֿאַרוואונדערונג. איך בין פֿאַרזונקען אין געדאַנקען.

גאָט אין הימל, ווי ביטער איז געווען מײַן גורל. מײַן גאַנץ קלאָגעדיק לעבן האָט מיך אַזוי פֿאַרמאַטערט און דערעסן, אַז עס איז ניט ווערט געווען די מי צו קעמפֿן פֿאַר דעם. דער שלימזל האָט מיך אינגאַנצן בײַגעקומען. עס איז געווען צו גרוויזאַם. איך בין אַזוי מערקווערדיק אַרונטער, אַז איך בין געוואָרן בלויז אַ שאָטן פֿון דעם, וואָס איך בין אַמאָל געווען. מײַנע אַקסלען האָבן זיך אַראָפּגעזעצט אויף אײן זײַט און בײַ מיר האָט זיך אויסגעאַרבעט אַ געוואוינהײט גײענדיק אויסצובײגן זיך פֿאָראויס, כּדי צו פֿאַרלײכטערן די ברוסט, אויף וויפֿיל ס'האָט זיך נאָר געלאָזט. איך האָב אונטערזוכט מײַן קערפּער מיט אַ פּאָר טעג צוריק אינמיטן טאָג בײַ זיך אין צימער און געוויינט איבער אים. עטלעכע וואָכן נאָכאַנאַנד האָב איך ניט איבערגעביטן דאָס העמד, עס איז האַרט געוואָרן פֿון אַלטן שווייס און האָט מיר אָנגעריבן די הויט אויפֿן נאָפּל; פֿון דער וואונד האָט זיך באַוויזן אַ ביסל בלוטיק וואַסער, ס'האָט ניט ווי געטאָן, אָבער כ'איז געווען אַזוי טרויעריק אַרומצוגיין מיט דער דאָזיקער וואונד אויפֿן מיטן בויך. איך האָב ניט געהאַט וואָס צו טאָן דערצו און אַליין פֿון זיך האָט זיך דאָס ניט געוואָלט פֿאַרהיילן; איך האָב זי אַרומגעוואַשן, וואָרגעוודיק עס אויסגעווישט און ווידער אָנגעטאָן די זעלבע העמד. איך האָב ניט געהאַט קיין ברירה....

איך זיץ אויף דער באַנק און טראַכט וועגן דעם אַלעם און כ'איז מיר גאַנץ טרויעריק. ס'האָט מיך געעקלט פֿון זיך אַליין -

אַפילו מיינע הענט זיינען מיר געווען אָפּשיילעך. דער דאָזיקער פוילער, כמעט אומפאַרשעמטער אויסדרוק פון מיינע הענט פייניקט מיך און פאַרשאַפט מיר ליידן; דער אויסזען פון מיינע מאָגערע פינגער רעגט מיך טיף אויף, איך פיל אַ טיפן האַס צו מיין גאַנצן אָפּגעשוואַכטן קערפּער און עס שווידערט מיך ביים געדאַנק, אַז איך מוז אים שלעפּן און פילן אים אויף זיך. נאָט מיינער, ווען עס וואָלט נאָר צו דעם אַלעם נעמען אַ סוף! איך וואָלט אַזוי גערן געשטאָרבן.

פולשטענדיק רעזיגנירט, פאַרמיאוסט און דערנידעריקט אין מיין אייגענעם באַוואוסטזיין, בין איך מעכאַניש אויפגעשטאַנען און זיך געלאָזט גיין אַהיים. אויפן וועג בין איך פאַרביי געגאַנגען דעם טויער, וואו איך האָב איבערגעלייענט: „תכריכים ביי פריילין אַנדערסען רעכטס אין טויער". — אַלטע זכרונות! — האָב איך געזאָגט און זיך דערמאָנט מיין אַלטן צימער אין האַמערסבאַרג, דעם קליינעם ווינגשטול, די צייטונגען אונטן, ביי דער טיר, די מודעה פון לייכטטורעם-דירעקטאָר און דעם בעקער פאַביאַן אַלסען. אָ יאָ, דאַמאָלסט איז מיר געווען אַ סך בעסער ווי איצטער; אין איין נאַכט האָב איך אָנגעשריבן אַ פעליעטאָן פאַר צען קראָן, איצט קען איך שוין מער גאָרנישט ניט אָנשרייבן, בשום-אופן קען איך מער ניט שרייבן, מיין קאָפּ בלייבט גלייך ליידיק, ווי איך הייב נאָר אָן. יאָ, איצט מוז עס נעמען אַן עק. און איך בין געגאַנגען און געגאַנגען.

וואָס נעענטער איך בין צוגעגאַנגען צו מיין קרעמל, אַלץ מער האָב איך אומבאַוואוסטזיניק געהאַט דעם געפיל, אַז איך גיי אַנטקעגן עפּעס אַ געפאַר; אָבער איך בין געווען פעסט אין מיין כוונה, איך האָב זיך געוואָלט אַרויסגעבן. איך גיי אַרויף רויִק אויף די טרעפּ, אין דער טיר טרעף איך אָן אַ קליין מיידעלע, וואָס האָט געהאַלטן אַ טעצל אין האַנט, און איך לאָז זי דורך און מאַך צו די טיר. דער קרעמער און איך שטייען ווידער פּנים אל פּנים, אַליין.

— נאַ, — זאָגט ער: — אַ שרעקלעכער וועטער.

צו וואָס איז דער הינטערגאַנג? פאַרוואָס האָט ער מיך גלייך ניט אָנגעכאַפּט? איך פאַל אַריין אין רציחה און איך זאָג:

— איך בין ניט געקומען אַהער צו ריידן וועגן וועטער.

די דאָזיקע האַסטיקייט איבערראַשט אים. זיין קליינער קרע־מערישער מוח קען עס ניט באַנעמען; אים איז אַפילו ניט איינגע־פאַלן, אַז איך האָב אים אָפּגענאַרט אויף פינף קראָן.

— צי דען ווייסט איר ניט, אַז איך האָב אייך באַשווינדלט? — זאָג איך אויפגערעגט, און דערביי ציטער איך, אָטעם שווער און בין גרייט אָנווענדן די פויסטן, אויב ער וועט גלייך ניט צוטרעטן צו דער זאַך.

אָבער דער אָרעמער מענטש וויים ניט פון וואָס צו זאָגן.

אָ, גאָט אין הימל, צווישן וואָס פאַר אַ נאַראָנים קומט עס אוים צו לעבן! איך זידל אים אוים, דערקלער אים פונקט נאָך פונקט, ווי די זאַך איז געווען, ווייז אים, וואו איך בין געשטאַנען, וואו איז ער געשטאַנען בשעת מעשה, וואו דאָס געלט איז געלעגן, ווי אַזוי איך האָב עס צוזאַמענגענומען און פאַרדריקט אין מיין פויסט — און ער פאַרשטייט דאָס אַלץ און פונדעסטוועגן טוט ער מיר גאָרנישט. ער קערט זיך אַהין און אַהער, הערט זיך צו צו די טריט אין דערבייאיקן צימער, מאַכט מיר צייכנס, איך זאָל ריידן שטילער און צום לעצטן זאָגט ער:

— דאָס איז געווען העכסט נידערטרעכטיק פון אייער זייט!

— ניין, וואַרט אַ ווײַלע! — שריי איך, אין מיין דראַנג צו זאָגן אים אויף צו להכעיס און צו רייצן אים: — ס'איז גאָר־ניט געווען אַזוי נידערטרעכטיק, ווי זיין קרעמערישער מוח שטעלט זיך עס פאָר. דאָס געלט האָב איך ביי זיך ניט באַהאַלטן. דאָס וואָלט מיר אַפילו קיינמאָל ניט איינגעפאַלן; איך פערזענלעך האָב ניט געוואָלט דערפון האָבן קיין שום נוצן, דאָס איז צו פרעמד מיין אָרנטלעכער נאַטור...

— וואָס זשע האָט איר געטאָן דערמיט?

— איך האָב עס אַוועקגעגעבן אינגאַנצן ביז איין ערע אַן אַלטער אָרעמער פרוי, ער זאָל עס וויסן זיין. אַזאַ מענטש בין איך שוין, איך פאַרגעס ניט אָן די אָרעמע מענטשן...

אַ ווײַלע שטייט ער און באַטראַכט דעם ענין, ווייזט אויס,
ניט זיכער, צי איך בין אַן ערלעכער מאַן אָדער ניין. דערנאָך
זאָגט ער:

— צי דען, האָט איר ניט געקענט בעסער אָפּבּרענגען דאָס
געלט צוריק?

— ניין, הערט מיך אויס, — האָב איך איר חוצפּהדיק געענט־
פערט: — איך האָב ניט געוואָלט פאַרשאַפן אײַך קיין אומאײַנגע־
נעמלעכקייט. איך האָב אײַך געשווינט. און אָט דאָס איז דער דאַנק
פאַר מײַן איידלקייט. איך שטיי דאָ און דערקלער אײַך דעם
גאַנצן ענין און איר זייט אומפאַרשעמט, ווי אַ הונט, איר נעמט ניט
אָן קיין שום מיטל צו ערליידיקן אונזער סיכסוך. איך בין דאָ
ריינגעוואַשן. איבעריקנס כאַפּט אײַך דער טייוול. אַ גוטן!

איך בין אַרויס און שטאַרק אַ האַק געטאָן הינטער זיך
די טיר.

אָבער אַז איך בין געקומען צו זיך אין צימער, אין דער
דאָזיקער פינסטערער לאָך, דורכגעגעצט פון ווייכן שניי, מיט
ציטערנדיקע קני פון אַ טאָג וואַגלעניש, האָב איך תיכף אָנגעוואָרן
מײַן גאווה און בין שטאַרק אַראָפּגעפאַלן ביי זיך. איך האָב חרטה
געהאַט, וואָס איך בין אָנגעפאַלן אויפן אָרעמען מענטשן, געוויינט,
אָנגעכאַפּט זיך ביים האַלז, כדי צו באַשטראָפן זיך פאַר דער דאָ־
זיקער מיאוסער נידערטרעכטיקער האַנדלונג, געפּייניקט זיך. אַוודאי
האָט ער טויט־מורא געהאַט צו פאַרלירן די שטעלע און האָט ניט
געוואַגט צו מאַכן אַ טומל וועגן די פינף קראָן היזק, וואָס דער
געשעפט האָט געליטן. און איך האָב אויסגעניצט זיין מורא, אים
געפּייניקט מיט מײַן הויך ריידן, געשטאָכן אים מיט יעדן וואָרט,
וואָס איך האָב אויסגעשריען. און דער באַלעבאָס אַליין איז אפשר
געזעסן אין דעם דערבייאיקן צימער און איז שיר ניט אַרויס געוואָר
ווערן, וואָס איז דאָ געשען. ניין, ס'איז פּשוט ניט צו באַגרייפן,
אויף וואָס פאַר אַ נידערטרעכטיקייט איך בין געווען פעיק!

אָבער פאַרוואָס האָט מען מיך ניט פאַרהאַלטן? דאַמאָלסט
וואָלט צו אַלץ געקומען אַ סוף. איך וואָלט דאָך אַליין אויסגע־
שטרעקט די הענט צו די קייטן. איך וואָלט ניט געשטעלט קיין

שום ווידערשטאַנד; פאַרקערט, איך וואָלט נאָך אַליין צוגעהאָלפן. רבונו־של־עולם! אַ טאָג פון מיין לעבן פאַר איין גליקלעכער רגע! מיין גאַנצן לעבן פאַר אַ טעפל לינזן! הער צו מיין תפילה בלויז דאָסמאָל!...

איך האָב זיך אַנידערגעלייגט אין די נאַסע קליידער; איך האָב געהאַט אַן אומקלאָרן געדאַנק, אַז ביינאַכט וועל איך נאָך אפשר שטאַרבן, און איך האָב אָנגעווענדט מיינע לעצטע כוחות, אַ ביסל צו ברענגען אין אָרדענונג די בעט, כדי מאָרגן פרי זאָל אַלץ אַרום מיר האָבן אַ שענערן אויסזען. איך האָב צונויפגעקרייצט די הענט און אויסגעקליבן אַ באַקוועמע לאַגע.

און איך דערמאָן זיך פּלוצלונג אָן אילאַיאַלי. ווי האָב איך דאָס געקענט פאַרגעסן אָן איר דעם גאַנצן אָוונט! און אַ שוואַכער שטראַל ליכט דרינגט אַריין אין מיין האַרצן, — אַ קליינער זונען־שטראַל, וואָס האָט מיך אַזוי ליבלעך געוואַרעמט. און עס ווערט אַלץ מער זוניק. אַ מילדע, צאַרטע, זיידיקע שיין, וואָס באַרירט מיך אַזוי פאַרשיכורנדיק הערלעך. און די זון ברענט אַלץ העלער און העלער, ברענט שאַרף אין מיינע שלייפן, פלאַמט שווער און גליענדיק אין מיין אָפּגעצערטן מוח. און צום סוף פלאַמט אויף משונהדיק פאַר מיינע אויגן אַ גאַרב פון שטראַלן. הימל און ערד און פייער, מענטשן און חיות פון פייער, בערג פון פייער, טייוואָלים פון פייער, אַ תהום, אַ מדבר, די גאַנצע וועלט אין בראַנד, אַ רויכיק־פלאַמענדיקער יום־הדין.

מער האָב איך גאָרנישט געזען און געהערט...

אויף מאָרגן האָב איך זיך אויפגעכאַפּט איינגאַנצן נאַס פון שווייס; מיך האָט געמאַטערט אַ שטאַרקער פיבער. לכתחילה האָב איך ניט געהאַט קיין קלאָרן באַוואוסטזיין, וואָס מיט מיר איז נעכטן געשען. איך האָב זיך פאַרוואונדערט אַרומגעקוקט, געפילט אַ פולשטענדיקע פאַרענדערונג אין מיין גאַנצן וועזן, לחלוטין ניט דערקענט זיך אַליין. איך האָב באַטאַפּט מיינע הענט און פיס, זיך געחידושט, וואָס דאָס פענסטער איז געווען גראָד אין דער וואַנט, און ניט אין דער אַנטקעגנדיקער, געהערט דאָס טראַמפּלען פון די

פערד אונטן, אויפן הויף, און געמיינט, אַז דאָס קומט פון אויבן. דערצו האָט מיך געאיבלט.

מיינע האָר זיינען נאַס און קאַלט מיר געלעגן אויפן שטערן; איך האָב זיך אויפגעהויבן אויף די איילנבויגנס און אַ קוק געטאָן אויף דעם קישן: דאָרטן זיינען אויך געלעגן קופּקעס נאַסע האָר פאַר דער נאַכט זיינען מיינע פיס געשוואָלן געוואָרן אין די שיך; אָבער זיי האָבן ניט וויי געטאָן, — מערנישט איך האָב ניט געקענט באַוועגן מיט די פינגער, זיי זיינען מיר פאַרשטאַרט געוואָרן.

אַז די צייט האָט זיך שוין דערנענטערט צו אָוונט, און ס'האָט שוין אָנגעהויבן טונקעלער צו ווערן, בין איך אויפגעשטאַנען פון בעט און אָנגעהויבן אַרומגיין איבערן צימער. איך האָב געמאַכט קליינע פאָרזיכטיקע טריט, געפּרוווט איינהאַלטן דאָס גלייכגעוויכט און שאַנעווען מיינע פיס, אויף וויפיל ס'איז נאָר געווען מעגלעך. איך האָב ניט זייער געליטן און ניט געוויינט; אייגנטלעך בין איך ניט געווען אומעטיק, פאַרקערט, איך בין געווען שטאַרק צופרידן; מיר איז גאָרניט איינגעפאַלן אפילו, אַז עס קען זיין אַנדערש, ווי עס איז געווען.

דערנאָך בין איך אַרויסגעגאַנגען. דאָס איינציקע, וואָס מיך האָט אַ ביסל געשטערט, איז געווען דער הונגער, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס איך האָב געהאַט אַן עקל צום עסן. איך האָב ווידער אָנגעהויבן צו שפּירן אַ שענדלעכן אַפּעטיט, אַ אינעווייניקסטע פרעסערישע תשוקה, וועלכע איז וואָס אַמאָל געוואָרן אַלץ ערגער. עפּעס האָט מיר אומברחמנותדיק גענאָגט אין ברוסט, דאָרט אינעווייניק איז פאָרגעקומען אַ שטילע אויסטערלישע אַרבעט. גלייך ווי דאָרטן וואָלטן געווען אַ טוץ קלייניטשקע דיניטשקע חיהלעך, וועלכע פלעגן דאָ אַוועקלייגן דעם קאָפּ אויף איין זייט און אַ ביסל געזויגן, דערנאָך געלייגט דעם קאָפּ אויף דער צווייטער זייט און אַ ביסל געזויגן, אַ ווייליטשקע געלעגן גאָר שטיל, ווידער אָנגעהויבן, געעקבערט טיף אָן רעש און ניט געאײַלט און אומעטום איבערגעלאָזט אויסגעגריזשעטע לעכער.

איך בין ניט געווען קראַנק, נאָר אָפּגעצערט, איך האָב אָנגעהויבן צו שוויצן און האָב געוואָלט גיין אויף סטאָרטאָרף; אָבער

דער וועג אהין איז געווען לאנג און שווער; צום סוף האב איך זיך ווי עס איז כמעט דערשלעפט אהינצו; איך בין געשטאנען אויפן ראג מארק=פלאץ און דער דערבייזקער נאס. דער שוויים האט מיר פארראנען די אויגן, פארנעצט די ברילן, מיך געמאכט בלינד און איך בין געבליבן שטיין אויסצווישן דאס פנים. איך האב ניט באמערקט, וואו איך בין געשטאנען, נארניט געטראכט וועגן דעם, ארום מיר איז געווען א שרעקלעכער טומל.

פלוצלונג דערהערט זיך א געשריי, א קאלטער שארפער — „היט זיך!“ איך הער דעם געשריי, הער אויסגעצייכנט און רוק זיך אפ נערוועז אן א זייט, מאך א שנעלן טראט, אויף וויפיל עס דערלויבן מיינע שוואכע פיס. אן אומגעהייערע פור מיט ברויט פארט דורך הארט פארביי מיר, רירט אן מיטן ראד מיין פידושאק. וואלט איך געווען א ביסל פלינקער, וואלט איך עס פריי אויסגעמיידט. איך וואלט אפשר געקענט זיין א ביסל פלינ= קער, נאר איין ביסל פלינקער, ווען איך וואלט געמאכט אן אנ= שטרענגונג; איצט איז געווען שוין שפעט, איין פוס האט מיר ווי געטאן, א פאר פינגער זיינען געווארן צעריבן. איך האב געפילט, ווי זיי האבן זיך קאנוואולסיוו צוזאמענגעקוועטשט אין שוך.

דער פורמאן האט מיט דעם גאנצן כוח אפגעהאלטן די פערד, זיך אויסגעדרייט אויפן וואגן און האט געפרעגט דערשראקן, וואס איך מאך. א, ס׳האט געקענט זיין א סך ערגער... ס׳איז ניט אזוי געפערלעך... איך גלויב ניט, אז דאס זאל זיין א בראך... א, ביטע זייער...

ווי שנעל איך האב נאר געקענט, האב איך זיך דערשלעפט צו א באנק. דער גרויסער עולם, וואס האט זיך ארומגעקליבן ארום מיר און געגאפט, האט מיר געשטערט. אייגנטלעך, איז דאך עס ניט געווען קיין טויטקלאפ און אויב ס׳איז שוין יא באשערט געווען דאס אומגליק, האט ער זיך לפי ערך גוט געענדיקט. דאס ערגסטע איז געווען, וואס דער שוך האט זיך צעשניטן, דער זויל האט זיך אפגעריסן ביים שפיץ. איך האב אויפגעהויבן דעם פוס און דערזען אין דער לאך פון שוך בלוט. נו, דאס איז דאך גע= שען ניט מיט א כיוון, דער מענטש האט דאך ניט געהאט קיין

שום כוונה צו מאַכן מיר נאָך ערגער, ווי מיר איז געווען; ער האָט אַליין געהאַט אַזאַ דערשראָקן פּנים. ווען איך וואָלט נאָר געבעטן אַ קליין לעבל ברויט פון וואָגן, וואָלט ער מיר געגעבן, ער וואָלט עס מיר זיכער, מיט פרייד געגעבן. גאָט זאָל אים דער־פאַר העלפן!

איך האָב שווער געהונגערט און ניט געוואוסט, ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון מיין אומפאַרשעמטן אַפּעטיט. איך האָב זיך אומגעדרייט אויף דער באַנק אַהער און אַהין און צוגעדריקט מיט דער ברוסט די קני. אַז ס'איז פינסטער געוואָרן, האָב איך זיך קוים מיט צרות אַוועקגעשלעפּט צום ראָטהויז — גאָט ווייס, ווי אַזוי איך בין אַהין דערגאַנגען, און זיך געזעצט אויפן ראַנד פון דער באַלוסטראַדע. איך האָב אָפּגעריסן אַ קעשענע פון מיין רעקל און עס אָנגעהויבן קייען, איבעריקנס אָן שום כוונה, מיט אַ פינסטערן אויסדרוק, די אויגן געווענדט אין רוים און גאָרנישט זעענדיק. איך האָב געהערט, ווי אַרום מיר האָבן זיך געשפּילט קינדער, אינסטינקטיוו פאַרנומען, ווען אַ שפּאַצירגייער איז פאַרביי מיר אַדורכגעגאַנגען; מער האָב איך ניט באַמערקט גאָרנישט. פּלוצלונג איז מיר איינגעפאַלן אַראָפּצוגיין אונטן אויפן מאַרק און קריגן אַ שטיקל רוי פלייש. איך האָב זיך אויפגעהויבן, דורכגע־קווערט די באַלוסטראַדע צום אַנדערן עק מאַרק און בין אַראָפּגע־שטיגן. אַז איך בין שוין כמעט צוגעקומען צו אַ פלייש־קראָם, האָב איך אַ געשריי געטאָן אין די טרעפּ אַריין און דראָענדיק, ווי איך וואָלט אָפּגעטריבן אַ הונט, וואָס איז אויבן איבערגעבליבן, האָב איך זיך פרעך געווענדט צום ערשטן קצב:

— זייט אַזוי גוט, גיט מיר אַ ביין פאַר מיין הונט! בלויז אַ ביין, אָן פלייש; ער זאָל נאָר האָבן עפּעס צו האַלטן אין די ציין.

איך האָב באַקומען אַ ביין, אַ טייער ביינדעלע, אויף וועלכן ס'איז נאָך געווען אַ ביסל פלייש, און באַהאַלטן עם אונטערן רעקל. איך האָב אַזוי וואַרעם באַדאַנקט דעם מענטשן, אַז ער האָט מיך פאַרוואונדערט אָנגעקוקט.

— ניטאָ פאַרוואָס — האָט ער געזאָגט.

— אַך, זאָגט עס ניט, — האָב איך געמורמלט: — דאָס איז זייער פיין פון אייך.

און איך בין אַוועק אַרויף. מיין האַרץ האָט שטאַרק געקלאַפּט.

איך האָב זיך פאַרקליבן ווי מעגלעך ווייט אין אַ ווינקל און בין געבליבן שטיין ביי אַן איינגעפאַלענעם טויער, ערגעץ אויף אַ הינטער־הויף. פון ערגעץ האָט זיך ניט געזען קיין ליכט, אַרום מיר איז געווען אַ געבענטשטע פינסטערניש; איך האָב אָנגעהויבן צו נאָגן דעם ביין. ער האָט ניט געהאַט קיין שום טעם, אַ שטינקענדיקער גערוך פון פאַרבאַקן בלוט האָט זיך פון אים געטראָגן און איך האָב געמוזט אויסברעכן. איך האָב ווידעראַמאָל געפרווט; ווען איך וואָלט עס נאָר קענען איינהאַלטן אין זיך, וואָלט עס שוין זיכער געהאַט אַ ווירקונג; מען דאַרף עס נאָר איינהאַלטן אין מאָגן. אָבער איך האָב ווידער אויסגעבראָכן. איך בין געוואָרן אין בעס, שטאַרק איינגעביסן דאָס פלייש, אַ קליין שטיקל פלייש, און עס מיט גוואַלד אַראָפּגעשלונגען, און ס'האָט פאָרט ניט געהאָלפן; ווי נאָר די שטיקלעך פלייש פלעגן אָנגעוואַרעמט ווערן אין בויך, פלעגן זיי אַרויף צוריק. איך האָב ווילד צוזאַמענגעדריקט די פויסטן, געוויינט פאַר מאַכטלאָזיקייט און געביסן דעם ביין ווי אַ משוגענער; איך האָב געוויינט, אַז דער ביין איז געוואָרן נאַס און שמוציק פון טרערן, און איך האָב אויסגעבראָכן. איך האָב זיך געשאָלטן און ווידער געביסן דעם ביין, געוויינט, אַז דאָס האַרץ האָט געקענט פּלאַצן און ווידער געבראָכן. און הויך אויפן קול האָב איך פאַרשאָלטן אַלץ אויף דער וועלט.

שטיל. קיין שום מענטש, קיין ליכט, קיין גערויש. איך בין אין דער גרעסטער אינערלעכער אויפרעגונג, אָטעם שווער, און קריצנדיק מיט די ציין וויין איך יעדעס מאָל, וואָס איך גיב אָפּ צוריק די קליינע ביסנס פלייש, וועלכע וואָלטן מיך אפשר אַ ביסל געזעטיקט. אַז קיין זאַך האָט מיר ניט געהאָלפן, ווי איך האָב זיך ניט געמיט. האָב איך אין מאַכטלאָזן האַס אַ שליידער געטאָן דעם ביין אָן טויער, פאַרכאַפּט פון רציחה, — געשריען און ווילד געדראָט צום הימל אַרויף, מיט אַ פאַרטייבטן, הייזעריקן קול

אויסגעשריען נאָטס נאָמען, אויסבייגנדיק די פינגער ווי קרעלן...
איך זאָג דיר, הייליקער בעל אין הימל, דו ביסט ניטאָ, אָבער
אויב דו וואָלסט יאָ געווען, וואָלט איך דיך אַזוי פאַרשאָלטן, אַז
דיין הימל וואָלט אַ ציטער געטאָן פון העלישן פייער. איך זאָג דיר —
איך האָב דיר געווידמעט מיינע כוחות, אָבער דו האָסט זיי אָפּגע=
ווענדט, האָסט מיך פאַרשטויסן און איך קער זיך אָפּ אויף אייביק
פון דיר, ווייל דו האָסט ניט דערקענט די שעה פון רחמים. איך
זאָג דיר, איך ווייס, אַז איך מוז שטאַרבן און פונדעסטוועגן,
שטייענדיק ביים טויט, פאַראַכט איך דיך, דו הימלישער אַפּיס.
דו האָסט אָנגעווענדט קעגן מיר גוואַלדטאַט און דו ווייסט ניט, אַז
איך בייג זיך קיינמאָל ניט אין אומגליק. צי דען האָסטו דאָס ניט
געוואוסט? דו האָסט מיין האַרץ אין שלאָף באַשאַפן. איך זאָג
דיר, מיין גאַנץ לעבן און יעדן טראָפּן בלוט אין מיר פרייט זיך
צו פאַראַכטן דיך און אַ שפּיי צו טאָן אויף דיין חסד. פון דער
שעה אָן אַנטזאַג איך זיך פון אַלע דיינע מעשים און פון דיין גאַנצן
וועזן. איך וועל פאַרשילטן מיין געדאַנק, אויב ער וועט ווידער
דענקען וועגן דיר, און צערייסן מיינע ליפּן, אויב זיי וועלן ווידער
אָנרופן דיין נאָמען. איך זאָג דיר, אויב דו עקסיסטירסט נאָר, איך
איך זאָג דיר דאָס לעצטע וואָרט אין לעבן און טויט, איך זאָג
דיר — אַדיע! און איצט ווער איך אַנטשוויגן, קער זיך אָפּ פון
דיר און איך גיי מיין וועג...

שטיל.

איך ציטער פאַר אויפרעגונג און אוממאַכט, שטיי אַלץ אויפן
זעלבן אָרט, אַלץ נאָך מורמלענדיק קללות און זידלווערטער,
בליפענדיק נאָך דעם האַסטיקן געוויין, צעבראָכן און אָפּגעשוואַכט
נאָך דעם משוגענעם אויסברוך פון כעס. אַך, ס'איז געווען אַלץ
בלויז מליצה און ליטעראַטור, וואָס איך האָב געברויכט אַפילו
אין מיין נרעסטער נויט, דאָס איז געווען פלוידעריי. איך שטיי
דאָ אפשר ביי אַ האַלב שעה און ווין און פליסטער און האַלט
זיך פעסט אָן טויער. פלוצלונג הער איך שטימען, אַ געשפּרעך
צווישן צוויי פאַרבייגייער. איך שפּרינג אָפּ פון טויער, שלעפּ זיך
פאַזע וואַנט און קום ווידער אַרויס אויף באַלויכטענע גאַסן. בשעת

איך שלעפּ זיך איבער יונגסבאַקען, הייבט אָן מיין מוח פּלוצלונג צו אַרבעטן אין אַ העכסט אויסטערלישער ריכטונג. מיר הייבט זיך אָן צו דאַכטן, אַז די אָרעמע הייזלעך אונטן, אויפן מאַרק-פּלאַץ, די קרעמלעך און די שפּייכלערס און די שטעלעכלעך מיט אַלטוואַרג פאַרמיאוסן די גאַנצע געגנט. זיי פאַרמיאוסן דעם גאַנצן אויסזען פון פּלאַץ, באַפּלעקן די שטאָט — פע, נידער מיט דער אַלטוואַרג! און איך בין געגאַנגען און אויסגערעכנט אויפן קאָפּ, וויפיל וואָלט געקאָסט אַריבערצופירן אַהער דעם געאָגראַפישן אינסטיטוט, די דאָזיקע שיינע געביידע, וואָס פלעגט מיר אַזוי שטענדיק געפעלן ווערן, ווען איך פלעג ניט פאַרבייגיין. אַזאַ מין טראַנספּאָרט וועט זיך ניט לאָזן מאַכן ווייניקער ווי פאַר אַ קאַפּיטאַל פון אַ זיבעציק — צוויי און זיבעציק טויזנט קראָן — אַ שיינע סומע, מען מוז מודה זיין, אַ גאַנץ קיילעכדיקע מטבע, אויף צו אָנהייב. און איך האָב צוגעשאָקלט מיט מיין שווערן קאָפּ און האָב מסכים געווען, אַז דאָס איז אַ גאַנץ קיילעכדיקע מטבע, אויף צו אָנהייב. איך האָב נאָך אַלץ געציטערט מיטן גאַנצן קערפּער און פון צייט צו צייט טיף אָפּגעשלוכצט פון דעם פריערדיקן וויינען.

איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז מיר איז שוין געבליבן ווייניק צו לעבן, אַז, אין גרונד גענומען, ענדיק איך מיין לידל; אָבער איך בין געווען גאַנץ גלייכגילטיק, דאָס האָט מיך לגמרי ניט אינטערעסירט. פאַרקערט, איך בין געגאַנגען דורך דער שטאָט צום האַפן, אַלץ ווייטער און ווייטער פון מיין צימער. איך האָב זיך אויסגעצייכנט גוט געקענט לייגן אויף דער גאַס און שטאַרבן. די צרות האָבן מיך געמאַכט אַלץ מער און מער אומשפּירעוודיק, און מיין פאַרוואונדעטער פוס האָט שטאַרק געצאַפּלט; איך האָב אַפילו געהאַט דעם איינדרוק, אַז דער ווייטאָג פאַרשפּרייט זיך איבער דעם גאַנצן פוס. אָבער אַפילו דאָס האָט ניט שטאַרק וויי געטאָן, איך בין אויסגעשטאַנען ערגערע זאַכן.

אַזוי בין איך געקומען צו דעם אייזנבאַנהאַפן. דאָרטן איז ניט געווען קיין שום באַוועגונג, קיין גערודער, נאָר וואו-ניט-וואו האָט זיך געזען אַ מענטש, אַ מאַטראָס אָדער אַ פישער, וואָס איז אַרומגעגאַנגען, די הענט אין די קעשענעס פאַרלייגט. איך האָב

באמערקט איינעם אַ הינקעדיקן מענטשן, וועלכער האָט מיך שטאַר אָנגעקוקט, בשעת מיר זיינען פאַרביי איינער דעם אַנדערן. אינ־סטינקטיוו האָב איך אים אָפּגעשטעלט, אונטערגעהויבן דעם הוט און געפרעגט, צי דער „מאָנאַד" איז אָפּגעשוואומען. און נאָכהער האָב איך זיך ניט געקענט איינהאַלטן, ניט אַ שנעל צו טאָן מיט די פינגער האַרט פאַר זיינע אויגן און אַ זאָג טאָן: — צו אַלדי טייוול, „מאָנאַד!" „מאָנאַד", איך האָב גאָר אָן אים פאַרגעסן! דער געדאַנק וועגן אים האָט פונדעסטוועגן אומבאַוואוסטזיניק געדרעמלט טיף אין מיר, איך האָב מיט אים זיך אַרומגעטראָגן, אַליין ניט וויסנדיק דערפון.

— יאָ, מיט דעם אייבערשטנס הילף, דער „מאָנאַד" איז שוין אָפּגעשוואומען.

— קען ער מיר אפשר זאָגן, וואוהין?

דער מענטש פאַרטראַכט זיך, שטייט אויף דעם לענגערן פוס און האַלט דעם קירצערן אין דער לופטן; דער קירצערער באַמבלט זיך אַ ביסל צו.

— ניין, — זאָגט ער, — איר ווייסט, מיט וואָס מ'האָט אים אָנגעלאָדן?

— ניין, — ענטפער איך.

אָבער איך האָב שוין פאַרגעסן וועגן „מאָנאַד" און געפרעגט דעם מענטשן, ווי ווייט קען זיין ביז האָלמעשטראַנד, רעכענענדיק אויף די אַלטע גוטע געאָגראַפישע מיילן.

— ביז האָלמעשטראַנד? איך מיין, אַז...

— אָדער ביז וועבלינגנעס?

— וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן, ביז האָלמעשטראַנד, מיין איך, איז...

— אַך, הערט, מיר איז גראָד איינגעפאַלן, — האָב איך אים ווידער איבערגעשלאָגן די רייד: — אפשר וועט איר זיין אַזוי פריינדלעך און געבן מיר אַ ביסל טאַבאַק, גאָר אַ קליין ביסעלע טאַבאַק!

איך האָב באַקומען טאַבאַק, האַרציק באַדאַנקט דעם מענטשן און בין אַוועק. דעם טאַבאַק האָב איך גאָרניט באַנוצט, איך האָב

אים גלייך אַריינגעלייגט אין קעשענע. דער מענטש האָט מיך אַלץ באַגלייט מיט די אויגן, אפשר האָב איך מיט עפּעם דערוועקט ביי אים אַ חשד; וואוהין איך בין ניט געגאַנגען, האָב איך אַלץ גע־שפּירט נאָך זיך זיין אומצוטרוילעכן בליק און איך האָב ניט גע־וואָלט זיך לאָזן פאַרפאָלגן פון דעם דאָזיקן מענטשן. איך האָב זיך אומגעקערט און בין ווידער צוגעגאַנגען צו אים און געזאָגט:

— נאָדלמאַכער.

דעם איין וואָרט: „נאָדלמאַכער", ניט מער. בשעת איך זאָג דאָס, קוק איך אים אָן שאַרף. איך האָב געפילט, ווי אימהדיק איך קוק אים אָן; ווי איך וואָלט געקוקט אויף אים פון אַן אַנדער וועלט.

געזאָגט דאָס דאָזיקע וואָרט, בלייב איך אַ ווײַלע שטיין. דערנאָך שלעפּ איך זיך צוריק אַוועק אויפן אײַזנבאַן־פּלאַץ. דער מענטש האָט קיין פּיפּס ניט געטאָן. ער האָט מיך נאָר באַגלייט מיט די אויגן. נאָדלמאַכער? איך האָב זיך פּלוצלונג אָפּגעשטעלט. נו, יאָ, איך האָב עס גלייך דערפילט. דעם דאָזיקן קריפּל האָב איך שוין אַמאָל פריער געטראָפן. אויף גרענדסען, אין אַ ליכטיקן פרימאָרגן, ווען איך האָב פאַרזעצט מיין וועסטל. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז פון יענעם טאָג אָן איז אַריבער אַן אייביקייט.

בשעת איך שטיי אַזוי און טראַכט וועגן דעם, — אָנגע־שפּאַרט אָן דער וואַנט פון הויז אויפן ראָג מאַרק און האַפן־גאַס, ווער איך פּלוצלונג אויפגעציטערט און וויל מאַכן פליטה. אַז מיר געלינגט עס ניט, קוק איך פאַרעקשנט גלייך פאַר זיך, אָפּגעוואָרפן חרפּה און שאַנדע, פאַרפאַלן — איך שטיי פּנים אל פּנים מיטן „קאָמאַנדיר".

איך ווער באַוואוּסטזיניק פרעך, איך טרעט אַפילו אָפּ פון דער וואַנט, כדי צו ציען אויף זיך זיין אויפמערקזאַמקייט. און איך טו עס ניט דערפאַר, כדי צו דערוועקן צו זיך רחמנות, נאָר דער־פאַר כדי חווק צו מאַכן איבער זיך אַליין, שטעלן זיך צום שאַנד־סלופּ; איך וואָלט געקענט אַנידערפאַלן אויף דער ערד און בעטן דעם „קאָמאַנדיר", ער זאָל איבער מיר דורכשפּרייזן, אָנטרעטן

מיר אויפֿן פּנים, איך האָב אים אַפֿילו ניט געזאָגט קיין גוטן אָוונט.

דער „קאָמאַנדיר“ האָט אַפּנים פֿאַרשטאַנען, אַז מיט מיר איז עפּעס ניט גלאַט, ער האָט אַ ביסל פֿאַרלאַנגזאַמט זיינע טריט און, כּדי אים אָפּצושטעלן, האָב איך געזאָגט:

— איך וואָלט אייך שוין עפּעס געבראַכט, אָבער עס קומט עפּעס ניט אַרויס קיין רעכטס.

— אַזוי גאָר? — האָט ער געענטפֿערט מיט אַ פֿראַגע. — האָט איר עס נאָך אַלזאָ ניט פֿאַרענדיקט?

— ניין, איך האָב עס נאָך ניט פֿאַרענדיקט.

אָבער פֿון דעם „קאָמאַנדירס“ פֿריינדלעכקייט ווערן פּלוצלונג מיינע אויגן פֿול מיט טרערן. און איך הייב אָן פֿאַרביטערט צו הוסטן, כּדי צוצוגעבן זיך אַ שטרענג פּנים. דער „קאָמאַנדיר“ שטויסט דורך די לופֿט דורך דער נאָז; ער קוקט מיך אָן.

— הערט נאָר, האָט איר כאָטש איצטער פֿון וואַנען צו לעבן? — זאָגט ער.

— ניין, — האָב איך געענטפֿערט, — דאָס האָב איך ניט. איך האָב נאָך היינט ניט געגעסן, אָבער...

— נאָט איז מיט אייך, מ'קען דאָך ניט דערלאָזן, איר זאָלט אויסגיין פֿון הונגער, מענטש איינער! — רופֿט אויס דער רעדאַקטאָר און ער נעמט זיך תּיכּף פֿאַר דער קעשענע.

דאָ דערוואַכט אין מיר דאָס געפֿיל פֿון שאַנדע. וואַקלענדיק זיך, גיי איך ווידער אָפּ צו דער וואַנט און האַלט זיך פֿעסט. איך און זע, ווי דער קאָמאַנדיר גריבלט זיך אין זיין בייטל, אָבער איך זאָג גאָרנישט. און ער דערלאַנגט מיר אַ צען קראָן. ער מאַכט ניט דערפֿון קיין שום וועזן, ער גיט מיר פּשוט צען קראָן. דערביי חזרט ער איבער: „מ'קען דאָך ניט דערלאָזן, איר זאָלט שטאַרבן פֿון הונגער“.

איך האָב אַ שטאַמל געטאָן אַן אָפּזאָג און ניט גלייך צוגענומען דאָס פּאַפּירל: איך שעם זיך באמת... אויסערדעם איז עס צו פֿיל...

— נעמט ניכער! — זאָגט ער און קוקט אויפן זיינער. — איך האָב געוואַרט אויפן צוג און אָט קומט ער אָן, הער איך.

איך האָב גענומען דאָס געלט, בין געוואָרן צעטומלט פאַר פרייד און ניט געזאָגט מער קיין וואָרט, איך האָב אים אַפילו ניט באַדאַנקט.

— איר דאַרפט זיך ניט זשענירן, — זאָגט דער „קאָמאַנדיר" צום שלום: — איר וועט דערפאַר עפּעס אָנשרייבן, איך ווייס עס.

און ער איז אַוועק.

אַז ער איז אָפּגעגאַנגען פון מיר, האָב איך זיך פלוצלונג דערמאָנט, אַז איך האָב ניט באַוויזן אים אָפּצודאַנקען פאַר דער דאָזיקער הילף. איך האָב געפּרוּווט אָניאָגן אים, אָבער כ׳האָב ניט געקענט רירן זיך אַזוי שנעל, מיינע פיס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו דינען און איך בין שיר ניט געפאַלן. און ער האָט זיך אַלץ מער און מער דערווייטערט. איך האָב שוין מערניט פּרובירט און גע־וואָלט אים אַ רוף טאָן, אָבער איך האָב ניט געוואַגט און אַז איך האָב סוף־כל־סוף פונדעסטוועגן אָנגענומען זיך מיט מוט און אַ גע־שריי געטאָן איינמאָל, צווייטמאָל, איז ער שוין געווען צו ווייט און מיין קול צו שוואַך.

איך בין געבליבן אויפן טראָטואַר, נאָכגעקוקט אים און שטיל געוויינט. — אַזוינס האָב איך נאָך ניט געזען! — האָב איך געזאָגט צו זיך אַליין: — ער האָט מיר געגעבן צען קראָן! איך האָב זיך אומגעקערט צוריק, בין געבליבן שטיין אויפן זעלבן אָרט, וואו ער איז פריער געשטאַנען און נאָכגעמאַכט אַלע זיינע באַוועגונגען. און איך האָב צוגעטראָגן דעם באַנקנאָט צו מיינע פייכטע אויגן, באַטראַכט עס פון ביידע זייטן און גענומען שווערן — אין דער וועלט אַריין שווערן, אַז אַלץ זאָל זיין אַזוי אמתדיק, ווי דאָס, וואָס איך האָב געהאַלטן אין דער האַנט, איז געווען צען קראָן.

אין אַ צייט אַרום, אפשר אין אַ לאַנגער צייט אַרום, ווײַלע אומעטום איז שוין גאָר שטיל געוואָרן, — האָב איך זיך גאַנץ אומגעריכט אַיינגעפונען אויף דער טאָמטע־גאַס נומער 11. דאָ האָב איך דאָך אָפּגענאַרט דעם פורמאַן, וואָס האָט מיך אומגעפירט, דאָ

בין איך דורכגעגאַנגען פון קיינעם ניט באַמערקט אויף דער צווייטער זייט הויז. געשטאַנען אַ ווײַלע און געקומען צו זיך און, באַוואונדערנדיק זיך אַליין, בין איך צום צווייטן מאָל אַריין דורכן טויער גלייך אין די „צימערן פאַר אורחים מיט עסן״. דאָ האָב איך געבעטן אַ נאַכטלעגער און גלייך באַקומען אַ בעט.

דינסטאָג.

זונשיין און שטילקייט, אַ וואונדערבאַר לויטערער טאָג. דער שניי איז צעגאַנגען; אומעטום איז לעבן, פרייד, גליקלעכע פּנימער, שמייכלען, געלעכטער. פון די פאָנטאַנען שטייגן אויף בײַנגאַר־טיקע שנירלעך וואַסער, גאָלדענע פון דער זון, בלויע פון בלויען הימל...

אַרום האַלבן טאָג בין איך אַרויס פון מיין אַכסניא אויף דער טאָמטע־גאַס, וואו איך האָב נאָך אַלץ געוואוינט און געלאָזט זיך וואוילגיין — אַדאַנק דעם „קאָמאַנדירס״ צען קראָן, און בין אַוועק אין שטאָט אַריין. איך בין געווען אין דער פריידיקסטער שטימונג, דעם גאַנצן אָוונט זיך אומגעדרייט אויף די באַלעבעסטע גאַסן און אָנגעקוקט מענטשן. נאָך איידער דער זייגער איז געוואָרן זיבן, האָב איך שוין געמאַכט אַ שפּאַציר צום סאַנט־אָלאַף־פּלאַץ און בגנבה געכאַפּט אַ קוק אויפן פענסטער נומער 2. אין אַ שעה אַרום וועל איך זי זען! די גאַנצע צייט בין איך אַרומגעגאַנגען עפּעס אין אַ לייכטן זיסן שרעק. וואָס וועט געשען? וואָס וועל איך איר זאָגן, אַז זי וועט אַראָפּ פון די טרעפּ? גוטן אָוונט, פריילין? אָדער נאָר אַ שמייכל טאָן? איך האָב באַשלאָסן זיך אָפּצושטעלן אויפן שמייכל. זעלבסטפאַרשטענדלעך — וועל איך זיך טיף פאַרנייגן.

איך בין אַוועק, אַ ביסל פאַרשעמט, וואָס איך בין אַזוי פרי געקומען, אומגעגאַנגען הין און צוריק איבער קאַרל־יאָהאַן־גאַס און פון צייט צו צייט געכאַפּט אַ קוק אויפן אוניווערסיטעטס־זייגער. אַז ס'איז געוואָרן אַכט, בין איך ווידער אַוועק אויף אוניווערסי־טעט־גאַס. אויפן וועג איז מיר איינגעפאַלן, אַז איך קען פאַרשפּע־טיקן אויף אַ פּאָר מינוט, און איך האָב זיך גענומען אײַלן, ווי איך

האָב נאָר געקאָנט. מיר האָט זייער ווי געטאָן די פיס, בכלל אָבער האָט מיר נאָרנישט ניט געפעלט.

ביים פאָנטאַן בין איך געבליבן שטיין און שווער אָפּגע־אָטעמט; דאָ בין איך גאַנץ לאַנג געשטאַנען, געקוקט אויף די פענסטער אין נומער 2, אָבער זי איז ניט געקומען. נו, איך וועל שוין וואַרטן, איך האָב זיך ניט וואָס צו איילן. מסתמא האָט איר עפּעס געשטערט. און איך האָב ווייטער געוואַרט. אפשר האָט זיך מיר איינגאַנצן געחלומט? די ערשטע באַגעגעניש מיט איר אין דער פאַנטאַזיע איבערגעלעבט, אין יענער נאַכט, ווען איך בין געלעגן אין פיבער? אומאַנטשלאָסן האָב איך זיך אָנגעהויבן אַריינצו־טראַכטן און געפילט זיך ווייט ניט זיכער מיט דעם גאַנצן ענין מיינעם.

— הם! — האָט עמעצער הינטער מיר געזאָגט.

איך האָב געהערט דעם דאָזיקן הוסט, כ׳האָב אויך געהערט לייכטע טריט לעבן מיר, אָבער איך האָב זיך ניט אָפּגעקערט, נאָר איינגעשפּאַרט געקוקט אויף די גרויסע טרעפּ פאַר מיינע אויגן.

— גוטן אָוונט! — הער איך דערנאָך.

איך פאַרגעס אַ שמייכל צו טאָן, איך כאַפּ זיך ניט אַפילו פאַרן הוט. איך בין אַזוי פאַרוואונדערט, וואָס זי איז געקומען פון אַן אַנדערער זייט.

— איר האָט לאַנג געוואַרט? — זאָגט זי און אָטעמט האַס־טיק פון גיכן גאַנג.

— ניין, גאָר, איך בין דאָ ניט לאַנג געקומען, — האָב איך געענטפערט. — און וואָס וואָלט געשאַדט, אַז איך וואָלט לאַנג געוואַרט. איבעריקנס האָב איך געמיינט, אַז איר וועט קומען פון דער אַנדערער זייט.

— איך האָב באַגלייט די מוטער צו באַקאַנטע, היינט אָוונט וועט זי ניט זיין אין דער היים.

— אַזוי! — האָב איך געזאָגט.

און מיר זיינען אַוועקביידע. אויפן ראָג שטייט אַ פּאָליציאַנט און קוקט אונז אָן.

— וואוהין איינגטלעך גייען מיר? — זאָגט זי און בלייבט שטיין.

— וואוהין איר ווילט, נאָר וואוהין איר ווילט.

— אָ יאָ, אָבער ס'איז זייער לאַנגווייליק אַליין דאָס צו באַשטימען.

פּאַוזע.

און איך זאָג, כדי נאָר עפּעס צו זאָגן:

— ווי איך זע, איז פינסטער אין אייערע פענסטער.

— אַך יאָ! — האָט זי לעבהאַפטיק געענטפערט — דאָס מיידל האָט זיך היינט אויך אָפּגעבעטן. אַזוי אַז איך בין איינער אַליין אין שטוב.

מיר שטעלן זיך ביידע אָפּ און קוקן אויף די פענסטער אין נומער 2, גלייך ווי קיינער פון אונז וואָלט זיי פריער ניט געזען.

— מיר קענען דאָך אַרויפגיין צו אייך, — זאָג איך — איך וועל די גאַנצע צייט זיצן ביי דער טיר, אויב איר ווילט...

אָבער איצט האָב איך געציטערט פאַר אויפרעגונג און שוין חרטה געהאַט, וואָס איך בין געווען צו געוואַגט. טאָמער באַליידיקט זי זיך און גייט אַוועק פון מיר? טאָמער וועל איך זי מער ניט זען? אַך, דער שלימזלדיקער אָנצוג מיינער! פאַרצווייפלט האָב איך געוואַרט אויף אַן ענטפער.

— איר דאַרפט גאָרניט זיצן ביי דער טיר — זאָגט זי.

מיר גייען אַרויף.

אין פירהויז, וואו ס'איז געווען פינסטער, האָט זי מיך גענו-מען ביי דער האַנט און מיך געפירט. איך דאַרף גאָרניט זיין אַזאַ שטילער, האָט זי געזאָגט, איך האָב געקענט גאַנץ רויק ריידן; און מיר זיינען אַריין. זי האָט געמאַכט ליכטיק — האָט ניט אָנגעצונדן קיין לאָמפּ, נאָר אַ ליכט. אָנצינדנדיק די ליכט, האָט ז געזאָגט מיט אַן אָפּגעהאַקטן געלעכטער:

— אָבער איר זאָלט ניט קוקן אויף מיר. איך שעם זיך. אָבער מער וועל איך עם קיינמאָל ניט טאָן.

— וואָס וועט איר מער קיינמאָל ניט טאָן?

— איך וועל מער קיינמאָל ניט... אַך; ניין, גאָט זאָל אָפּ־היטן... איך וועל אײַך מער קיינמאָל ניט קושן.

— איר וועט עס ניט? — האָב איך געזאָגט און מיר האָבן זיך ביידע צעלאַכט.

איך האָב אויסגעשטרעקט צו איר די הענט, זי האָט זיך אַרויסגעדרייט אָן אַ זייט, מיך אויסגעמיטן אַריבערלויפנדיק אויפן אַנדערן עק טיש. אַ ווײַלע האָבן מיר זיך איינע דעם אַנדערן אָנגע־קוקט, צווישן אונז איז געשטאַנען דאָס ליכט.

דערנאָך האָט זי אָנגעהויבן אָפּצובינדן די וואוּאַל און אַראָפּ־גענומען דעם הוט, בשעת אירע פינקלדיקע אויגן האָבן געקוקט אויף מיר, נאָכגעפאָלגט יעדע באַוועגונג מיינע, איך זאָל זי ניט כאַפּן. איך האָב ווידער געמאַכט אַן אָנפאַל, געשטרויכלט געוואָרן אָן טעפּעך און בין געפאַלן; איך האָב זיך ניט געקענט אײַנהאַלטן אויף דעם קראַנקן פוס. איך האָב זיך אויפגעהויבן אין גרויס פאַרלעגנהייט.

— גאָט מיינער, ווי איר זייט רויט געוואָרן! — האָט זי געזאָגט — אָבער איר זייט אַזוי אומגעשיקט!

— יאָ, ס'איז אמת.

און מיר הייבן אָן ווידער צו לויפן אַרום.

— מיר דוכט זיך, אַז איר הינקט?

— יאָ, איך הינק צו אַ ביסל, אָבער גאָר ווייניק.

— דעם לעצטן מאָל האָט איר געהאַט אַ קראַנקן פינגער, איצט האָט איר אַ קראַנקן פוס; איר האָט אַזוי פיל צרות.

— מיט עטלעכע טעג צוריק האָט מען מיך לײַכט איבער־געפאָרן.

— איבערגעפאָ־ן? ווידער שיכּור־געהייט? ניין, גאָט זאָל מיך אָפּהיטן, ווי לעבט איר עס, יונגערמאַן! — זי האָט געדראָט מיטן פינגער און געוואָרן ערנסט. — איצט זעצן מיר זיך! — האָט זי געזאָגט — ניין, נאָר ניט לעבן דער טיר, איר זייט צו באַ־שיידן, — אַהער! איר אַהין, איך אַהער, אָט אַזוי... אַך, ס'איז שרעקלעך לאַנגווײַליק מיט באַשיידענע מענטשן! אַלץ מוז מען

אַליין טאָן און ריידן, ניטאָ קיין שום הילף. צום ביישפּיל, איר האָט זייער פיין געקענט האַלטן אײַער האַנט אויף דעם אָנלען פון מיין שטול, איר האָט דאָס געקענט גלענצנד אַליין פאַרשטיין, און ווען איך זאָל דאָס אײַך זאָגן, הייבט איר אויף אויף מיר אַ פּאָר אויגן, ווי איר וואָלט ניט געגלייבט, וואָס מען זאָגט אײַך. יאָ, ס'איז באמת אַזוי, איך האָב עס שוין עטלעכע מאָל באַמערקט, אָט מאַכט איר איצט אויך אַזוי. אָבער ווילט מיך נאָר ניט איבערצייגן, אַז איר זייט שטענדיק אַזוי באַשיידן, אויב איר וועט בכלל וואַגן זיך צו פאַרטיידיקן. איר זייט געווען גאַנץ פרעך, ווען איר זייט שיכּורערהייט מיך נאָכגעגאַנגען ביז מיין שטוב און פאַרפאָלגט מיך מיט אײַער שאַרפזין. „איר וועט פאַרלירן אײַער בוך, פריילין, איר וועט אומבאַדינגט פאַרלירן אײַער בוך!" האַ-האַ-האַ! פוי, דאָס איז, באמת, געווען פון אײַך זייער מיאוס!

איך בין געזעסן פאַרלוירן און געקוקט אויף איר. מיין האַרץ האָט הויך געקלאַפּט, דאָס בלוט האָט מיט אַ הייסן שטראָם זיך צעגאָסן איבער די אָדערן. וואָס פאַר אַ תענוג איז ווידער צו זיצן אין אַ מענטשלעכער וואוינונג, הערן, ווי עס טיקט דער זייגער, ריידן מיט אַ יונגער, לעבעדיקער מיידל, און ניט מיט זיך אַליין.

— פאַרוואָס רעדט איר גאָרניט?

— ניין, ווי ליב איר זייט! — האָב איך געזאָגט. — איך ז'ך דאָ און בין אינגאַנצן אין אײַער מאַכט, אָט דאָ, אין דעם מאָמענט, אינערלעך אין אײַער מאַכט. פאַרפאַלן. איר זייט דאָס אויסטערלישסטע וועזן, וואָס... טייל מאָל לויכטן אײַערע אויגן אַזוי, אַז איך האָב נאָך אַזעלכע אויגן קיינמאָל ניט געזען. זיי זעען אויס ווי בלומען. וואָס? ניין, ניין, אפשר ניט ווי בלומען גאָר, נאָר... איך בין אינגאַנצן פאַרליבט אין אײַך, ס'וועט גאָרנישט העלפן. ווי הייסט איר? איר מוזט מיר זאָגן, ווי אַזוי איר הייסט...

— ניין, און ווי הייסט איר? גאָט מיינער, איך האָב ווידער שיער ניט פאַרגעסן. דעם גאַנצן טאָג נעכטן געטראַכט, אַז איך דאַרף אײַך פרעגן. דאָס הייסט, ניט דעם גאַנצן טאָג, איך האָב גאָר ניט געטראַכט וועגן אײַך דעם גאַנצן טאָג.

— ווייסט איר, ווי אַזוי האָב איך אַייך אַ נאָמען געגעבן? איך האָב אַייך אַ נאָמען געגעבן אילאַיאַלי. ווי געפעלט עס אַייך? אַזאַ שוועבנדיקער קלאַנג...

— אילאַיאַלי?

— יאָ.

— דאָס איז אויך אַ פרעמדער שפּראַך?

— הם. ניין, אייגנטלעך.

— יאָ, עס קלינגט ניט שלעכט.

נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען, האָבן מיר איינע די אַנדערע געזאָגט אונזערע נעמען. זי האָט זיך געזעצט לעבן מיר אויפן דיוואַן און האָט אָפּגעשטויסן מיטן פוס דעם שטול, און מיר האָבן ווידער אָנגעהויבן צו פּלוידערן.

— היינט אָוונט האָט איר זיך אָפּגעראַזירט, — האָט זי געזאָגט. — בכלל, האָט איר אַ בעסערן אויסזען ווי לעצטנס, איבעריקנס גאָר אַ קליין ביסעלע בעסער, רעדט זיך עפּעס נאָר ניט איין... ניין, דאָס לעצטע מאָל זייט איר ווירקלעך געווען אַ פּאַרזעעניש. דערצו נאָך האָט איר געהאַט אַן עקלהאַפטע שמאַטע אויפן פינגער. און מיט אַזאַ אויסזען האָט איר דורכאויס געוואָלט, איך זאָל גיין מיט אַייך ערגעץ אויסטרינקען אַ גלעזל ווייַן. אַ שיינעם דאַנק.

— הייסט עס, אַז איר זייט דאַמאָלסט מיט מיר ניט געגאַנגען בלויז צוליב מיין לומפּיקן אויסזען? — האָב איך געזאָגט.

— ניין, — האָט זי געענטפערט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן. — ניין, גאָט אין אַן עדות, ניט צוליב דעם. איך האָב אַפילו ניט אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם.

— הערט אויס, — האָב איך געזאָגט — איר זיצט דאָ, און איר מיינט אַפנים, אַז איך קען זיך אַזוי לעבן און זיך אָנטאָן פּונקט ווי איך וואָלט עס געוואָלט? אָבער דאָס קען איך לײדער ניט. איך בין זייער, זייער אָרעם.

זי האָט מיך אָנגעקוקט.

— אָרעם? — האָט זי געזאָגט.

— יאָ. איך בין אָרעם.

פּאַוזע.

— אַך, גאָט מײנער, איך בין דאָך אויך אָרעם — האָט זי געזאָגט מיט אַ שטאָלצער באַװעגונג פון קאָפּ.

איר איטלעכס װאָרט האָט מיך פאַרשיכורט, אַרײנגעדרונגען מיר אין האַרצן אַרײן ווי אַ טראָפּן װײַן, הגם דאָס איז געװען אַ גאַנץ דורכשניטלעך מײדל פון קריסטיאַניע מיטן דיאַלעקט, געשיקטקייט און פּלוידערײ. מיך האָט אַנטציקט איר געוויינהייט אָנצובייגן אַ ביסל דעם קאָפּ אויף אַ זייט און הערן, װען איך האָב עפּעס גערעדט. און איך האָב געפילט איר אָטעם אויף מײַן פּנים.

— איר װײסט, — האָב איך געזאָגט: — אַז... אָבער איר זאָלט ניט װערן בייז... אַז איך האָב זיך, נעכטן אינאָװנט, געלייגט אין בעט, האָב איך אויסגעשטרעקט די האַנט צו אײַך... אָט אַזוי... װי איר װאָלט דאָרטן געלעגן. און אַזוי האָב איך אײַנגעשלאָפן.

— אַזוי? דאָס איז שיין.

פּאַוזע.

— אָבער אַזוינס האָט איר נאָר געקענט טאָן פונדערווייטנס; ווײַלע אַניט...

— אַ ניט, מײנט איר, װאָלט איך עס ניט געקענט טאָן?

— איך מײן, אַז ניט.

— אָ נײן, פון מיר קען מען אַלץ ערוואַרטן — האָב איך געזאָגט.

און איך האָב זי אַרומגענומען.

— אַלץ ערוואַרטן? — האָט זי בלויז געענטפערט.

דאָס, וואָס זי האָט מיך געהאַלטן פאַר אַ צו באַשיידענעם מענטשן, האָט מיך געערגערט און באַליידיקט; איך האָב זיך געמאַכט אַ האַרץ און זי אָנגענומען בײַ דער האַנט. אָבער זי האָט גאַנץ קאַלטבלוטיק זי צוריקגענומען און האָט זיך פון מיר אָפּגערוקט. דאָס האָט בײַ מיר װידער אַװעקגענומען דעם מוט. איך האָב זיך פאַרשעמט און אָנגעהויבן צו קוקן אין פענסטער. איך בין געװען צו נישטיק, איך האָב גאָרניט באַדאַרפט אַרײנצונעמען

זיך אין קאָפּ. ווען איך טרעף זי אַמאָל, בשעת איך האָב נאָך אויסגעזען ווי אַ מענטש, אין די טעג פון מיין וואווילשטאַנד, ווען איך האָב זיך ווי עס איז דורכגעשלאָגן, וואָלט געוועזן גאָר אַנ-דערש. איך האָב זיך דערפילט אַראָפּגעפאַלן ביי זיך.

— אָט, זעט איר! — האָט זי געזאָגט: — אָט זעט נאָר אַליין; מען קען אייך אָפּשרעקן מיט איין קנייטשל אויפן שטערן, פאַרשעמען מיט דעם, וואָס מען רוקט זיך אָפּ פון אייך... זי האָט שעלמיש געלאַכט מיט פאַרמאַכטע אויגן, ווי זי וואָלט ניט געקענט פאַרטראָגן, אַז מען קוקט אויף איר...

— אָבער, גאָט אין הימל! — האָב איך אויסגערופן: — איצט וועט איר שוין זען!

און איך האָב זי פעסט אַרומגענומען פאַר די אַקסלען. וואָס איז זי פון זינען אַראָפּ? האַלט מיך פאַר אַן אומדערפאַרענעם! כע, איך וואָלט דאָך... קיינער וואָלט מיר ניט קענען זאָגן, אַז אין דעם פּרט בין איך אָפּגעשטאַנען. אַזאַ טייוול פון אַ מיידל! ווען עס זאָל קומען דערצו, וואָלט...

אַזוי ווי איך וואָלט צו עפּעס אויף דער וועלט געטוינט!

זי איז געזעסן איננאַנצן רויק און די גאַנצע צייט געהאַלטן פאַרמאַכט די אויגן, און קיינער פון אונז האָט ניט גערעדט. איך האָב זי פעסט צוגעדריקט צו זיך, געפּרעסט איר קערפּער צו מיין ברוסט, און זי האָט ניט גערעדט קיין וואָרט. איך האָב געהערט, ווי ס'האָבן געקלאַפּט אונזערע הערצער, ביי מיר אַזוי גוט ווי ביי איר, און עס האָט אָפּגעקלונגען ווי דאָס געטראַמפּל פון פערד.

איך האָב זי אַ קוש געטאָן. מער האָב איך ניט געוואוסט, וואָס עס טוט זיך מיט מיר. איך האָב געזאָגט עפּעס אַ נאַרישקייט, פון וועלכער זי האָט געלאַכט, געשעפּטשעט איר אין מויל אַריין צערטלעכע נעמען, געגלעט איר די באַקן, געקושט זיי פיל מאָל. איך האָב אָפּגעשפּיליעט איין קנעפּל אָדער צוויי פון איר לייבל און כ'האָב דערזען אירע בריסט, וואָס האָבן אַפּערגעשימערט פון פון אונטערן העמד ווי צוויי זיסע וואונדער.

איך מעג אַ קוק טאָן? — זאָג איך און פּרוּוו אָפּצושפּיליען עטלעכע קנעפּלעך, פּרוּוו מאַכן אַ גרעסערע עפענונג; אָבער איך

בין געווען צו אויפגערעגט און ניט געקענט פארטיק ווערן מיט די אונטערשטע קנעפלעך, וואו דאס לייבל איז שטייף פארשפיליעט. — איך מעג א קוק טאן א ביסל... נאר א ביסעלע...

זי נעמט מיך ארום לאנגזאם און צערטלעך מיט דער האנט ביים האלדז; איר אטעם הויכט מיר גלייך אין פנים אריין פון אירע רויטע ציטערנדיקע נאזלעכער; מיט דער אנדערער האנט הייבט זי אן אליין אפצושפיליען די קנעפלעך, איינס נאכן אנדערן. זי לאכט אין פארלעגנהייט מיט אן אפגעהאקטן געלעכטער און קוקט עטלעכע מאל צו מיר ארויף, צי איך באמערק, אז זי האט מורא; זי מאכט לויז די בענדלעך, שפיליעט אפ דעם קארסעט, זי איז אנטציקט און דערשראקן. און מיט מיינע גראבע הענט עסק איך זיך ביי די דאזיקע בענדלעך און קנעפלעך... כדי אפצווענדן מיין אויפמערקזאמקייט פון דעם, וואס זי טוט, גלעט זי מיר מיט דער לינקער האנט איבערן אקסל און זאגט:

— סאר א סך אויסגעפאלענע האר דא ליגט!

— יא, — ענטפער איך און וויל זיך צוטוליען מיט מיינע ליפן צו איר ברוסט.

אין דעם מאמענט ליגט זי מיט א אפגעשפיליעט קלייד. פלוצלונג קומט זי ווי צו זיך, גלייך זי וואלט איינגעפונען, אז זי איז צו ווייט פארגאנגען, און פארריכט זיך א ביסל. און כדי צו באהאלטן די שאנדע, הייבט זי ווידער אן צו ריידן וועגן דער מאסע אויסגעקראכענע האר אויף מיינע אקסלען:

— פארוואס קריכן אייך אזוי אויס די האר?

— איך ווייס ניט.

— איר טרינקט מסתמא א סך און אפשר... פוי, איך וויל עס גאר ניט אויסריידן! איר מעגט אייך שעמען! ניין, דאס האב איך פון אייך ניט ערווארט! נאך אזוי יונג און פארלירט שוין די האר!... מוזט איר מיר טאקע אזוי גוט זיין און דערציילן, ווי אזוי לעבט איר אייגנטלעך. איך בין זיכער, אז ס'איז עטוואס שרעקלעכס! אבער דעם גאנצן אמת, אן שום תירוצים! איבע-ריקנס, וועל איך זען נאך אייער פנים, אויב איר וועט עפעס ווילן באהאלטן. אלזא, דערציילט!

אַך, ווי איך בין געוואָרן מיד! מיט וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן וואָלט איך בעסער שטיל געזעסן און געקוקט אויף איר, איידער שפּילן אַ קאָמעדיע און פּטרן כוחות אויף די אַלע פּרוּוון. איך האָב צו גאָרנישט ניט געטויגט, איך בין געוואָרן אַ שמאַטע.

— נו, הייבט אָן! — האָט זי געזאָגט.

איך האָב אויסגענוצט די געלעגנהייט און דערציילט אַלץ און דערציילט נאָר דעם אמת. איך האָב גאָרנישט ניט פאַרגע־שטעלט ערגער, ווי ס׳איז געווען, כ׳האָב ניט געהאַט ברעה צו דערוועקן צו זיך רחמנות; איך האָב אַפילו געזאָגט, אַז איינמאָל אין אָוונט האָב איך גענגבעט פינף קראָן.

זי איז געזעסן מיט אַן אָפענעם מויל און געהאָרכט, בלאַס, דעשראָקן, מיט גלאַנציקע אויגן, פול אימה. איך האָב עס געוואָלט פאַרריכטן, פאַרגלעטן דעם שלעכטן אַיינדרוק, וואָס מיין דערציי־לונג האָט געמאַכט, האָב איך זיך אויפגעהויבן און געזאָגט:

— אָבער דאָס איז דאָך שוין אַלץ פאַרביי, איצט קען דער־פון מער קיין רייד ניט זיין. איצט בין איך געזיכערט...

אָבער זי איז געווען זייער פאַראומ׳ערט. — גאָט זאָל אָפּ־היטן! — האָט זי געזאָגט און אַנטשוויגן געוואָרן. זי האָט עס איבערגעחזרט מיט קורצע הפסקות עטלעכע מאָל און ווידער גע־שוויגן — גאָט זאָל אָפּהיטן!

איך האָב אָנגעהויבן צו שפּאַסן, זי צו קיצלען, צוגעצויגן זי צו מיר אויף דער ברוסט. זי האָט ווידער פאַרשפּיליעט איר קלייד און דאָס האָט מיך פאַרדראָסן. פאַרוואָס האָט זי ווידער פאַר־קנעפּלט דאָס קלייד? צי דען בין איך איצט אין אירע אויגן ווייניקער ווערט געווען, ווי ווען איך וואָלט זיך מודה געווען, אַז די האָר זיינען מיר אויסגעקראָכן פון אַן אויסגעלאַסענעם לעבן? צי דען וואָלט איך איר בעסער געפעלן, אַז איך וואָלט זיך אַרויס־געשטעלט פאַר אַ לעבּיונג?... אָן תירוצים, דאָ גילט נאָר אַנט־שלאָסנקייט, און אויב נאָר אַנטשלאָסנקייט, טאָ לאָזט מיך!

איך האָב געמוזט מאַכן אַ נייעם פּרוּוו.

איך האָב זי אַוועקגעלייגט, גאַנץ פּשוט — אַוועקגעלייגט

אויף דיוואַן. זי האָט זיך געווערט, איבעריקנס גאַנץ ווייניק, און האָט מיך אָנגעקוקט פאַרוואונדערט.

— ניין... וואָס ווילט איר? — האָט זי געזאָגט.

— וואָס וויל איך?!

— ניין... ניין אָבער...

— יאָ, יאָ...

— ניין, איר הערט! — האָט זי אויסגערופן און זי האָט צוגעגעבן די דאָזיקע באַליידיקנדיקע ווערטער: — מיר דאַכט זיך, אַז איר זייט אַ משוגענער.

איך האָב זיך ניט ווילנדיק אָפּגעהאַלטן.

— איר מיינט עס ניט ערנסט?

— אָבער איר האָט אַזאַ מאָדנעם אויסזען! און אין יענעם פרימאָרגן, ווען איר האָט מיך פאַרפאָלגט, דאַמאָלסט זייט איר, אַלזאָ, אויך ניט געווען שיכור?

— ניין. אָבער איך בין דאַמאָלסט ניט געווען אויך הונגעריק. איך האָב נאָר־וואָס געהאַט אָפּגעגעסן.

— איז נאָך ערגער.

— פאַר אייך וואָלט גלייכער געווען, איך זאָל זיין שיכור?

— יאָ... אַך, איך האָב מורא פאַר אייך! גאָט מיינער, לאָזט מיך אָבער אָפּ!

איך האָב זיך געשלאָגן מיט דער דעה. ניין, אַזוי האָב איך עס ניט געקענט איבערלאָזן, איך וואָלט צופיל פאַרלוירן. וואָס איז דאָס פאַר אַ פאַרשאָלטענע פלוידעריי אין אַזאַ שפּעטער אָוונט־שעה אויף אַ סאָפע! הע, מיט אַזעלכע תירוצימלעך זיך וועלן אויסדרייען אין אַזאַ מאָמענט! גלייך ווי איך וואָלט ניט וויסן, אַז דאָס אַלץ איז געווען ניט מער ווי שעמעוודיקייט. אַזאַ תם זאָל איך שוין זיין. אָט אַזוי! שטילער! נענוג נאַרישקייט! לעבן זאָל דער קיניג און דאָס פאָטערלאַנד!

זי האָט זיך געווערט גאַנץ שטאַרק, צו שטאַרק, אויף צו ווערן זיך בלויז אויס שעמעוודיקייט. איך האָב אַ שטויס געטאָן, ווי ניט בכיוון, דאָס ליכט, און עס איז אומגעפאַלן און האָט

זיך פאַרלאָשן. זי האָט געשטעלט אַ פאַרצווייפלטן ווידערשטאַנד, איינמאָל אַפילו אַ שטילן קוויטש געטאָן.

— ניין, דאָס ניט, דאָס ניט! אויב איר ווילט, קענט איר שוין בעסער אַ קוש טאָן מיין ברוסט. מיין ליבער, מיין גוטער!

איך האָב זיך גלייך אָפּגעהאַלטן. אירע ווערטער האָבן גע־קלונגען אַזוי דערשראָקן און הילפלאָז, אַז איך בין געווען טיף געטראָפן. זי האָט מיר געוואָלט באַלוינען, דערלויבנדיק אַ קוש טאָן אין ברוסט! דאָס איז געווען אַזוי שיין, שיין און נאַיִוו! איך האָב געוואָלט פאַלן פאַר איר אויף די קני.

— אָבער מיין ליב קינד!... — האָב איך געזאָגט, שטאַרק פאַרווירט, — איך פאַרשטיי ניט... איך באַגרייף, באמת ניט, וואָס איז דאָס פאַר אַ שפּיל...

זי האָט זיך אויפגעהויבן און האָט מיט ציטערדיקע הענט ווידער אָנגעצונדן דאָס ליכט; איך האָב זיך ווידער אָנגעלעענט אויף דער סאָפע און גאָרנישט ניט געטאָן. וואָס וועט איצט זיין? אין גרונד גענומען, האָב איך זיך געפילט עקלהאַפט.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף דער וואַנט, אויפן זייגער און האָט אויפגעציטערט.

— אַך, שוין קומט אָן דאָס שטובמיידל! — האָט זי געזאָגט.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע, וואָס זי האָט געזאָגט.

איך האָב פאַרשטאַנען איר אָנצוהערעניש און האָב זיך אויפ־געשטעלט. זי האָט זיך געכאַפּט פאַרן מאַנטל, ווי זי וואָלט זיך געקליבן אים אָנטאָן, אָבער גלייך חרטה געהאַט, אַוועקגעלייגט צוריק און איז אַוועק צום קאַמין. זי איז געווען בלאַס און איז געוואָרן אַלץ מער און מער אומרויק. כדי עס זאָל ניט אויסזען, אַז זי ווייזט מיר די טיר, האָב איך געזאָגט:

— אייער פאָטער איז געווען אַ מיליטערמאַן?

און אין דער זעלבער צייט האָב איך זיך געקליבן אַוועק־צוניין.

— יאָ, אַ מיליטערמאַן, פון וואַנען ווייסט איר דאָס?

— איך ווייס ניט, אַזוי איז מיר איינגעפאַלן.

— מערקווערדיק!

— אָ, יאָ! איך האָב צייטנווייז אַזאַ חוש צו טרעפן. העהע, דאָס געהערט אויך צו מיין משוגעת...

זי האָט אויף מיר געוואָרפן אַ שנעלן בליק, אָבער גאָרניט געענטפערט. איך האָב געפילט, אַז מיין אָנוועזנהייט איז איר פיינלעך, און איך האָב געוואָלט עס מאַכן בקיצור. איך האָב זיך געלאָזט גיין צו דער טיר. וועט זי מיר מער קיין איין קוש ניט געבן? אַפילו די האַנט ניט דערלאַנגען

איך בין געשטאַנען און געוואַרט.

— איר גייט שוין אַוועק? —האָט זי געזאָגט, בלייבנדיק שטיין ביים קאַמין.

איך האָב ניט געענטפערט.

דערשלאָגן און פאַרלוירן, בין איך געשטאַנען און געקוקט אויף איר, ניט ריידנדיק קיין וואָרט. פאַרוואָס האָט זי מיך ניט געלאָזט צו רו, וויבאַלד עס האָט זיך באַדאַרפט אַזוי ענדיקן. וואָס אַזוינס בין איך געווען אין דעם מאָמענט? איך האָב זיך געקליבן אַוועקצוגיין און דאָס האָט איר גאָרניט געאַרט; זי איז געווען פאַר מיר פולשטענדיק פאַרלוירן און איך האָב געוואָלט צום געזעגענען זאָגן איר עפּעס, געזוכט אַ טיף, אַ וואָגיק וואָרט, וואָס זאָל זי איבעראַשן און אפשר אַ ביסל אימפּאָנירן. און אויף צו להכעיס מיין פעסטן באַשלוס צו בלייבן קאַלט און שטאָלץ, בין איך געווען פאַרוואונדערט, באַליידיקט און אומרויִק; כ'האָב אָנגעהויבן וועגן קליינינקייטן; דאָס איבעראַשנדיקע וואָרט איז ניט געקומען, איך האָב זיך אויפגעפירט אָן שום זין. ווידער איז אויפגעטראָטן מליצה און פראַזן.

פאַרוואָס האָט זי מיר ניט געקענט זאָגן קורץ און שאַרף, איך זאָל נעמען דעם וועג! — האָב איך געפרעגט — נו יאָ, פאַרוואָס? ס'האָט זיך ניט געלוינט צו זשענירן. אָנשטאָט צו דערמאָנען, אַז באַלד וועט אָנקומען דאָס שטובמיידל, האָט זי מיר פשוט געקענט זאָגן: „איצט מוזט איר פאַרשווינדן, ווייל איך דאַרף איצט גיין אָפּנעמען מיין מוטער און איך דאַרף ניט האָבן אייער באַגלייטונג אויף דער גאַס”. אַזוי, זי האָט עס גאָרניט געמיינט? אָ, זי האָט שוין דאָס גאַנץ גוט געמיינט, איך האָב עס גלייך פאַרשטאַנען.

מען דאַרף ניט קיין סך דאָס צו פאַרשטיין. שוין דער אופן, ווי אַזוי זי האָט זיך געכאַפּט פאַרן מאַנטל און באַלד אים ווידער אַוועקגעלייגט אויפן אָרט, האָט מיך גלייך איבערצייגט. איך האָב, ווי געזאָגט, אַ חוש. און עס שטעקט גאָרניט אייגנטלעך דערין אַזוי פיל משוגעת...

— אָבער נאָט אין הימל, זייט מיר שוין מוחל דאָס דאָזיקע וואָרט. עס האָט זיך ביי מיר אויסגערעדט ניט בכיוון, — האָט זי אויסגערופן.

אָבער זי איז געבליבן שטיין און איז ניט צוגעגאַנגען צו מיר.

איך בין געווען פאַרעקשנט און גערעדט ווייטער. איך בין געשטאַנען און געפּלוידערט מיט דעם פיינלעכן געפיל, אַז זי האָט זיך געלאַנגווייליקט, אַז קיין איינציק וואָרט מיינס האָט זי ניט גערירט, און פונדעסטוועגן האָב איך ניט אויפגעהערט. אין גרונד גענומען, קען מען האָבן אַ פיינפילנדיקע נאַטור, ניט זייענדיק משוגע, — האָב איך געטראַכט: — פאַרהאַן מענטשן, וועלכע שפּייזן זיך מיט קליייניקייטן און שטאַרבן פון אַ האַרבן וואָרט. און איך האָב געגעבן אָנצוהערעניש, אַז איך געהער צו די דאָזיקע נאַטורן. די מעשה איז, וואָס מיין אָרעמקייט האָט פאַרשאַרפט אין מיר געוויסע איינגעשאַפטן אין אַזאַ מאָס, וואָס פאַרשאַפט מיר ממש אומאַיינגענעמלעכקייטן — יאָ, ממש אומאַיינגענעמלעכ־קייטן, ליידער. אָבער דאָס האָט אויך מעלות; אין געוויסע הינזיכטן העלפט עס מיר. דער אָרעמער אינטעליגענט איז אַ פיינערער אָבסערוואַטאָר, ווי דער רייכער אינטעליגענט. דער אָרעמער קוקט זיך אום אויף יעדן שריט, וואָס ער מאַכט, יעדן וואָרט וואָס ער הערט פון אַ מענטשן נעמט ער אויף מיט אומצו־טרוי; יעדער שריט זיינער איז פאַר זיין געדאַנק און געפיל אַן אויפגאַבע, אַן אַרבעט. ער איז שאַרף, פיינפיליק, ער איז אַן אויס־געפרוווטער מענטש, זיין נשמה איז לויטער וואונדן...

און איך האָב נאָך לאַנג גערעדט וועגן די דאָזיקע וואונדן פון מיין נשמה. אָבער וואָס לענגער איך האָב גערעדט, אַלץ אומ־רויִקער איז זי געוואָרן; צום סוף האָט זי פאַרצווייפלט אַ פּאָר מאָל געזאָגט: „גאָט מיינער!" און פאַרבראָכן די הענט.

איך האָב זייער גוט געזען, אַז איך האָב זי געפייניקט. איך האָב זי ניט געוואָלט פייניקן, און פונדעסטוועגן האָב איך עס געטאָן. ענדלעך האָב איך באַשלאָסן, אַז דעם עיקר האָב איך איר שוין אין אַלגעמיינע שטריכן אָפּגעזאָגט, איר פאַרצווייפלטער בליק האָט מיך גערירט און איך האָב זיך אָפּגערופן:

— איצט גיי איך, איצט גיי איך שוין! צי דען זעט איר ניט, אַז איך האָב שוין אָנגענומען די קליאַמקע? זייט געזונט! זייט געזונט, זאָג איך! איר האָט מיר געמעגט ענטפערן, ווײַבאַלד איך האָב זיך שוין צוויי מאָל מיט אײַך געזעגנט און שטיי דאָ מיט דעם בעסטן באַשלוס אַוועקצוגיין. איך בעט אַפילו ניט קיין דער־לויבעניש אײַך נאָך אַמאָל צו זען, ווייל דאָס וואָלט אײַך פאַר־שאַפט עגמת־נפש; אָבער זאָגט מיר: פאַרוואָס האָט איר מיך ניט געלאָזט צורו? וואָס האָב איך אײַך געטאָן? איך בין אײַך אין וועג ניט געשטאַנען, ניט אמת? פאַרוואָס קערט איר זיך פּלוצלונג אָפּ פון מיר, ווי איר קענט מיך שוין ניט מער? איר האָט מיך אינגאַנצן באַרויבט, פאַרוויסט, געמאַכט נאָך עלנטער ווי איך בין פריער געווען. גאָט מיינער, אָבער איך בין דאָך ניט משוגע. איר דאַרפט נאָר אַ טראַכט טאָן, ווייסט איר זייער גוט, אַז איך לייד איצט אויף קיין זאַך ניט. טאָ קומט אַהער און גיט מיר אײַער האַנט! אָדער דערלויבט מיר צוצוגיין צו אײַך! גוט? איך וועל אײַך גאָרנישט ניט טאָן, איך וויל נאָר אַ ווײַלע שטיין פאַר אײַך אויף די קני, קניען פאַר אײַך, בלויז אויף איין רגע; מעג איך? ניין, ניין, איך וועל עס ניט טאָן, איך זע, אַז איר האָט מורא, גוט, איך וועל עס ניט טאָן. איר הערט? איך וועל עס ניט טאָן. גאָט אין הימל, וואָס שרעקט איר זיך אַזוי? איך שטיי דאָך שטיל, ריר זיך ניט פון אָרט. איך וואָלט געשטאַנען איין ווײַלע אויף די קני, אויפן טעפּעך, אָט אויף יענעם רויטן פאַס, לעבן אײַערע פיס. אָבער איר האָט זיך דערשראָקן, איך האָב גלייך געזען נאָך אײַערע אויגן, אַז איר האָט זיך דערשראָקן, אָט פאַרוואָס איך האָב זיך אָפּגעהאַלטן. איך האָב דאָך קיין טריט ניט געמאַכט, ווען איך האָב אײַך וועגן דעם געבעטן, אמת? איך בין געשטאַנען פּונקט אַזוי אומבאַוועגלעך, ווי איצט, בשעת איך ווייז

אייך אָן דעם אָרט, וואו איך וואָלט געשטאַנען אויף די קני, אָט אויף יענער רויטער רויז, אויפן טעפּעך. איך טייט אַפילו ניט אָן מיטן פינגער, איך ווייז גאָרניט אָן, איך טו עס ניט, איר זאָלט זיך ניט שרעקן, איך ווינק נאָראָן און קוק אַהינצו, אָט אַזוי! און איר פאַרשטייט זייער גוט, וועלכע רויז איך מיין, אָבער איר ווילט עס מיר ניט דערלויבן; איר האָט מורא פאַר מיר און קענט זיך ניט באַשליסן צוצוגיין צו מיר. איך פאַרשטיי ניט, ווי אַזוי האָט איר עס געקענט מיך אָנרופן משוגענער? אָבער אמת, אַז איר גלייבט אַליין ניט אין דעם? בלויז איינמאָל, זומערצייט, שוין לאַנג־לאַנג, בין איך געווען משוגע; איך האָב צו שווער געאַרבעט און האָב פאַרגעסן צו גיין מיטאָג עסן, ווייל איך האָב געהאַט פיל צו טראַכטן. דאָס איז געשען טאָג איין, טאָג אויס; איך האָב באַדאַרפט געדענקען וועגן עסן, אָבער איך פלעג אייביק פאַרגעסן. נאָט איז אָן עדות, ס׳איז אַלץ אמת. זאָל איך ניט דערלעבן אַוועקצו־גיין פון דעם אָרט, אויב איך זאָג ליגן! זעט איר שוין, ווי אומ־גערעכט איר זייט אַנטקעגן מיר. איך האָב דאָס ניט געטאָן על־פּי נויט, איך האָב קרעדיט, אַ גרויסן קרעדיט, ביי אינגעברעכט, ביי גראַוועסען; איך האָב אָפט געהאַט פיל געלט ביי זיך, און פונ־דעסטוועגן האָב איך גאָרניט געקויפט צום עסן, ווייל איך פלעג פאַרגעסן וועגן דעם. איר הערט? איר זאָגט גאָרניט, איר ענטפערט ניט, איר טרעט ניט אָפּ פון קאַמין, איר שטייט נאָר און וואַרט, איך זאָל אַוועקגיין...

זי איז שנעל צוגעגאַנגען צו מיר און אויסגעשטרעקט די האַנט. איך האָב זי אָנגעקוקט מיט דעם גרעסטן אומצוטרוי. האָט זי עס געטאָן פון גאַנצן האַרצן, אָדער זי האָט עס געטאָן, כדי פּטור צו ווערן פון מיר. זי האָט מיך אַרומגענומען ביים האַלדז, ביי איר זיינען געשטאַנען טרערן אין די אויגן. איך בין נאָר גע־שטאַנען און געקוקט אויף איר. זי האָט מיר אויסגעשטרעקט אירע ליפּן; איך האָב איר ניט געקענט גלייבן. זיכער האָט זי עס גע־בראַכט אַ קרבן, ס׳איז בלויז געווען אַ מיטל צו מאַכן דערמיט אַן ענדע.

זי האָט עפּעס געזאָגט, מיר האָט זיך אויך געדאַכט אַז: „פונדעסטוועגן האָב איך אייך ליב!" זי האָט עס געזאָגט זייער

שטיל און אומדייטלעך, אפשר האָב איך ניט ריכטיק דערהערט, אפשר האָט זי געזאָגט גאָר ניט די ווערטער; אָבער זי האָט זיך מיט אַן אימפּעט אַ וואָרף געטאָן צו מיר אויפן ברוסט, זיך אויפגעהויבן אַפילו אויף די שפּיצן פינגער, כדי אַרויפצוגרייכן צו מיר און געבליבן אַזוי שטיין.

איך האָב מורא געהאַט, אַז זי האָט זיך געצוואונגען צו דער דאָזיקער צערטלעכקייט און נאָר געזאָגט:

— ווי שיין איר זייט איצט.

מער האָב איך גאָרנישט ניט געזאָגט. איך האָב אָפּגעטראָטן צוריק, זיך אָנגעשטויסן אויף דער טיר און בין הינטערווײַלעכץ אַרויס. און זי איז געבליבן.

# פערטער טייל

ס׳איז געקומען דער ווינטער, אַ קאַלטער פייכטער ווינטער, כמעט אָן שניי, אַ נעפּלדיקע פינסטערע אייביקע נאַכט, אָן אַן איינציקן פרישן שטראָם ווינט אין משך פון אַ גאַנצער וואָך. כמעט אַ גאַנצן טאָג האָט געברענט דער גאַז אויף די גאַסן, און פונדעסטוועגן פלעגן זיך מענטשן אָנשטויסן אין דעם נעפּל איינער אויפן אַנדערן. אַלע טענער, דאָס קלינגעריי פון די קירכן־גלאָקן, די גלעקלעך פון די דראָשקעס, די שטימען פון די מענטשן, דאָס טראַמפּלען פון די פערד, — אַלץ צוזאַמען האָט אין דער דאָזיקער דיקער לופט געקלונגען דומפּ, ווי אין אַ קבר. ס׳איז אַוועק אַ וואָך נאָך אַ וואָך, און דער וועטער איז נאָך אַלץ געווען און געבליבן דער זעלבער.

איך האָב זיך נאָך אַלץ אויפגעהאַלטן אויפן זעלבן אָרט.

איך האָב זיך אַלץ מער און מער צוגעבונדן צו דער דאָזיקער אַכסניא, צו די דאָזיקע „צימערן פאַר אורחים מיט עסן״, וואו איך האָב זיך געקענט אויפהאַלטן, ניט קוקנדיק אויף מיין פולשטענדיקן דלות. מיין געלט האָב איך שוין לאַנג געהאַט אויסגעגעבן, פונדעסטוועגן בין איך נאָך אַלץ געקומען אַהערצו, גלייך ווי איך וואָלט געהאַט דערויף אַ רעכט און דאָ וואָלט געווען מיין היים. דערוויילע האָט נאָך די באַלעבאָסטע מיר גאָרנישט געזאָגט, אָבער מיר האָט סיי ווי געפּלאָגט דער געדאַנק, אַז איך קען איר ניט באַצאָלן. אַזוי איז אַריבער דריי וואָכן.

שוין מיט עטלעכע טעג צוריק האָב איך זיך ווידער גענומען פאַר מיין שרייבעריי, אָבער מיר איז ניט געלונגען אויפצוטאָן עפּעס, וואָס זאָל מיך צופרידן שטעלן... ס׳האָט מיר מער ניט

געגליקט, הגם איך בין געווען פלייסיקער ווי פריער און זיך געמאַטערט פון דער פרי ביז ביינאַכט. וואָס איך האָב נישט אָנגעהויבן צו טאָן, איז מיר אַלץ ניט געראָטן, — אַוועק דער מזל. איך בין געזעסן אין אַ צימער אויפן ערשטן גאָרן, אין דעם שענסטן צימער פאַר די געסט — און געמאַכט די דאָזיקע פּרוּוון. פון ערשטן אָוונט אָן, בשעת איך האָב נאָך געהאַט געלט און געקענט פאַר אַלץ באַצאָלן, בין איך פאַרבליבן דאָרט און קיינער האָט מיר ניט געשטערט. איך האָב געהאָפט די גאַנצע צייט, אַז מיר וועט געלינגען אָנצושרייבן אַן אַרטיקל און ס'וועט זיין אַ מעגלעכקייט באַצאָלן פאַרן צימער און דעקן די איבעריקע חובות; אָט פאַרוואָס איך האָב אַזוי פלייסיק געאַרבעט. מיך האָט באַזונדערס פאַרנומען אַ געוויסע זאַך, פון וועלכער איך האָב זייער פיל ערוואַרט, אַן אַלעגאָריע וועגן אַ שרפה אין אַ בוכהאַנדלונג, אַ טיפער געדאַנק, וואָס איך האָב געוואָלט באַאַרבעטן מיט דער גרעסטער התמדה און דערמיט באַצאָלן דעם חוב דעם „קאָמאַנדיר“. דער „קאָמאַנדיר“ מוז זיך איבערצייגן, אַז ער האָט דאָס מאָל געהאָלפן אַן עכטן טאַלאַנט; איך האָב נישט געהאַט דעם מינדסטן ספק, אַז ער וועט זיך וועגן דעם איבערצייגן. מען דאַרף נאָר וואַרטן, ביז וואַנען אויף מיר וועט אָנקומען דער רוח=הקודש. און פאַרוואָס זאָל דער רוח=הקודש ניט אָנקומען גאָר אינגיכן? ס'איז ניט געווען קיין שום מניעות; יעדן טאָג האָב איך באַקומען פון מיין באַלעבאָסטע עפּעס צו עסן, עטלעכע פּוטערברויטלעך, אינדערפרי און אינאָוונט, און מיין נערוועזקייט איז כמעט פאַרשוואונדן. אויך האָב איך שוין מער ניט איינגעוויקלט די הענט אין שמאַטעס, בשעת איך האָב געשריבן, און האָב געקענט אַראָפּקוקן אויף דער גאַס פון מיין פענסטער אויפן צווייטן שטאָק אָן קאָפּ=שווינדל. מיר איז געווען אַ סך בעסער אין אַלע הינזיכטן און איך האָב זיך ממש געחידושט, וואָס איך בין נאָך ניט פאַרטיק געוואָרן מיט מיין אַלעגאָריע. איך האָב ניט פאַרשטאַנען, מיט וואָס דערקלערט זיך עס.

ענדלעך איז מיר אויסגעקומען איינמאָל צו דערשפירן, ווי שוואַך איך בין געוואָרן, ווי פויל און אומפּראָדוקטיוו מיין מוח האָט געאַרבעט. אין יענעם טאָג טאַקע איז צו מיר אַרויף מיין

באַלעבאָסטע מיט אַ חשבון און האָט מיך געגעבן אים דורכזען. דער חשבון איז אַפּנים ניט ריכטיק, — האָט זי געזאָגט — ער שטימט ניט מיט איר בוך; אָבער זי קען ניט כאַפּן דעם טעות.

איך האָב זיך אַנידערגעזעצט חשבונען; מיין באַלעבאָסטע איז געזעסן אַנטקעגן און מיך אָנגעקוקט. איך האָב צוזאַמענגעלייגט די דאָזיקע צוואַנציק קליינע צאָלן, צפריער פון אויבן אַראָפּ און געפונען די סומע פּאַר ריכטיק, דערנאָך פון אונטן אַרויף, און געקומען צו דעם זעלבן רעזולטאַט. איך האָב אָנגעקוקט די פרוי, זי איז געזעסן פונקט אַנטקעגן מיר און געוואַרט אויף איין וואָרט; דערביי האָב איך באַמערקט, אַז זי איז טראָגעדיק. דאָס האָט ניט אויסגעווייכט מיין אויפמערקזאַמקייט, הגם איך האָב זי גאָרניט באַטראַכט.

— די סומע איז ריכטיק, — האָב איך געזאָגט.

— ניין, רעכנט נאָר איבער יעדע צאָל באַזונדער, — האָט זי געענטפערט: — עס קען ניט זיין אַזוי פיל, אין דעם בין איך זיכער.

און איך האָב אָנגעהויבן איבערצורעכענען יעדע צאָל: 2 ברייטלעך צו 25, אַ גלאָז צו אַ לאָמפּ 18, זייף 20, פּוטער 32... מ'האָט ניט באַדאַרפט קיין באַזונדער גוטן קאָפּ צו באַרעכענען די דאָזיקע ריי ציפערן, דאָס דאָזיקע חשבונדל פון שפּייזקרעמל, וואָס אין אים האָט ניט געשטעקט קיין שום קאָמפּליק, און כ'האָב געפּרוווט געוויסנהאַפט געפינען דעם טעות, וועגן וועלכן די פרוי האָט גערעדט, אָבער איך האָב אים ניט געפונען. אָפּגעעסקט זיך נאָך אַ ביסל מיט די דאָזיקע צאָלן, האָב איך דערפילט, ליידער, אַז אַלץ האָט אָנגעהויבן צו טאַנצן ביי מיר אין קאָפּ; איך האָב שוין ניט אונטערשיידט הוצאה פון הכנסה, ביי מיר האָט זיך אַלץ אויסגעמישט צוזאַמען. ענדלעך בין איך געבליבן שטיין אויף דער פאָלגנדיקער צאָל: $3^5/_{16}$ פונט קעז צו 16. מיין מוח האָט אינגאַנצן אויפגעהערט צו אַרבעטן, איך האָב טעמפּ אַראָפּגעקוקט אויפן קעז און זיך ניט גערירט פון אָרט.

— דער טייוול וויים, ווי דאָ איז אָנגעשריבן! — האָב איך געזאָגט פאַרצווייפלט. — דאָ שטייט דאָך, רחמנא לצלן, פינף

זעכצנטלעך קעז, העה־ע! האָט איר אַזוינס געהערט אַמאָל? אָט קענט איר אַליין אַ קוק טאָן!

— יאָ, — האָט די פרוי ווידער געענטפערט: — אַזוי איז שוין עס אָנגענומען צו שרייבן, דאָס איז געווירצטער קעז. גאַנץ ריכטיק, פינף זעכצנטלעך, דאָס איז פינף לייט...

— אַ, איצט פאַרשטיי איך שוין, — האָב איך איר איבער־געשלאָגן די רייד, הגם איך האָב אין דער אמתן גאָרניט פאַר־שטאַנען.

איך האָב זיך ווידער געפרווט פונאַנדערקלייבן אין דעם קליינעם חשבון, וואָס מיט עטלעכע חדשים צוריק וואָלט איך אים באַרעכנט אין איין מינוט; איך האָב זיך אָפּגענאָמען מיט אַ שוויים, זיך אָנגעשטרענגט מיט אַלע כוחות אויף די דאָזיקע מיסטעריעזע צאָלן, געבלינצלט פאַרטראַכט מיט די אויגן, ווי איך וואָלט אַלזייטיק אויסגעפאָרשט די זאַך; אָבער איך האָב זיך געמוזט אָפּזאָגן. די פאַרשאָלטענע פינף לייט קעז זיינען מיר דערגאַנגען די יאָרן; מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ביי מיר אין קאָפּ האָט עפּעס געפּלאַצט.

אָבער כדי צו מאַכן דעם איינדרוק, אַז איך בין נאָך פאַר־נומען מיטן רעכענונג, האָב איך באַוועגט מיט די ליפּן און פון צייט צו צייט הויך אָנגערופן אַ צאָל, גליטשנדיק מיטן פינגער אַלץ ווייטער און ווייטער אַראָפּ איבערן חשבון, ווי איך וואָלט זיך אומאויפהערלעך געררוקט פאָראויס און בין געקומען צום סוף. די באַלעבאָסטע איז געזעסן און געוואַרט. ענדלעך האָב איך געזאָגט:

— איך האָב איבערגערעכנט אַלץ פון אָנהייב ביזן סוף און, אויף וויפיל איך האָב איינגעזען, איז דאָ ווירקלעך ניטאָ קיין שום טעות.

— ניין? — האָט די פרוי געזאָגט — ווירקלעך ניטאָ?

אָבער איך האָב גוט געזען, אַז זי האָט מיר ניט געגלייבט.

און פּלוצלונג האָב איך דערשפּירט אין אירע רייד עפּעס אַ ביטול, אַ גלייכגילטיקייט אין טאָן, וואָס פריער האָב איך עס ניט געמערקט. זי האָט געזאָגט, אַז אפשר בין איך ניט געוויינט צו רעכענען אויף זעכצנטלעך, זי האָט אויך געזאָגט, אַז זי וועט זיך מוזן ווענדן צו עמעצן, וואָס פאַרשטייט זיך אויף דעם, ער זאָל

דורכזוען דעם חשבון ווי געהעריק. דאָס איז אַלץ געזאָגט געוואָרן ניט אין דער פאָרם פון אַ באַליידיקונג, אָן שום פאַרלאַנג מיך צו פאַרשעמען, נאָר ערנסטער און באַדאַכטערהייט. אַז זי איז צוגעקומען צו דער טיר און האָט שוין געהאַלטן ביים אַרויסגיין, האָט זי, ניט אַ קוק טוענדיק אויף מיר, געזאָגט:

— אַנטשולדיקט, וואָס איך האָב אייך באַאומרויִקט.

זי איז אַוועק.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך די טיר ווידער געעפנט און מײַן באַלעבאָסטע איז ווידער אַרײַן; זי איז אַוועק, ווײַזט אויס, ניט ווײַטער פון פאָרהויז, איידער זי האָט זיך אומגעקערט.

— יאָ! — האָט זי געזאָגט: — נעמט ניט פאַר אומגוט, אָבער מיר קומט עפּעס פון אײַך. נעכטן איז דאַכט זיך געוואָרן דרײַ וואָכן ווי איר האָט זיך אַהער אַרײַנגעצויגן? יאָ, מיר דאַכט אַזוי. ס'איז ניט אַזוי לײַכט דורכצוקומען מיט אַזאַ גרויסער פאַמיליע, און איך קען לײַדער ניט האַלטן קיין אורחים אויף קרעדיט...

איך האָב זי איבערגעשלאָגן:

— ווי איך האָב שוין אײַך איינמאָל געזאָגט, אַרבעט איך איבער אַן אַרטיקל, און ווי נאָר ער ווערט פאַרטיק, באַקומט איר תּיכף אײַער געלט. איר קענט זײַן גאַנץ רויִק.

— יאָ, אָבער איר וועט אים קיינמאָל ניט ענדיקן.

— אַזוי מיינט איר? זײַער מעגלעך, אַז דער רוח־הקודש וועט אָנקומען אויף מיר מאָרגן, אָדער גאָר היינט בײַנאַכט, ס'איז דאָך ניט אויסגעשלאָסן, אַז היינט בײַנאַכט, און דאַן וועל איך פאַרטיק מיט מײַן אַרטיקל אין אַ פערטל שעה. איר פאַרשטייט, מיט מײַן אַרבעט איז ניט אַזוי, ווי מיט אַן אַנדערער. איך קען זיך ניט אַוועקזעצן און פאַרטיק מאַכן פאַר אַ טאָג אַ געוויסן סכום אַרבעט, איך מוז אויסוואַרטן דעם מאָמענט. און קיינער קען ניט זאָגן דעם טאָג אָדער די שעה, ווען די באַגייסטערונג קומט צו אים אָן; דאָס מוז האָבן זײַן צײַט.

די באַלעבאָסטע איז אַוועק. אָבער איר צוטרוי צו מיר האָט זיך שטאַרק אַ וואַקל געטאָן.

ווי נאָר איך בין געבליבן אַליין, בין איך אויפגעשפּרונגען און געריסן די האָר פון קאָפּ פאַר פאַרצווייפלונג. ניין, ווירקלעך, ניטאָ מער פאַר מיר קיין אויסוועג, קיין שום אויסוועג! מיין מוח האָט באַנקראָטירט! צי דען בין איך געוואָרן אַ פולשטענדיקער אידיאָט, אַז איך האָב שוין ניט געקענט אויסרעכענען דעם ווערט פון אַ קליין שטיקל געווירצטן קעז? אָבער ווי אַזוי האָב איך געקענט אַראָפּ פון זינען, וויבאַלד איך שטעל אַזוינע פראַגן? צי דען האָב איך אַפילו אין רעכטן ברען פון מיין גרעסטער אויפרעגונג מיטן חשבון, ניט געמאַכט די באַאָבאַכטונג, וואָס איז קלאָר ווי דער טאָג, אַז מיין באַלעבאָסטע איז שוואַנגער? איך האָב ניט געהאַט קיין שום סיבה דאָס צו ווּיסן, קיינער האָט עס מיר ניט דערציילט, דאָס איז מיר אַיינגעפאַלן קעגן מיין ווילן, כ'האָב עס דערזען מיט מיינע אייגענע אויגן און עס גלייך באַנומען, בפרט נאָך אין אַזאַ פאַרצווייפלטן מאָמענט, בשעת איך בין געזעסן און גערעכנט די זעכצנטלעך. ווי זאָל איך דאָס זיך דערקלערן?

איך בין צוגעגאַנגען צום פענסטער און אַרויסגעקוקט אין דרויסן. מיין פענסטער איז אַרויסגעקומען אויף וואגנמאַנדם־גאַס. אויפן ברוק האָבן זיך געשפּילט קינדער, אָרעמע קינדער אויף אַן אָרעמער גאַס; זיי האָבן אַריבערגעוואָרפן אַ ליידיק פלעשל איינס צום אַנדערן און הויך געקוויטשעט. אַ וועגל מיט היימישע בעבעכעם פאָ־ט לאַנגזאַם פאַרבײַ זיי. ווייזט אויס, אַן אַרויסגעוואָ־פענע פאַמיליע קלייבט זיך איבער אין אַזאַ אומפּאַסיקער שעה. איך האָב פאַר זיך עס גלייך אַ טראַכט געטאָן. אויפן וועגל איז געלעגן בעטגעוואַנט און מעבל, פון ווערעם צעפרעסענע בעטן און קאָמאָדן, רויטע שטולן אויף דריי פיסלעך, ראָגושעס, אַלטע אייזנס, בלעכגעשיר. אַ קליין מיידעלע, נאָך גאָר אַן עופעלע, אַ מיאוסקייט מיט אַן אָפּגעפרוירענעם נעזל, איז געזעסן אויפן וועגל און האָט זיך פעסט געהאַלטן מיט אירע אָרעמע בלויע הענטלעך, כדי ניט אַראָפּצופאַלן. זי איז געזעסן אויף אַ פּעקל שרעקלעכע נאַסע קינדערשע מאַטראַצן און אַראָפּגעקוקט אויף די קינדער, וואָס האָבן זיך איבערגעוואָרפן מיטן פלעשל...

דאָס אַלץ האָב איך געזען און איך האָב קיין מי ניט געהאַט

צו באַנעמען אַלץ דינג, וואָס איז פּאָרגעקומען. שטייענדיק ביים פענסטער און צוקוקנדיק דאָס, האָב איך אויך געהערט, ווי אין קיך, לעבן מיין צימער, האָט געזונגען מיין באַלעבאָסטעס דינסט־מיידל; כ׳האָב געקענט דעם ניגון, און איך האָב זיך צוגעהערט, צי זינגט זי ניט פאַלש. און איך האָב געזאָגט צו זיך, אַז אַ אידיאָט וואָלט עס אַלץ ניט געקענט באַנעמען; איך בין נאָך צו דאַנקען פונקט אַזוי ביים זינען, ווי ווער עס איז אַנדערש.

מיט אַמאָל האָב איך דערזען, ווי צוויי קינדער האָבן זיך געקריגט אויף דער גאַס, צוויי קליינע יינגלעך; איינעם פון זיי האָב איך געקענט, דאָס איז געווען מיין באַלעבאָסטעס זון. איך עפן אויף דאָס פענסטער, כדי בעסער צו הערן, וואָס זיי זאָגן איינער דעם אַנדערן, און באַלד קלייבט זיך צוזאַמען אונטער מיין פענסטער אַ מחנה קינדער, וואָס קוקן מיט דאָרשטיקע אויגן אַרויף. אויף וואָס האָבן זיי געוואַרט? אַז מען וועט זיי עפּעס אַראָפּוואַרפן? צעטריקנטע בלומען, אַ ביין, האַרטלעך פון פּאַפּיראָסן אָדער עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל צוניץ קומען צום עסן אָדער צו שפּילן. מיט בלויע געפרווירענע פּנימער קוקן זיי אַרויף מיט אַ לאַנגן, בעטנדיקן בליק.

אין דער זעלבער צייט האָבן די צוויי קליינע שונאים זיך נאָך אַלץ געריסן צווישן זיך. פון זייערע קינדערשע מיילער פליען אַרויס ווערטער, ווי גרויסע, נאַסע פּאַרזעעניש, שרעקלעכע זידל־ווערטער, שענדלעכע צונעמעניש, זילזולים, וואָס זיי האָבן זיך אויסגעלערנט מסתמא אונטן, אויפן האָף, פון שיכורע מאַטראָסן. ביידע זיינען אַזוי פאַרטאָן אין דעם, אַז זיי האָבן ניט באַמערקט די באַלעבאָסטע, וואָס איז אַרויסגעלאָפן אַ קוק טאָן, וואָס איז געשען.

— יאָ, — דערקלערט דער זון: — ער האָט מיך געכאַפּט פאַרן גאָרגל; איך האָב קוים אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם! — און ווענדנדיק זיך צום קליינעם מאַדים, וועלכער האָט אים ביין אויס־געלאַכט, פאַלט ער אַריין אין אַ ווילדער רציחה און שרייט ווי־דער: — אין דר׳ערד אַריין, כאַלדייִשער הונט, וואָס דו ביסט. אַזאַ ווערעמדיקער ממזר כאַפּט זיך פאַרן האַלז! אַ ניט זאָל איך...

און די מוטער, די דאָזיקע טראַגעדיקע פרוי, וועלכע האָט מיט איר בויך פאַרנומען כמעט דאָס גאַנצע שמאָלע געסל, טוט אַ כאַפּ איר צעניעריקן שנעק פאַר דער האַנט און וויל אים אַוועק־שלעפּן מיט זיך:

— ששש... האַלט מויל! דו זידלסט זיך אויך? דו צעלאָזט דיין צונג, אַזוי ווי דו וואָלסט יאָרנלאַנג געווען אין אַ שאַנדהויז! אין שטוב אַריין!

— כ'וועל ניט גיין.

— וועסט יאָ גיין.

— כ'וועל ניט גיין.

איך שטיי ביים פענסטער און זע, ווי דער מוטערס כעס וואַקסט; די דאָזיקע עקלהאַפטע סצענע האָט מיך העכסט אויפ־געבראַכט, איך קען עס מער ניט אויסהאַלטן, איך שריי אַראָפּ צום יונגל, ער זאָל אַרויף צו מיר אויף אַ ווייל. איך שריי צוויי מאָל, בלויז כדי זיי צו שטערן, כדי צו מאַכן אַ סוף צו דער דאָזיקער סצענע; צום לעצטן מאָל טו איך אַ געשריי הויך, אויפן קול, און די מוטער דרייט זיך אויס, פאַרשעמט, און קוקט אַרויף צו מיר. אָבער זי קומט באַלד צו זיך, קוקט מיך פרעך אָן, ווי אַ העכערער אויף אַ נידעריקערן, און, מאַכנדיק דעם זון אַ באַמער־קונג, גייט זי אַוועק צוריק. זי רעדט הויך, אַזוי אַז איך קען אַלץ הערן, זי זאָגט:

— פע, מענסט זיך שעמען. האָסט שוין אַלעמען באַוויזן, ס'איז אַ שלעכטער דו ביסט.

פון דעם אַלעם, וואָס איך האָב בייגעוווען, האָב איך גאָרניט פאַרזען, קיין קלענסטע איינצלהייט אַפילו ניט. מיין אויפמערק־זאַמקייט איז געווען זייער וואַך, איך האָב זיך דורכגעדרונגען מיט יעדער קלייניקייט, געשטאַנען און געטראַכט וועגן די אַלע זאַכן אין דער זעלבער צייט, ווי זיי זיינען פאַרלאָפן. ס'איז אַלזאָ אומ־מעגלעך, אַז מיין זינען איז ניט געווען אין אָרדענונג. און וואָס הייסט עס זיין ניט אין אָרדענונג?

— הער נאָר, ווייסטו גאָר וואָס, — האָב איך פּלוצלונג געזאָגט: — ביסט גאַנץ גענוג געווען פאַרנומען מיט דיין זינען און

גענוג צער געהאַט; שוין צייט אַוועקצוואַרפן די נאַרישע שטיק! צי דען איז גענוי אָבסערווירן און אויפּפּאַסן אַלצדינג ווי דו טוסט עס — אַ סימן פון משוגעת? גלויב מיר, דו צווינגסט מיך כמעט צו לאַכן פון דיר. דו האָסט הומאָר, ווי מיר שיינט. מיט איין וואָרט, עס פּאַסירט מיט יעדן מענטשן, אַז מען בלייבט שטעקן אינמיטן און גראָד אין די פּשוטסטע פראַגן. דאָס איז קיין שום באַוויין ניט, ס'איז אַ ריינער צופאַל, זאָג איך דיר, — נאָך אַ ביסל, און איך וועל קייכן פון דיר פאַר געלעכטער. וואָס אָנבאַלאַנגט דעם חשבון, די שלימזלדיקע פינף זעכצנטלעך אַשפּהדיקן קעז, — כע=כע, קעז מיט נעגעלעך און פעפער! — וואָס אָנבאַלאַנגט דעם דאָזיקן קאָמישן קעז, וואָלט דאָ דער קלוגסטער בלייבן שטיין ווי אַ נאַר; שוין דער ריח אַליין פון דעם דאָזיקן קעז קען אַרויסברענגען פון די כלים... און איך האָב אויסגעלאַכט דעם געווירצטן קעז פון אַלע זייטן... — ניין, גיט מיר עפּעס רעכטס! גיט מיר פון מיינטוועגן פינף זעכצנטלעך גוטע פּוטער! דאָס וואָלט געווען גאָר עפּעס אַנדערש!

איך האָב היסטעריש געלאַכט פון מיינע אייגענע וויצן און איינגעפונען, אַז זיי זיינען העכסט אַמיוזאַנט. איך האָב באמת ניט געהאַט קיין שום פעלער, און בין געווען פולשטענדיק אין אָרדענונג.

וואָס מער איך בין אומגעגאַנגען איבערן צימער און גערעדט מיט זיך אַליין, אַלץ מער איז געשטיגן מיין מונטערקייט. איך האָב געלאַכט אויפן קול און זיך געפילט העכסט צופרידן. און ס'איז באמת טאַקע געווען אַזוי, ווי איך וואָלט נאָר געוואַרט אויף דער דאָזיקער קורצער פרייליכער ווײַלע, אויף דעם דאָזיקן מאָמענט פון העלער זאָרגלאָזער אַנטציקונג, כדי מיין קאָפּ זאָל קומען אין דעם צושטאַנד פון אַרבעטספעיקייט.

איך האָב זיך געזעצט ביים טיש און זיך פאַרנומען מיט מיין אַלעגאָריע. און עס איז געגאַנגען זייער גוט, בעסער ווי אַמאָל. ס'איז ניט געגאַנגען שנעל; אָבער איך האָב איינגעפונען, אַז דאָס ביסל, וואָס איך האָב אָנגעשריבן, איז געווען אויסערגעוויינלעך. דערצו נאָך האָב איך אָפּגעאַרבעט אַ גאַנצע שעה ניט מיד ווערנדיק. לסוף, בין איך געקומען צום וויכטיקסטן פונקט

פון דער אַלעגאָריע וועגן דער שרפה אין אַ בוכהאַנדלונג; ער איז מיר פאָרגעקומען אַזוי וויכטיק, אַז אַלץ, וואָס איך האָב אָנגע-שריבן ביז אַהער (?), איז אין פאַרגלייך דערמיט געווען גאָרנישט. איך האָב גראָד געוואָלט אויסדריקן דעם טיפן געדאַנק, אַז דאָס האָבן ניט געברענט קיין ביכער, נאָר מוחות, מענטשלעכע מוחות און פון די דאָזיקע מענטשלעכע מוחות האָב איך געוואָלט שאַפן אַן אמתע באַרטאָלאָמעוס-נאַכט. מיט אַמאָל האָט זיך מיין מיר האַסטיק אַן עפן געטאָן און ס'איז אַריינגעפלויגן מיין באַלעבאָסטע. זי איז גלייך אַריין אויפן מיטן צימער, אַפילו זיך ניט אָפּגעשטעלט אויף אַ ווײַלע ביים שוועל.

איך האָב אַ קורצן הייזעריקן געשריי געטאָן, מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך האָב באַקומען אַ קלאַפּ.

— וואָס? — האָט זי געפרעגט. — ס'האָט זיך מיר אויס-געדאַכט, אַז איר האָט עפּעס געזאָגט? מיר האָבן אַ נייעם אורח און מיר מוזן האָבן דעם צימער פאַר אים. היינטיקע נאַכט קענט איר איבערנעכטיקן אונטן ביי אונז, יאָ, איר מוזט זיך איינשאַפן איינענע בעטגעוואַנט. — און נאָך איידער זי האָט באַוויזן אויס-צוהערן מיין ענטפער, האָט זי אָן ווייטערדיקע דיבורים אָנגעהויבן צוזאַמענקלייבן מיינע פּאַפּירן פון טיש און ברענגען זיי אין אָרדענונג.

מיין פריידיקע שטימונג איז פאַרשוואונדן, איך בין געוואָרן אין כעס און פאַרצווייפלט און האָב זיך תיכף אויפגעהויבן. איך האָב נאָרנישט ניט געזאָגט און געלאָזט איר אויפראַמען פון טיש. איך האָב קיין וואָרט ניט גערעדט און זי האָט מיר אַריינגערוקט אין האַנט אַלע מיינע פּאַפּירן.

כ'האָב קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, ווי פאַרלאָזן דעם צימער. און דער דאָזיקער ווערטפולער מאָמענט מיינער איז אויך אַוועק לאיבוד! שוין אויף די טרעפּ האָב איך באַגעגנט דעם אורח, אַ יונגנמאַן מיט אַ גרויסן בלויען אַנקער אויפן אַרבל; נאָך אים איז געגאַנגען אַ טרעגער מיט אַ טשעמאָדאַן אויף דער פּלייצע.

דער אורח איז, ווייזט אויס, געווען אַ שיפסמאַן, אַלאָ אַ צו-פעליקער גאַסט אויף אַ נאַכט; לענגער וועט ער מסתמא מיין

צימער ניט פארנעמען. אפשר מארגן, אז ער וועט אוועקפארן, וועט זיך אומקערן צו מיר איינע פון מיינע גליקלעכע שטימונגען און איך וועל פארענדיקן מיין אלעגאריע, און דערווייל מוז מען שלום ווערן מיטן מזל...

איך בין נאך קיינמאל ניט געווען אין דער וואוינונג פון מיינע באלעבאטים, אין דעם איינציקן צימער, וואו זיי האבן זיך אויפגעהאלטן אלע צוזאמען, טאג און נאכט, דער מאן, די ווייב, איר פאטער און די פיר קינדער. די דינסט האט געוואוינט אין דער קיך און אויך דארטן גענעכטיקט. מיט גרויס ווידערגעפיל בין איך צוגעגאנגען צו דער טיר און אנגעקלאפט; קיינער האט ניט געענטפערט, אבער פון צימער האבן זיך געהערט שטימען.

דער מאן האט קיין וואָרט ניט געזאגט, אז איך בין אריין, אפילו ניט געענטפערט אויף מיין באגריסונג; ער האט מיך גלייכגילטיק אנגעקוקט, ווי איך וואלט צו אים ניט געהאט קיין שום שייכות. איבעריקנס, האט ער געשפילט אין קארטן מיט א מענטשן, וועלכן איך האב שוין געזען אויפן האפן, א טרעגער מיטן צונעמעניש „די שויב". אויפן בעט איז געלעגן א קליין קינד און געפלאפלט מיט זיך אליין, און דער אלטער, דער באלעבאסטעס פאטער, איז אן איינגעקארטשעטער געזעסן אויף דער באנק און זיך אנגעשפארט מיטן קאפ אויף די הענט, ווי עס וואלט אים וויי געטאן די ברוסט אדער דער בויך. זיינע האר זיינען געווען כמעט ווייס, און אין דער דאזיקער פאזע זיינער איז ער געווען ענלעך אויף א רעפטיליע מיט אויפגעשפיצטע אויערן.

— צום באדויערן, מוז איך ביי אייך בעטן א נאכטלעגער אויף היינט, — האב איך געזאגט צו דעם מאן.

— מיין ווייב האט עס אייך געזאגט? — האט ער געפרעגט.

— יא. מיין צימער האט פארנומען אן אנדערער.

אויף דעם האט ער מיר גארנישט ניט געענטפערט: ער האט זיך ווידער ארייגעטאן אין זיינע קארטן.

דער דאזיקער מענטש איז טאג איין, טאג אויס אזוי געזעסן און געשפילט אין קארטן מיט יעדן איינעם, וואס איז צו אים אריינגעקומען, געשפילט אן געלט, אבי נאר די צייט צו פארטרייבן

און עפּעס האַלטן אין האַנט. מער האָט ער גאָרנישט ניט געטאָן, זיך באַוועגט בלויז אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל זיינע פוילע גלידער האָבן עס אים דערלויבט, בשעת ווען זיין ווייב האָט אַרומגעשמייעט היי; און צוריק איבער די טרעפּ, אַלץ געדראַפּט באַזאָרגן און זיך כסדר געמיט אַריינצובאַקומען וואָס מער געסט. זי איז אויך אַריין אין פאַרבינדונג מיט די פאָרט־אַרבעטער און טרעגער, האָט זיי געצאָלט אַ געוויסן האָנאָראַר פאַר יעדן גאַסט, וואָס זיי פלעגן ברענגען, און אָפטמאָל זיי אַפילו געגעבן נאַכטלעגער. דאָסמאָל האָט איר, ווייזט אויס, „די שויב״ געבראַכט דעם נייעם אורח.

אַ פּאָר פון די קינדער זיינען אַריינגעקומען, צוויי קליינע מיידעלעך מיט דאַרע צעלאָזענע פנימלעך, באַדעקט מיט זומערשפּרענקלעך; זיי זיינען געגאַנגען אָנגעטאָן אין באמת לומפּיקע קליידער. באַלד נאָך זיי איז אַריין די באַלעבאָסטע. איך האָב זי געפרעגט, וואו וועט זי מיר מאַכן מיין נעלעגער היינטיקע נאַכט, האָט זי מיר קורץ געענטפערט, אַז איך קען זיך לייגן אָדער דאָ אין צימער צוזאַמען מיט אַלעמען אָדער אין פאָדערצימער אויפן טאַפּטשאַן — ווי איך וויל אַליין. זאָגנדיק דאָס מיר, איז זי אַרומגעגאַנגען איבערן צימער און זיך געעסקט מיט פאַרשיידענע חפצים, וועלכע זי האָט געבראַכט אין אָרדענונג און אַפילו קיין איין מאָל אויף מיר ניט אַ קוק געטאָן.

דערהערט אַזאַ ענטפער, בין איך געבליבן אָפּהענטיק, געשטאַנען ביי דער טיר און זיך איינגאַנצן איינגעשרומפּן, געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז איך בין זייער צופרידן אָפּצוטרעטן אויף אַ נאַכט מיין צימער אַן אַנדערן, — אַבי ניט צו דערצערנען די באַלעבאָסטע, זי זאָל מיך איינגאַנצן ניט אַרויסטרייבן. איך האָב געזאָגט:

— נו, יאָ, מ׳וועט זיך שוין אַן עצה געבן, — און בין אַנטשוויגן געוואָרן.

זי האָט ניט אויפגעהערט אַרומצוגיין איבערן צימער.

— אגב מוז איך אייך זאָגן, אַז איך בין גאָרניט אימשטאַנד צו געבן מענטשן דירה און עסן אויף באָרג, — האָט זי געזאָגט, — איך האָב דאָס אייך שוין איינמאָל געזאָגט.

— יאָ, אָבער עס האַנדלט זיך נאָר אום אַ פּאָר טעג! ביז מיין אַרטיקל וועט פאַרטיק ווערן, — האָב איך געענטפערט, — איך וועל אייך דאַן גערן געבן פינף קראָן איבעריקע.

זי האָט אָבער באַשיינפּערלעך מער ניט געהאַט קיין אמונה אין מיין אַרטיקל, דאָס האָב איך באַמערקט.

צוליב דער דאָזיקער קליינער באַליידיקונג האָב איך ניט געקענט מאַכן דעם אָנשטעל פון אַ גרויסהאַלטער און פאַרלאָזן דאָס הויז; איך האָב געוואוסט, וואָס עס ערוואַרט מיך, ווען איך זאָל אַוועקגיין.

עס זיינען אַריבער עטלעכע טעג.

איך בין נאָך אַלץ געווען אין דעם אַלגעמיינעם צימער, ווייל אין דעם פאָדערצימער, וואָס האָט ניט געהאַט קיין אויוון, איז געווען צו קאַלט; ביינאַכט האָב איך געשלאָפן אויפן דיל. דער אָנגעקומענער שיפסמאַן האָט נאָך געוואוינט אין מיין צימער און, ווייזט אויס, זיך ניט געקליבן נאָך אַזוי גיך אַוועקצופאָרן. ביים מיטאָג איז אַריין די באַלעבאָסטע און האָט געזאָגט, אַז ער האָט איר באַצאָלט פאַר אַ מאָנאַט פאָראויס; ער דאַרף אויסהאַלטן אַן עקזאַמען, איידער ער פאָרט אַוועק; צוליב דעם טאַקע האָט ער געוואוינט אין שטאָט.

איך בין געשטאַנען, צוגעהערט עס און זיך אָנגעשטויסן, אַז דעם צימער איז פאַר מיר פאַרלוירן אויף שטענדיק.

איך בין אַרויס אין פאָדערצימער און זיך אַנידערגעזעצט; אויב מיר וועט עפּעס יאָ געלינגען אָנצושרייבן, איז עס מעגלעך נאָר דאָ, ווייל דאָ איז לכל הפּחות געווען שטיל. מיין אַלעגאָריע האָט מיך שוין מער ניט אינטערעסירט; איך האָב שוין געהאַט אַ נייע אידעע, אַן אויסגעצייכנטן פּלאַן; איך האָב געוואָלט אָנשרייבן אַן איינאַקטער „דער צייכן פון קרייץ“, — אַ טעמע פון מיטל־עלטער. איך האָב שוין געהאַט אַלץ פולקום באַטראַכט בנוגע דער הויפּט־פּערזאָן, אַ הערלעכע פאַנאַטישע זונה, וואָס האָט געזינדיקט אין טעמפּל ניט אויס שוואַכקייט און ניט אויס באַגער, נאָר אויס האַס צום הימל, געזינדיקט צופוסנס פון מזבח, דאָס אַלטאַר־טוך

אונטערן קאָפּ צוועקגעלייגט, בלויז אויס געוואַגטער פאַראַכטונג צו דעם הימל.

וואָס ווייטער די צייט איז פאַרגאַנגען, אַלץ מער האָט מיך די דאָזיקע געשטאַלט באַהערשט. ענדלעך איז זי געשטאַנען פאַר מיינע אויגן ווי אַ לעבעדיקע און גראָד אַזוי, ווי איך האָב זי געוואָלט זען. איר קערפער האָט באַדאַרפט זיין אָפשטויסנדיק און פול מיט חסרונות: אַ הויכע, זייער אַ מאָגערע און אַ שוואַרצלעכע, און ביים יעדן טראָט האָבן אירע לאַנגע פיס זיך געדאַרפט דורכלייכטן דורך איר קלייד. זי האָט נאָך באַדאַרפט האָבן גרויסע אָפגעשטאַנענע אויערן. הכלל, פאַרן אויג האָט זי מיט זיך גאָרנישט באַדאַרפט פאָרשטעלן, בלויז קוים צו פאַרטראָגן. וואָס מיך האָט אין איר אינטערעסירט, איז געווען איר מערקווירדיקע אומפאַרשעמטקייט, די גוזמאדיקייט און אויסגרעכנטקייט פון דעם חטא, וואָס זי איז באַגאַנגען. באמת, זי האָט מיך צו שטאַרק פאַרנומען; מיין מוח איז געווען ווי אָנגעפילט מיט דער אויסטערלישער פאַרזעניש. און איך האָב געשריבן מיין דראַמע גוטע צוויי שעה נאָכאַנאַנד.

אַז איך האָב אָנגעשריבן אַ צען־צוועלף זייטן, אָפט מאָל מיט גרויס מי, טיילווייז מיט גרויסע הפסקות, פאַרמעקנדיק און צערייסנדיק גאַנצע בלעטער, בין איך געוואָרן מיד פון אָנשטרענגונג און פאַרגליווערט פאַר קעלט. איך האָב זיך אויפגעשטעלט און בין אַרויס אין דרויסן. די לעצטע האַלבע שעה האָט מיר אויך געשטערט צו אַרבעטן דאָס קינדערגעשריי אין דעם צימער פון דער משפחה, אַזוי אַז מער וואָלט איך סיי ווי סיי ניט געקענט שרייבן. איך האָב געמאַכט אַ לאַנגן שפאַציר איבער דראַמענסוויין און געוואַנדלט איבער די גאַסן ביזן אָוונט, די גאַנצע צייט זיך גריבלענדיק, ווי אַזוי איך וועל פאָרזעצן מיין דראַמע. איידער איך האָב זיך אומגעקערט דעם זעלביקן אָוונט אַהיים, האָט מיט מיר פאַסירט אָט וואָס:

איך בין געשטאַנען ביי אַ שוכקראָם אין עק קאַרל־יאָהאַן־גאַס, כמעט ביים אייזנבאַן־פלאַץ. גאָט ווייס, פאַרוואָס איך האָב זיך אָפגעשטעלט פונקט ביי דער דאָזיקער שוכקראָם! איך האָב

געקוקט אין פענסטער, ביי וועלכן איך בין געשטאַנען, הגם איך האָב גאָרניט געטראַכט דערפון, אַז איך נייטיק זיך אין שיך; מיינע געדאַנקען זיינען געווען ווייט, ערגעץ אין אַנדערע וועלטן. הינטער מיין פּלייצע זיינען געגאַנגען מענטשן פאַרביי און געפּלוידערט צווישן זיך און איך האָב גאָרנישט ניט געהערט דערפון, וואָס מ׳האָט גערעדט; פּלוצלונג האָב איך דערהערט אַ שטים:

— גוטן אָוונט!

מיין באַקאַנטער מיטן צונאָמען „די מויד״ גריסט זיך מיט מיר.

— גוטן אָוונט! — ענטפער איך צעטרייט, איך האָב אַ קוק געטאָן אויף אים און ניט גלייך אים דערקענט.

— נו, וואָס מאַכט איר? — האָט ער געפרעגט.

— יאָ, גאַנץ גוט... ווי געוויינטלעך.

— זאָגט מיר, איר זייט נאָך אַלץ ביי קריסטי?

— ביי קריסטי?

— איר האָט מיר דאַכט זיך געזאָגט אַמאָל, אַז איר זייט אַ בוכהאַלטער ביים סוחר קריסטי?

— אַך! ניין, דאָס איז שוין אויס. ס׳איז אוממעגלעך געווען צו אַרבעטן מיט דעם דאָזיקן מענטשן, איז דער עסק צעקראָכן פון זיך אַליין.

— ווי אַזוי?

— אַך, איך האָב עפּעס אַמאָל פאַלש פאַרשריבן און...

— געפעלשט?

געפעלשט? „די מויד״ האָט גלייך מיך געפרעגט, צי איך האָב געפעלשט. ער האָט געפרעגט אַפילו ראַשיק און מיט גרויס אינטערעס. איך האָב אים אָנגעקוקט, געפילט זיך טיף באַליידיקט און ניט געענטפערט.

— אַך, נאָט מיינער, דאָס קען זיך דאָך מיט יעדערן טרעפן, — האָט ער מיר געזאָגט אַלם טרייסט.

ער האָט נאָך אַלץ געמיינט, אַז איך האָב געמאַכט אַ שווינדל.

— וואָס קען זיך, נאָט מיינער, מיט יעדערן טרעפן? — האָב איך געפרעגט — פעלשן אין די ביכער? וואָס טראַכט איר

זיך, ליבינקער? איר מיינט אין דער אמתן, אַז איך קען פּעניק זיין אויף אַזאַ נידערטרעכטיקייט? איך?

— אָבער, ליבער פריינד, איר האָט דאָך, דאַכט זיך, אַליין גאַנץ דייטלעך געזאָגט...

— ניין, כ'האָב אייך געזאָגט, אַז איך האָב זיך טועה געווען אין אַ צאָל, ניט ריכטיק פאַרשריבן דאָס יאָר, עפּעס אַ קלייניקייט, אויב איר ווילט וויסן, פּשוט אַ גרייז — דאָס איז מיין גאַנצער פאַרברעך. ניין, גאָט צו דאַנקען, איך קען נאָך אונטערשיידן ווייס פון שוואַרץ. צו וואָס וואָלט עס מיך געבראַכט, איך זאָל פאַר־פלעקן מיין ערע! דאָס איינציקע, וואָס מיך האַלט נאָך אונטער, איז דאָך מיין ערנגעפיל. איך האָף, אַז ער איז נאָך גענוג שטאַרק אין מיר. אַלנפאַלס האָט דאָס דאָזיקע ערנגעפיל מיך ביז אַהער אַרויסגעראַטעוועט פון אַ סך זאַכן.

איך האָב שטאָלץ פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויף צוריק, זיך אָפּגעקערט פון „דער מויד" און גענומען קוקן אין דער אַנדערער זייט גאַס. מיין בליק איז געפאַלן אויף אַ רויט קלייד, וואָס האָט זיך דערנעענטערט צו אונז. דאָס איז געווען אַ פרוי אין דער באַ־גלייטונג פון אַ מאַנסביל. ווען איך וואָלט ניט געהאַט דעם דאָזיקן געשפרעך מיט „דער מויד", און כ'וואָלט ניט געווען געקרענקט פון זיין גראָבן חשד, וואָלט ניט פאַרריסן דעם קאָפּ און ניט אָפּ־געקערט זיך פון אים, וואָלט דאָס רויטע קלייד אפשר פאַרביינגע־גאַנגען פאַר מיר אומבאַמערקט. און וואָס איז עס מיך אייגנטלעך אָנגעגאַנגען? וואָס איז עס מיך נוגע, מעג עס זיין אַפילו דאָס קלייד פון דער הויף־דאַמע נאַגעל אַליין?

„די מויד" איז געשטאַנען און האָט גערעדט, זיך געמיט צו פאַרגלעטן זיין טעות; איך האָב גאָרנישט ניט געהערט, איך בין געשטאַנען און געקוקט אויף דעם רויטן קלייד, וואָס האָט זיך אַלץ מער דערנעענטערט צו אונז.

עפּעס איז מיר אַדורכגעלאָפן איבער דער ברוסט, אַ דינער גליטשנדיקער שטאָך. איך האָב געפּליסטערט אין געדאַנק, ניט עפענענדיק דאָס מויל:

אילאַיאַלי!

איצט האָט זיך „די מויד" אויך אָפּגעקערט און דערזען דעם הער מיט דער דאַמע, זיך פֿאַרנייגט און זיי באַגלייט מיט די אויגן. איך האָב זיך ניט פֿאַרנייגט אָדער זיך אפשר יאָ פֿאַרנייגט, נאָר אומבאַוואוסטזיניק.

דאָס רויטע קלייד האָט זיך געלאָזט ווייטער איבער דער קאַרל-יאָהאַן-גאַס און איז פֿאַרשוואונדן.

— מיט וועמען איז זי דאָס געגאַנגען? — האָט „די מויד" געפֿרעגט.

— מיטן „הערצאָג" — איר האָט ניט געזען? דעם אַזוי גערופֿענעם „הערצאָג". און די דאַמע קענט איר?

— יאָ, אַזוי, אומגעפֿער. און איר קענט זי ניט?

— ניין, — האָב איך געענטפֿערט.

— מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איר האָט זיך טיף פֿאַרנייגט.

— פֿאַרנייגט?

— כאַ-כאַ, אפשר ניט? — האָט „די מויד" געזאָגט, — מאָדנע, זי האָט דאָך די גאַנצע צייט געקוקט נאָר אויף אײַך

— פֿון וואַנען קענט איר זי? — האָב איך געפֿרעגט.

געקענט האָט ער אייגנטלעך זי ניט. דאָס איז געווען איינמאָל אין אָוונט, אין האַרבסט. ס'איז געווען שפּעט, זיי, דריי פֿריילעכע יונגע לייט, זיינען צוריקגעגאַנגען פֿון אַ שפּאַציר. אויף קאַמערמייער האָבן זיי באַגעגנט די דאָזיקע דאַמע, זי איז געגאַנגען אַליין. מ'האָט אָנגעהויבן מיט איר צו ריידן. צום ערשטן האָט זי געענטפֿערט צעשטרייט; אָבער איינער פֿון דער לוסטיקער חברה, אַ מענטש, וואָס איז אַדורך אי דורך פֿייער אי דורך וואַסער, האָט אָנגעהויבן צו בעטן זיך ביי איר, זי זאָל אים דערלויבן באַגלייטן זי אַהיים. נאָט איז אַן עדות, ער וועט ניט אָנרירן, ווי מען זאָגט עס, קיין איינציקע האָר אויף איר קאָפּ, מערנישט צופֿירן זי צו דער טיר, כּדי זיך צו איבערצייגן, אַז איז בשלום געקומען אַהיים, אַניט וועט ער אַ גאַנצע נאַכט ניט זיין רויק. זיי זיינען געגאַנגען, ער האָט גערעדט אָן אויפֿהער, דערציילט איין זאַך נאָך דער אַנדערער, זיך אָנגערופֿן וואַלדעמאַר אַטטערדאַג און האָט זיך אַרויסגעגעבן פֿאַר אַ פֿאָטאָגראַף. סוף-כּל-סוף האָט זי זיך געמוזט צעלאַכן

פון דעם פרייליכן יונג, וועלכער האָט זיך ניט אָפּגעשראָקן פון איר קאַלטקייט, און ס'האָט זיך געענדיקט דערמיט, אַז ער האָט זי באַגלייט אַהיים.

נו, און וואָס איז געווען ווייטער? — האָב איך געפרעגט און אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם.

— ווייטער? אַך, רעדט גאָר ניט דערפון. זי איז דאָך אַ דאַמע.

אַ ווײַלע האָבן מיר ביידע געשוויגן.

— ניין, צום טײַוול, אָט דאָס איז דער „הערצאָג"? אַזוי זעט ער אויס! — האָט ער געזאָגט פאַרטראַכט. אָבער אַז זי איז מיט דעם דאָזיקן מענטשן, בין איך פאַר איר ניט ערב.

איך האָב געשוויגן. נו, אוודאי וועט דער „הערצאָג" זי פאַרפירן! געזונטערהייט! וואָס גייט עס מיך אָן? איך האָב איר געוואונטשן אַלדאָס גוטס צוזאַמען מיט אַלע אירע חנען, אַלדאָס גוטס האָב איך איר געוואונטשן. און איך האָב זיך געפרוווט טרייסטן, טראַכטנדיק וועגן איר דאָס ערגסטע, און געהאַט פאַרגעניגן דערפון, וואָס איך האָב זי געטראָטן אין בלאָטע. מיך האָט מערנישט פאַרדראָסן, וואָס איך האָב אַראָפּגענומען דעם הוט פאַר דעם דאָזיקן פאָרל, אויב איך האָב עס ווירקלעך געטאָן. פאַרוואָס זאָל איך אַראָפּנעמען פאַר אַזעלכע מענטשן דעם הוט? וועגן איר האָב איך זיך מער ניט געקימערט, לגמרי ניט; זי האָט אינגאַנצן אויפגעהערט צו זײַן שיין, זי איז מיאוס געוואָרן, פוי, צום טײַוול, ווי פאַרוועלקט זי איז געוואָרן! זייער מעגלעך, אַז זי האָט געקוקט בלויז אויף מיר; דאָס וואונדערט מיך ניט; אפשר האָט זי אין האַרצן חרטה. דאָס הייסט אָבער ניט, אַז איך דאַרף איר פאַלן צו די פיס, בפרט אַז זי איז פאַר דער לעצטער צייט אַזוי פאַרדעכטיק פאַרוועלקט געוואָרן. זאָל דער „הערצאָג" זיך האַלטן מיט איר. געזונטערהייט! אַז איך וועל זי באַגעגענען אַ צווייטן מאָל, וועל איך זי ניט באַגריסן אַפילו, וועל שטאָלץ פאַר איר פאַרבייגיין! אַ שאָד, וואָס איך האָב איצט זי ניט אָנגעקוקט מיט אַ קרומען בליק; איר קוקן אויף מיר און דאָס רויטע קלייד וואָלטן מיך אינגאַנצן באַרעכטיקט. יאָ, דאָס וואָלט לייכט געקענט פּאַסירן!

כאַ־כאַ! אָט דאָס וואָלט געווען אַ טריומף! ווען איך זאָל זיך אַ נעם טאָן, וואָלט איך אפשר געקענט פאַרענדיקן מיין דראַמע אין משך פון היינטיקער נאַכט און אין אַן אַכטאָג אַרום האָב איך די דאָזיקע פריילין אויף די קני מיט אַלע אירע חנען, כאַ־כאַ, מיט אַלע אירע חנען...

— אַ גוטן! — האָב איך אָפּגעהאַקט געזאָגט.

אָבער „די מויד" האָט מיך פאַרהאַלטן. ער האָט געפרעגט:

— מיט וואָס פאַרנעמט איר זיך איצט?

— מיט וואָס איך פאַרנעם זיך. איך שרייב, פאַרשטייט זיך. מיט וואָס זאָל איך זיך נאָך פאַרנעמען? איך לעב דאָך דערפון. איך שרייב איצט אַ גרויסע דראַמע „דער צייכן פון קרייץ" — אַ מיטלעלטערלעכער סיוזשעט.

— צום טייוול! — האָט „די מויד" אויפריכטיק אויסגע־רופן. — ווען עס געלינגט אייך עס אָנשרייבן, ווייט...

— דאָס איז מיר די קלענסטע דאגה! — האָב איך גע־ענטפערט — אין אַ טאָג אַכט אַרום וועט איר פון מיר, האָפנט־לעך, הערן אַ סך.

און איך בין אַוועק.

צוריקגעקומען אַהיים, האָב איך זיך גלייך געווענדט צו מיין באַלעבאָסטע און געבעטן, זי זאָל מיר געבן אַ לאָמפּ. עס איז מיר געווען זייער וויכטיק אים צו באַקומען; איך האָב זיך ניט גע־וואָלט ליינן שלאָפן היינטיקע נאַכט, די גאַנצע דראַמע האָט זיך מיר שוין געבאָמבלט אין קאָפּ און איך האָב געהאָפט אויף זיכער אָנצושרייבן אַ היבשן טייל ביז אינדערפרי. מיין בקשה האָב איך אַרויסגעזאָגט מיט גרויס הכנעה, וואָרעם איך האָב באַמערקט, אַז זי האָט געמאַכט אַן אומצופרידענע מינע, וואָס איך האָב זיך אומ־געקערט אין שטוב אַריין. איך האָב שוין כמעט פאַרטיק אַ אויסער־געוויינלעכע דראַמע, — האָב איך געזאָגט; מיר פעלן נאָר אַ פּאָר סצענעס, — און איך האָב איר געגעבן אָנצוהערן, אַז די דראַמע קען אויפגעפירט ווערן אין אַ וועלכן עס איז טעאַטער. ווען זי זאָל מיר טאָן די דאָזיקע גרויסע טובה, וואָלט...

אָבער די באַלעבאָסטע האָט ניט געהאַט קיין לאָמפּ. זי האָט זיך אַלץ ניט געקענט דערמאָנען, צי זי האָט ערגעץ אַ לאָמפּ, צי ניט. אויב איך וועל צוואַרטן ביז 12 אַ זייגער, וועל איך אפשר באַקומען דעם קיך־לאָמפּ. פאַרוואָס זאָל איך זיך ניט קויפן קיין ליכט?

איך האָב געשוויגן. איך האָב ניט געהאַט קיין צען ערע אויף אַ ליכט, און זי האָט עס גוט געוואוסט. ווידער אַ מפּלה. די דינסט איז איצט געזעסן אונטן מיט אונז, גאַנץ פּשוט געזעסן אין צימער און ניט אין קיך, דעם לאָמפּ האָט מען אַלזאָ גאָרניט אָנגעצונדן אַפילו. און איך בין געשטאַנען, דאָס אַלץ איבערגעטראַכט, אָבער גאָרנישט ניט געזאָגט

מיטאַמאָל זאָגט צו מיר די דינסט:

— מיר דאַכט זיך, איר זייט ניט לאַנג אַרויס פון שלאָס? איר זייט געוועזן דאָרט אויף מיטאָג? — און זי האָט זיך פון איר הויך צעלאַכט אויפן קול.

איך האָב זיך געזעצט, אַרויסגענומען מיינע פּאַפּירן און געוואָלט פּרווון זיצנדיק דאָ עפּעס אויפצוטאָן. איך האָב געהאַלטן דאָס פּאַפּיר ביי זיך אויף די קני און נאָכאַנאַנד געקוקט אויף דער ערד, כדי ניט ווערן צעשטרייט, אָבער דאָס האָט ניט געהאָלפן, קיין זאַך האָט ניט געהאָלפן, איך האָב זיך ניט גערירט פון אָרט. עס זיינען אַריין דער באַלעבאָסטעס צוויי מיידעלעך און האָבן אָנגעהויבן צו שטיפן מיט דער קאַץ, אַ קראַנקע קאַץ, וואָס האָט במעט ניט געהאַט קיין האָר אויף זיך; אַז זיי האָבן געבלאָזן איר אין די אויגן אַריין, פלעגן זיך אין די אויגן שטעלן טרערן און אַראָפּרינען איבער דער נאָז. דער באַלעבאָס מיט נאָך צוויי מענטשן זיינען געזעסן ביים טיש און געשפּילט אין קאָרטן. בלויז די באַלעבאָסטע איז געווען פאַרטאָן, ווי שטענדיק; זי איז געזעסן און גענייט. זי האָט אויסגעצייכנט געזען, אַז איך האָב ניט געקענט אַרבעטן ביי אַזאַ טומל, אָבער זי האָט זיך מער ניט גערעכנט מיט מיר; זי האָט אַפילו אַ שמייכל געטאָן, ווען די דינסט האָט געפרעגט, צי איך בין געווען אין שלאָס אויף מיטאָג. דאָס גאַנצע הויז האָט זיך פיינדלעך צו מיר באַצויגן; ס'איז אויסגעקומען, אַז

די שענדלעכע נויטווענדיקייט אָפּצוטרעטן מיין צימער אַן אַנדערן האָט געבראַכט דערצו, אַז מ׳האָט זיך מיט מיר אָנגעהויבן צו באַגיין ווי מיט אַן איבעריקן. אַפילו די דינסט, אַ קליינע, שוואַרצ־אויגיקע גאַסנמיידל מיט גרייזעלעך אויפן שטערן און אַ פלאַכער ברוסט, האָט געמאַכט פון מיר חוזק, אַז איך האָב אין אָוונט באַקומען מיינע פוטערברייטלעך. זי פלעגט מיך פרעגן אָפּט, וואו עס איך געוויינטלעך מיטאָג, ווייבאַלד זי האָט מיך קיינמאָל ניט געזען אַריינגייענדיק אין „גראַנד״. ס׳איז קלאָר געווען, אַז זי האָט גוט געוואוסט מיין שרעקלעכע לאַגע, און זי האָט זיך אָנגעטאָן דעם פאַרגעניגן צו דערמאָנען מיר וועגן דעם.

איך הייב אָן פלוצלונג צו טראַכטן וועגן דעם אַלעם און בין שוין ניט אימשטאַנד צו געפינען קיין איינציקע רעפּליק פאַר מיין דראַמע. אַלע מיינע אָנשטרענגונגען זיינען אומזיסט; עס הייבט מיר אָן צו רוישן אין קאָפּ און סוף־כל־סוף גיב איך זיך אונטער. איך לייג דאָס פּאַפּיר אין טאַש אַריין און הייב אויף די אויגן. דאָס דינסטמיידל זיצט פונקט אַנטקעגן מיר, און איך קוק זי אָן, קוק אויף איר שמאָלער פּלייצע און אויף די ניט־אַנטוויקלטע אַקסלען. וואָס מאַכט זי פון מיר חוזק? און אַז איך וואָלט אַרויס־געגאַנגען פון שלאָס, איז וואָס? וואָס קען דאָס איר אַרן? פאַר די לעצטע טעג האָט זי מיך אויסגעלאַכט ביי יעדער געלעגנהייט, ווען, למשל, איך בין געשטרויכלט געוואָרן אויף די טרעפּ אָדער צעריסן אָן אַ טשוועק מיין רעקל. ערשט נעכטן האָט זי צונויפגע־קליבן די צעריסענע שטיקלעך פון דעם ערשטן אַנטוואורף פון מיין דראַמע, וואָס איך האָב אַרויסגעוואָרפן אין פירהויז, און עס איבערגע־לייענט אין צימער בפני כל עם ועדה, אַבי נאָר חוזק צו מאַכן פון מיר. איך האָב זי קיינמאָל ניט באַליידיקט און האָב זיך ניט געקענט דערמאָנען, איך זאָל איר האָבן געבעטן טאָן פאַר מיר די מינדסטע זאַך. אין קענגטייל, ביינאַכט פלעג איך זיך אַליין אויסבעטן אויף דער ערד, כדי זי ניט צו באַמיען. זי האָט געלאַכט פון מיר אַפילו דערפאַר, וואָס די האָר זיינען מיר אויסגעקראָכן. אינדערפרי פלעגט איבערבלייבן האָר אין שיסל און זי האָט זיך לוסטיק געמאַכט איבער דעם. מיט מיינע שיך האָט געהאַלטן זייער שמאָל, דער־

הויפט מיט דעם, וואָס די פור האָט אים איבערגעפאָרן, און דערפון האָט זי אויך געמאַכט אַ שפאַס. — גאָט זאָל אָפהיטן אייך און אייערע שיך! — האָט זי געזאָגט: — טוט אַ קוק, ס'איז דאָך אַן אמת הינטיש ביידל! און זי איז געווען גערעכט; מיינע שיך זיינען ווירקלעך געווען רוינירט, אָבער ביים איצטיקן מאָמענט האָב איך זיך קיין אַנדערע ניט געקענט איינשאַפן.

בשעת איך בין אַזוי געזעסן און באַטראַכט די אומבאַגרייפלעכע שנאה פון דער דינסטמיידל, האָבן די קליינע מיידעלעך אָנגעהויבן צו דערצערענען דעם אַלטן, וואָס איז געלעגן אין בעט; זיי זיינען אַרומגעשפרונגען אַרום אים און געווען אינגאַנצן אַריינגעטאָן אין דער דאָזיקער אַרבעט. יעדע־רע פון זיי האָט געהאַלטן אַ שטרויעלע און דערמיט געשטאָכן אים אין אויער אַריין. אַ ווײלע האָב איך געקוקט אויף זיי און זיך ניט אַריינגעמישט. דער אַלטער האָט מיט אַ פינגער ניט אַ ריר געטאָן זיך צו ווערן; ער האָט נאָר געקוקט אויף זיינע פייניקער מיט אויפגעבראַכטע בליקן און געמאַכט מיטן קאָפ, כדי צו באַפרייען זיך פון די שטרויעלעך, וואָס האָבן אים געשטעקט אין די אויערן.

דאָס דאָזיקע בילד האָט מיך אַלץ מער און מער אויפגערעגט, און איך האָב ניט געקענט אָפרייסן פון אים די בליקן. דער פאָטער האָט אויפגעהויבן די אויגן פון די קאָרטן און האָט געלאַכט צו די מיידעלעך; ער האָט אַפילו אויפמערקזאַם געמאַכט זיינע פאַרטנערן אויף דעם דאָזיקן שפיל. אָבער פאַרוואָס האָט זיך דער אַלטער ניט גערירט פון אָרט? פאַרוואָס האָט ער ניט אָפגעשליידערט מיט דער האַנט די קינדער? איך האָב געמאַכט אַ טריט צום בעט.

— לאָזט אָפ! לאָזט אָפ! ער איז דאָך געליימט! — האָט דער באַלעבאָס זיך אָפגערופן.

און אויס שרעק צו בלייבן ביינאַכט הינטער דער טיר, פשוט פאַר מורא אַרויסצורופן דעם באַלעבאָס אומצופרידנקייט, האָב איך שווייגנדיקערהייט זיך אומגעקערט צוריק אויף מיין אָרט און בין זיך רויק געזעסן. צו וואָס זאָל איך ריזיקירן מיט מיין נאַכטלעגער און די פוטערברייטלעך, שטעקנדיק די נאָז אין פרעמדע

פאַמיליען־אַננעלעגנהייטן? איך בעט דיך זייער, קיין שום נאַרישע קייטן צוליב עפּעס אַ האַלב־טויטן זקן! ס'איז מיר אַזוי אויך גענוג.

אָבער די קליינע מזיקים האָבן ניט אויפגעהערט זייערע עינויים. זיי האָט געריצט, וואָס דער אַלטער דרייט מיטן קאָפּ, און זיי האָבן אים גערוקט שטרויעלעך אין די אויגן און אין די נאָזלעכער. ער האָט געקוקט אויף זיי מיט אַ בליק פול האַס, ער האָט גאָרניט גערעדט און ניט געקענט אַ ריר טאָן מיט די הענט. מיט אַמאָל האָט ער אונטערגעהויבן זיין גוף און אַ שפּיי געטאָן איין מיידעלע גלייך אין פּנים אַריין; זיך אויפגעהויבן נאָך אַמאָל און אַ שפּיי געטאָן דער אַנדערער, אָבער ניט געטראָפן. איך בין געשטאַנען און געזען, ווי דער באַלעבאָס האָט אַוועקגעוואָרפן די קאָרטן און אַ לאָף געטאָן צום בעט. רויט ווי צונטער, האָט ער אַ געשריי געטאָן:

— וואָס? וועסט שפּייען די קינדער אין די אויגן, דו אַלטער חזיר!

— אָבער, גאָט מיינער, זיי האָבן דאָך אים ניט געלאָזט צו רו! — האָב איך אויסגערופן, אויסער זיך.

נאָר איך האָב די גאַנצע צייט מורא געהאַט, מ'זאָל מיך ניט אַרויסטרייבן, האָב איך זיך באַמיט ניט הויך צו שרייען, הגם איך האָב געציטערט מיטן גאַנצן לייב פאַר אויפרעגונג.

דער באַלעבאָס האָט זיך אומגעקערט צו מיר.

— וואָס זאָגט מען צו אים! וואָס מישט איר זיך אַריין, צום טייוול? האַלט ס'מויל און גענוג, וועט זיין פאַר אייך בעסער!

אָבער דאָ האָט די באַלעבאָסטע אויפגעהויבן איר שטים און זיך צעשריען איבער דער גאַנצער שטוב:

— רבונו של עולם, וואָס טוט זיך דאָ! איר זייט דאָך אַלע פון זינען אַראָפּ! — האָט זי געשריען. — אויב איר ווילט דאָ בלייבן, טאָ פירט זיך ביידע אויף אַ ביסל שטילער, זאָג איך אייך. נאָך ווייניק, וואָס מען האַלט אוים מיט עסן און דירה יעדן שלאַק, מאַכן זיי נאָך סקאַנדאַלן אינמיטן דער נאַכט. איך וועל דאָס ניט דערלאָזן, איר פאַרשטייט? ש־ש־ש! שווייגט, שנעקעס, און ווישט

אָפּ די נעזער, אַ ניט וועל איך זיך אַליין פאַר אײַך נעמען! ממש אומדערהערט! קומט אַ מענטש גלייך פון דער גאַס, האָט ניט קיין צעבראָכענעם גראָשן ביי דער נשמה און מאַכט אַ טומל אינמיטן דער נאַכט, אַז מענטשן זאָלן זיך צונויפלויפן. איך וועל עס ניט דערלאָזן! איר הערט? כ׳וועל אַלעמען אַרויסטרייבן. מעג איך פאַרלאַנגען רויִקייט אין מיין אייגענעם הויז, צי ניט?!

איך האָב גאָרנישט ניט געזאָגט, אַפילו דאָס מויל ניט געעפנט, איך האָב זיך ווידער אַוועקגעזעצט ביי דער טיר און אויסגעהערט די קולות. געשריען האָבן אַלע, אַפילו די קינדער און די דינסט, וועלכע האָט געוואָלט דערקלערן, ווי אַזוי עס האָט זיך אָנגעהויבן דער טומל. אַז איך וועלן בלייבן שטיל, וועט זיך אפשר אַלץ באַלד ענדיקן; ס׳וועט לאַנג ניט דויערן, אויב איך וועל נאָר שווייגן. און וואָס האָב איך געקענט זאָגן? איז דען אויף דרויסן ניט געווען ווינטער און דערצו נאָך ביינאַכט. צי דען איז איצט די צייט צו קלאַפּן מיט דער פויסט איבערן טיש? קיין שום נאַרישקייטן! און איך האָב זיך רויִק איינגעזעצט, פאַרשטייענדיק אויסגעצייכנט, אַז אין גרונד גענומען טרייבט מען מיך אַרויס. איך האָב פאַרעקשנט געקוקט אויף דער וואַנט, וואו ס׳איז געהאַנגען אַן איילבילד פון קריסטוסן און פאַרעקשנט געשוויגן אויף אַלע אָנצוהערענישן פון דער באַלעבאָסטע.

— אויב איר ווילט פון מיר פּטור ווערן, מאַדאַם, קען איך אַוועקגיין, — האָט געזאָגט איינער פון די קאָרטנשפּילער.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט און זיין חבר נאָך אים.

— ניין, איך מיין עס ניט אײַך, און אײַך אויך ניט — האָט די באַלעבאָסטע ביידן געענטפערט, — אַז עס האַלט שוין דערביי, קען איך זאָגן וועמען איך האָב געמיינט...

זי האָט גערעדט אָפּגעהאַקט, האָט מיר דערלאַנגט די דאָזיקע קלעפּ מיט קליינע הפסקות און בכיוון אויסגעצויגן די ווערטער, כדי צו געבן מיר דייטלעך צו פאַרשטיין, אַז זי האָט עס טאַקע מיך געמיינט. רויִק! — האָב איך געזאָגט צו זיך אַליין — נאָר רויִק! זי האָט דאָך ניט געזאָגט קלאָר און דייטלעך, אַז איך זאָל אַוועקגיין. איך פון מיין זייט טאָר ניט אַרויסווייזן קיין שום גדלות

און פֿאַלשע בושה. מען דאַרף זיין אויף דער וואַך!.. סאַר אַ מאָד=
נע האָר ביי קריסטוסן אויף דעם איילבילד! זיי זענען אויס ווי
גרין גראָז, אָדער, ריכטיקער געזאָגט — ווי געדיכטע לאָנקע=גראָז.
כע! אַ גאַנץ ריכטיקע באַמערקונג פֿון מיין זייט — ווי זייער גע=
דיכטע לאָנקע=גראָז... אַ גאַנצע ריי אומגעריכטע אַסאָציאַציעס האָט
זיך אַדורכגעטראָגן אין מיין קאָפּ אין דעם דאָזיקן מאָמענט: פֿון
גרינעם גראָז ביז איך אַריבער צום יענעם אָרט אין תנך, וואו עס
שטייט, אַז דאָס לעבן איז געגליכן צו אַ ברענענדיקן גראָז, דאַן —
צום יום=הדין, ווען אַלץ וועט אומקומען אין פייער; דערנאָך —
אַ קליינער איבערגאַנג צו דער ליסאַבאָנער ערדציטערניש; און
ענדלעך צו עפּעס אַ מין שפּאַנישן מעשענעם שפּייקעסטל און
אַ האַלטער פֿון העלפֿאַנדביין, וואָס איך האָב געזען ביי אילאַיאַלין.
אַך, אַלץ איז הבל הבלים! אַלץ ווי ברענענדיק גראָז! דער סוף
פֿון אַלע סופֿן איז — די פֿיר ברעטער און די תכריכים — ביי
פֿריילין אַנדערסען, אין טויער רעכטס...

דאָס אַלץ האָט זיך דורכגעטראָגן אין מיין קאָפּ אין דעם
פּאַרצווייפֿלטן מאָמענט, ווען די באַלעבאָסטע האָט זיך נעקליבן
מיך אַרויסצוטרייבן.

— ער הערט ניט! — האָט זי אויסגעשריען — איך זאָג
אייך, איר זאָלט זיך אָפּטראָגן פֿון דאַנען, איר הערט! דער מענטש
איז דאָך פּשוט משוגע, גאָט זאָל מיך ניט שטראָפֿן פֿאַר די רייד!
נו, אַרויס פֿון דאַנען, טאַקע תיכּף=ומיד, און אַ סוף זאָל דאָס
נעמען!

איך האָב אַ קוק געטאָן צו דער טיר, ניט כּדי אַוועקצוגיין,
בשום אופֿן ניט כּדי אַוועקצוגיין; מיר איז אייננעפֿאַלן גאָר אַן
אַנדער געדאַנק: ווען אין דער טיר וואָלט געווען אַ שליסל, וואָלט
איך אים אַ דריי=איבער געטאָן, וואָלט זיך פֿאַרשפּאַרט צוזאַמען
מיט די איבעריקע, אַבי ניט אַוועקצוגיין. עפּעס אַ היסטערישער
פּחד איז מיך באַפֿאַלן ביי דעם געדאַנק ווידער צו בלייבן אויף
דער גאַס. אָבער אין דער טיר=לאָך איז ניט געווען קיין שום
שליסל, און איך בין אויפֿגעשטאַנען; עס איז ניט געווען מער קיין
שום האָפֿענונג.

דאָ האָט זיך פּלוצלונג אַריינגעמישט דער קול פון מיין באַלעבאָס.

איך בין געבליבן שטיין אַ געפּלעפטער. דער זעלביקער מענטש, וועלכער האָט מיר נאָר־וואָס געדראָט, האָט זיך נאָר אומגעריכט געשטעלט אויף מיין צד! ער גיט אַ זאָג:

— ניין, דאָס טויג ניט, מ׳טאָר ביינאַכט קיין מענטשן אויף דער גאַס ניט אַרויסטרייבן, דערפאַר קומט אַ שטראָף, ווייסטו.

איך האָב ניט געוואוסט, צי דערפאַר קומט מ׳אַקע אַ שטראָף, איך האָב געגלייבט, אַז ניכער — ניט, אָבער מסתּמא — יאָ, וואָרעם די פרוי האָט זיך באַלד באַדאַכט, איז געוואָרן רויִק און מיט מיר מער ניט גערעדט. זי האָט מיר אַפילו אַוועקגעלייגט צוויי פּוטערברייטלעך, אָבער איך האָב זיי ניט גענומען, אויס ריינער דאַנקבאַרקייט צום מאַן האָב איך זיי ניט גענומען מיט דעם אויטרייד, אַז איך האָב שוין געגעסן אָוונטברויט אין שטאָט.

אַז איך בין אַרויס אין פאָדערצימער זיך לייגן שלאָפן, איז מיר די באַלעבאָסטע נאָכגעגאַנגען, געבליבן שטיין אויף דער שוועל און געזאָגט הויך אויף אַ קול, בשעת ווען איר גרויסער טראָגעדיקער בויך האָט זיך אָנגעשטעלט אויף מיר:

— אָבער די לעצטע נאַכט שלאָפט איר היינט דאָ, איר זאָלט עס וויסן זיין!

— יאָ, יאָ, — האָב איך געענטפערט.

מאָרגן וועל איך זיך שוין אַן עצה געבן מיט אַ נאַכטלעגער, מ׳וועט נאָר דאַרפן זיך אַ סטאַרע טאָן. און ביז וואַנען־וואָס־ווען האָב איך זיך געפרייט, וואָס איך האָב ניט געדאַרפט די היינטיקע נאַכט פאַרברענגען אויף דער גאַס.

איך האָב געשלאָפן ביז פינף־זעקס אַ זייגער פאַרטאָג. אַז איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, איז נאָך ניט געווען ליכטיק, דאָך בין איך גלייך אויפגעשטאַנען; צוליב דער קעלט בין איך געשלאָפן ניט אויסגעטאָנענערהייט און דעריבער האָב איך זיך ניט געדאַרפט אָנטאָן. אויסגעטרונקען אַ ביסל וואַסער, האָב איך שטילערהייט

אויפגעעפנט די טיר און בין שנעל אַרויס, מורא האָבנדיק ווידער זיך צו טרעפן מיט מיין באַלעבאָסטע.

דער איינציקער לעבעדיקער נפש, וואָס איך האָב אָנגעטראָפן אין די גאַסן, איז געווען ערגעץ־וואו אַ פּאָליציאַנט, וועלכער האָט ערפילט זיין נאַכט־דעזשור. אַ ווײַלע שפּעטער האָבן זיך געוויזן אַ פּאָר לאַמטערנצינדער, וועלכע האָבן אָנגעהויבן אויסצולעשן די גאַז־לאַמטערנס. איך האָב זיך אָן שום ציל אַרומגעבלאָנקעט איבער די גאַסן, אַרויס אויף דער קירך־גאַס און זיך געלאָזט גיין צו דער פעסטונג. דערפראָרן און שלעפעריק, די קני און דער רוקן פאַרמאַטערט פונם לאַנגן וועג, דערצו שטאַרק הונגעריק, האָב איך זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ באַנק און האָב אַזוי אַ לאַנגע צייט אָפּגעדרעמלט. דריי וואָכן צייט האָב איך זיך געשפּייזט בלויז מיט די פּוטערברייטלעך, וואָס מיין באַלעבאָסטע פלעגט מיר אינדערפרי און אינאָוונט געבן; און איצט איז שוין פונקט אַ מעת־לעת נאָך מיין לעצטן עסן און ווידער האָט אַלץ אין מיר אָנגעהויבן צו נאָגן און איך האָב געמוזט וואָס גיכער געפינען אַן אויסוועג. מיט דעם דאָזיקן געדאַנק בין איך ווידער אײַנגעשלאָפן אויף דער באַנק...

איך האָב אויפגעוואַכט פון שטימען אַרום מיר. אויסגעריבן די אויגן, האָב איך דערזען, אַז עס איז שוין געווען גרויסער טאָג און אַלץ איז שוין געווען אויף די פיס.

איך האָב זיך אויפגעהויבן און בין אַוועק. די זון איז אויפגעגאַנגען איבער די הינגלען, דער הימל איז געווען ווייס און צאַרט, און פרייענדיק זיך צוליב דעם שיינעם פרימאָרגן נאָך די אַלע פינסטערע וואָכן, האָב איך פאַרגעסן אַלע זאָרגן און האָב אייַנגעפונען, אַז עס איז מיר אָפּטמאָל נאָך געווען אַ סך ערגער. איך האָב זיך אַ קלאַפּ געטאָן אין ברוסט און אָנגעהויבן אונטערצוברומען אַ ניגונדל. מיין שטים האָט געקלונגען אַזוי שלעכט, געקלונגען אַזוי אומעטיק, אַז זי האָט מיך גערירט ביז טרערן. אויך דער דאָזיקער פּרעכטיקער טאָג, דער ווייסער, מיט ליכט אָנגעטרונקענער הימל האָבן אויף מיר אַזוי שטאַרק געווירקט, אַז איך האָב זיך פונאַנדערגעוויינט אויפן קול.

— וואָס איז אייך? — האָט מיך אַ דורכגייער געפרעגט.

איך האָב גאָרניט געענטפערט און בין אַנטלאָפן, פאַרבאָרגנדיק מיין פנים פון די פאַרבייגייער.

איך בין צוגעקומען צום האַפן. אַ גרויסע באַרקע אונטער אַ רוסישן פלאַג האָט אויסגעלאָדן קוילן. איך האָב דורכגעלייענט די אויפשריפט אויפן באָרטן: „קאָטשעגאַר”, אַ היבשע ווילע האָב איך זיך צעשטרייט דורכדעם, וואָס איך האָב אָבסערווירט, וואָס קומט פאָר אויף דער דאָזיקער פרעמדער שיף. די אויסלאָדונג האָט שוין, ווייזט אויס, געהאַלטן ביים סוף, ווייל דער דאַמפער האָט, טראָץ דעם באַלאַסט, זיך געפונען ניין פוס איבערן וואַסער, און בשעת די קוילנטרעגער האָבן שווער געטראָטן איבערן דעק, האָט די גאַנצע שיף אַרויסגעגעבן אַ פוסטן ווידערקלאַנג.

די זון, דער שיין, דער זאַלציקער אָטעם פון ים, דאָס גאַנצע טומלדיקע און לוסטיקע לעבן האָט מיך אַ ביסל געקרעפטיקט און מיין בלוט האָט אָנגעהויבן שנעלער צו פליסן אין די אָדערן. מיר איז איינגעפאַלן, אַז אפשר וואָלט איך קענען, דאָ זיצנדיק, אָנשרייבן אַ פאָר סצענעס פון מיין דראַמע. איך האָב אַרויסגענומען פון קעשענע מיינע פאַפירן און געפרוווט אָנשרייבן אַ רעפליק פון אַ מאָנאַך, וועלכע זאָל שפראָצן מיט קראַפט און פאַנאַטיזם; אָבער די רעפליק האָט זיך מיר ניט איינגעגעבן. איך האָב צו רו געלאָזט דעם מאָנאַך און געוואָלט באַאַרבעטן די רעדע פון אַ ריכטער צו דער זונה אין טעמפל. איך האָב אָנגעשריבן בלויז אַ האַלב זייטל און אַוועקגעוואָרפן. אין מיין שאַפונג האָט געפעלט די ריכטיקע שטימונג. דער גערודער אַרום מיר, דער געזאַנג פון די מאַטראָסן, דער גערויש פון די שיף־שרויפן, דער גרילץ פון די אייזערנע קייטן — דאָס אַלץ האָט אַזוי ווייניק זיך געפאַסט צו דער פינסטערלעכער, דומפיקער אַטמאָספערע פון דעם מיטלאַלטער, וועלכע האָט געדאַרפט, ווי אַ נעפל, איינהילן מיין דראַמע. איך האָב צונויפגעלייגט מיינע פאַפירן און בין אַוועק.

פונדעסטוועגן אָבער בין איך אַרויס אויף אַ דרך און איך בין געווען זיכער, אַז ס'וועט עפּעס אַרויסקומען, אויב אַלס וועט גיין כשורה. ווען איך האָב איצט אַ מקום־מנוחה! איך האָב אָנגע־

הויבן נאָכצוטראַכטן, אָבער האָב ניט געהאַט קיין איין ערטעלע אין דער גאַנצער שטאָט, וואו כ'וואָלט זיך געקענט אָפּרוען כאָטש אַ שעה צייט.

איך האָב ניט געהאַט קיין אַנדער ברירה, ווי אומקערן זיך צוריק אין דער אַכסניא. ביי דעם דאָזיקן געדאַנק האָב איך אויפגעשווידערט און די גאַנצע צייט איינגעטענהט מיט זיך אַליין, אַז אַז דאָס איז אוממעגלעך, און דאָך האָב איך זיך געשלעפּט אַלץ פאָרויס און זיך אַלץ מער דערנעענטערט צום פאַרבאָטענעם אָרט. אַוודאי איז דאָס שרעקלעך, האָב איך זיך אַליין מודה געווען, אַוודאי איז דאָס אַ שאַנדע, ממש אַ שאַנדע, אָבער קיין אַנדערע ברירה האָב איך ניט געהאַט. איך בין ניט געווען גרוים ביי זיך אפילו אויף אַ האָר, איך האָב רויִק געמעגט זאָגן, אַז איך בין איינער פון די קלענסטע גרויסהאַלטערס אין גאַנצן לאַנד! און איך בין אַוועק.

ביי דער טיר בין איך שטיין געבליבן און זיך איבערגעלייגט נאָכאַמאָל. אָבער זאָל זיין וואָס עס וויל, איך האָב געמוזט ריזיקירן! עס איז דאָך סוף־כל־סוף אַ קלייניקייט! ערשטנס האַנדלט זיך דאָ בלויז אום אַ פּאָר שעה, צווייטנס זאָל מיך גאָט שטראָפן, אויב איך וועל ווען־עס־איז קומען אַהערצו זוכן אַ מקום־מנוחה. איך בין אַרויף אויפן הויף. טרעטנדיק איבער די שטאָלפּעריקע שטיינער פון הויפּפּלאַץ, בין איך ווידער געוואָרן אומאַנטשלאָסן און סאַמע ביי דער טיר זיך שיר ניט אומגעקערט צוריק. איך האָב פאַרביסן די ציין. ניין, נאָר אָן שום גדלות! אין ערגסטן פאַל וועל איך זיך קענען פאַרענטפערן דערמיט, אַז איך בין געקומען זאָגן אַ גוטע נאַכט, זיך זעגענען ווי עס באַדאַרף צו זיין און אָפּריידן געגוי וועגן דעם חוב, וואָס איך בין געבליבן שולדיק. איך האָב געעפנט די טיר אין פאָרערצימער אַריין.

איך בין געבליבן שטיין ווי אַ צוגעשמידטער.

גלייך פאַר מיר, צוויי טריט בלויז, איז געשטאַנען דער באַלעבאָס אַליין, אָן אַ הוט און אָן אַ רעקל, און האָט דורך דעם שליסללאָך אַריינגעקוקט אין דעם צימער פון דער פאַמיליע. ער האָט מיר מיט אַ שטומער האַנט־באַוועגונג געגעבן אַ צייכן, איך

זאָל זיין שטיל, און האָט ווידער אַריינגעקוקט דורך דעם שליסל־לאָך. ער איז געשטאַנען און געלאַכט.

— קומט נאָר אַהערצו! — האָט ער געזאָגט שעפּטשענדיק.

איך בין צוגעגאַנגען אויף די שפּיץ פינגער.

— גיט נאָר אַ קוק! — האָט ער געזאָגט און זיך פונאַנדערגעלאַכט מיט אַ שטיל און אויפגערעגט געלעכטער. — קוקט נאָר אַריין! כי־כי! אָט ליגן זיי! קוקט נאָר אָן דעם אַלטן! איר זעט דעם אַלטן?

אין בעט, פּונקט אונטער דער קריסטוס־בילד און מיר קעגנאיבער, האָב איך דערזען צוויי געשטאַלטן, די באַלעבאָסטע און דעם פרעמדן שיפסמאַן; אירע פיס האָבן ווייס געשימערט אויף דעם טונקעלן איבערבעט. און אין בעט ביי דער אַנדערער וואַנט איז געזעסן איר פאָטער, דער געליימטער זקן, און צוגעקוקט, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף די הענט, איינגעהויקערט ווי געוויינלעך, ניט קענענדיק זיך אַ ריר טאָן...

איך האָב זיך אויסגעדרייט צו מיין באַלעבאָס. ער האָט זיך קוים געקענט איינהאַלטן ניט אויסצוברעכן אין אַ געלעכטער. ער האָט זיך צוגעהאַלטן די נאָז.

— האָט איר געזען דעם אַלטן? — האָט ער געמורמלט. — אַך, מיין גאָט, דעם אַלטן האָט איר געזען? ער זיצט און קוקט! — און ער האָט זיך ווידער אַרונטערגעבויגן צו דעם שליסל־לאָך.

איך בין צו צום פענסטער און זיך אַנידערגעזעצט. די דאָזיקע סצענע האָט אומדערבאַרעמדיק פאַרפלאָנטערט אַלע מיינע געדאַנקען און איינגאַנצן אַ תל געמאַכט פון מיין רייכער שטימונג. און וואָס איז עס מיין דאגה? מה־דאָך דעם מאַן אַליין אַרט עס ניט, מה־דאָך ער קוועלט נאָר אָן דערפון, האָב איך דאָך אוודאי און אוודאי קיין גרונד ניט צו נעמען דאָס זיך אַזוי שטאַרק צום האַרצן. און וואָס נוגע דעם אַלטן, איז דער אַלטער דאָך ניט מער ווי אַן אַלטער. ער האָט עס אפשר גאָר ניט געזען. אפשר איז ער גאָר געזעסן און געשלאָפן. ווער וויים — אפשר איז ער גאָר געשטאָרבן. עס וואָלט מיך גאָר ניט געוואונדערט, ווען ער וואָלט דאָרט געזעסן און געווען טויט. און מיין געוויסן איז געווען רויק.

איך האָב ווידער אַרויסגענומען מיינע פּאַפּירן און האָב געוואָלט פאַרטרייבן אַלע זייטיקע מחשבות. איך האָב געהאַלטן אינמיטן זאַץ פון דעם ריכטערס אַ רעדע: „וואָרעם אַזוי טוט מיר באַפעלן גאָט און דאָס געזעץ, אַזוי טוט מיר באַפעלן דער ראָט פון די חכמים, אַזוי טוט מיר באַפעלן מיין איינן געוויסן..." איך האָב אַרויסגעקוקט פון פענסטער, צו באַקלערן, וואָס זיין איינן געוויסן טוט אים אַזוינס באַפעלן. פון דעם צימער האָט זיך דערטראָגן אַ שוואַכער רעש. נו, דאָס גייט מיך ניט אָן, עס גייט מיך לגמרי ניט אָן! אַגב איז דער אַלטער שוין געוועזן טויט, געשטאָרבן אפשר אַ זייגער פיר פאַרטאָג. עס איז מיר אַלזאָ געווען לגמרי אַלצאיינס, וואָס דער רעש באַטייט; צו אַלדי שוואַרצע יאָר, וואָס זיץ איך דאָ און ברעך זיך איבער דעם מוח? שטילער! שטילער! אַזוי טוט מיר באַפעלן מיין איינן געוויסן...

אָבער אַלץ אַרום האָט זיך קענן מיר פאַרשוואָרן. דער מאַן איז ווייט ניט רויק געשטאַנען ביי זיין שליסל-לאָך; פון צייט צו צייט האָב איך געהערט זיין פאַרשטיקט לאַכן און נעזען, ווי ער האָט זיך געטרייסלט. אויך די גאַס האָט מיך צעשטרייט.

אויף דעם אַנטקעגנדיקן טראָטואַר איז אויף דער זון געזעסן אַ קליין יינגל און זיך געשפּילט, קיינעם קיין שלעכטס ניט געטאָן, פּשוט — צונויפגעבונדן אַ בינטל פּאַפּירלעך. פּלוצלונג שפּרינגט ער אויף און הייבט זיך אָן צו זידלען: אין דעם פענסטער פון צווייטן גאָרן דערזעט ער אַ מענטשן מיט אַ רויטער באָרד, וועלכער האָט אים אַרויפגעשפּינן אויפן קאָפּ. דאָס יינגעלע וויינט פאַר כעס און שילט אים אָנמעכטיק צום פענסטער אַרויף; און דער מענטש לאַכט אים אין פּנים אַריין; אַזוי איז אפשר אַריבער פינף מינוט. איך האָב זיך אָפּגעקערט, ניט צו זען דעם יינגלס געוויין.

„אַזוי טוט מיר באַפעלן מיין איינן געוויסן..."

עס איז מיר אוממעגלעך געווען ווייטער צו שרייבן. לסוף האָט מיר אָנגעהויבן צו פינטלען פאַר די אויגן; איך האָב איינגעפונען, אַז אַלץ, וואָס איך האָב אָנגעשריבן, טויג אויף כפּרות, נאָכמער — די גאַנצע אידעע איז אַ מוראדיקער אומזין. אין מיטל-עלטער האָט נאָר ניט געקענט זיין קיין רייד פון געוויסן, דאָס

געווירן האָט ערשט אויסגעטראַכט דער טאַנץ-לערער שעקספּיר, נמצא — איז מיין גאַנצע רעדע ניט ריכטיק. אַלזאָ איז אין די דאָזיקע אַלע בלעטער גאָר קיין רעכטס ניטאָ? איך בין זיי ווידער גיך אַדורכגעלאָפן און מיינע ספקות זיינען פאַרשוואונדן; איך האָב געפונען גרויסאַרטיקע ערטער, גאַנץ לאַנגע שטיקער, וואָס האָבן אַ גרויסן ווערט. און איך האָב ווידער דערפילט אַ באַדערפעניש זיך צו נעמען פאַר מיין דראַמע און ענדיקן זי.

איך בין אויפגעשטאַנען און זיך געלאָזט גיין צו דער טיר, ניט אַכטנדיק אויף דעם באַלעבאָס פאַרצווייפלטע צייכנס, איך זאָל ניט אָנמאַכן קיין גערודער. זיכער און פעסט ביי זיך בין איך אַדורך דאָס פאָדערצימער, אַרויף אויף די טרעפ פון ערשטן גאָרן און אַריין אין מיין אַלטן צימער. דער שיפסמאַן איז דאָרט ניט געווען, ער איז געווען ביי דער באַלעבאָסטע, ווער זשע האָט מיך דען געקענט שטערן צו זיצן דאָ אַ ווײַלע? איך וועל זיינע זאַכן ניט אָנרירן, וועל אַפילו צו זיין טיש ניט צוגיין, וועל זיך בלויז צוזעצן אויפן שטול ביי דער טיר און וועל דערמיט זיין זייער צופרידן. איך האָב אויף גיך אויסגעשפּרייט די פּאַפּירן אויף מיינע קני.

עטלעכע מינוט האָט זיך געאַרבעט אויסגעצייכנט. אַ רעפליק נאָך אַ רעפליק זיינען אויפגעשטאַנען אין מיין מוח פאַרטיקערהייט און איך האָב געשריבן אָן אַן אָפּשטעל. איך פיל אָן אַ זייטל נאָך אַ זייטל, שפּרינג משוגענערווייז, בין מלא התפעלות, וואָס איך האָב אַזאַ הערלעכע שטימונג. דער איינציקער קלאַנג, וואָס איך פאַרנעם אין דעם דאָזיקן מאָמענט, איז מיין אייגענער פרייד-אויסגעשריי. מיר פאַלט איין אַ גליקלעכע אידעע מיט אַ קירכנגלאָק, וואָס דאַרף זיך צעקלינגען אין אַ געווויסן מאָמענט פון מיין דראַמע. דאָס וועט זיין זעלטן שיין.

דאָ הער איך טריט אויף די טרעפּ. איך ציטער און בין אויסער זיך, זיץ גרייט אויפצושפּרינגען, אַ דערשראָקענער, אַן אויפגערעגטער פון הונגער.

איך האָרך זיך נערוועזש צו, האַלט דעם בלייער שטיל אין דער האַנט און בין ניט אימשטאַנד אָנצושרייבן מער קיין איין

וואָרט. די טיר עפנט זיך אויף; דאָס פּאָרל פון דעם אונטערשטן צימער גייט אַריין.

איידער איך האָב נאָך צייט געהאַט צו בעטן אַנטשולדיקונג, שרייט אויס די באַלעבאָסטע ווי אַ דונער אין מיטן העלן טאָג:

— גאָט אין הימל, ער איז ווייטער דאָ!

— אַנטשולדיקט מיך, — האָב איך געזאָגט און געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, אָבער ניט געקענט אויסריידן.

די באַלעבאָסטע האָט צעפּראַלט די טיר און האָט אַ געשריי געגעבן:

— אויב איר וועט זיך תיכף־ומיד ניט אָפּטראָגן פון דאַנען, וועל איך רופן פּאָליציי, צו אַלדי שוואַרצע יאָר!

איך בין אויפגעשטאַנען פון אָרט.

— איך האָב זיך נאָר געוואָלט מיט אייך זעגענען, — האָב איך געמורמלט, — און דעריבער האָב איך געוואַרט אויף אייך. איך האָב דאָ קיין זאַך ניט אָנגערירט, בין געזעסן נאָר אָט אויף דעם שטול...

— עס מאַכט ניט אויס, — האָט דער שיפמאַן געזאָגט, — וואָס איז דאָס געשריי, לאָזט אים צו רו!

איך בין פונדעסטוועגן אַרויס. אַז איך בין אַראָפּגעגאַנגען פון די טרעפּ, איז מיך אַ רציחה באַפאַלן קעגן דער דאָזיקער פאָרמלאָזער דיקער פרוי, וועלכע איז מיך נאָכגעגאַנגען פוסטריט, כדי וואָס גיכער מיך אַרויסצופּטרן. איך בין אַ רגע געבליבן שטיין און בין געווען קאַפּאַבל מאַכן זי אויסצודרייען. אָבער איך האָב זיך באַצייטנס באַטראַכט און האָב געשוויגן, האָב געשוויגן אויס דאַנקבאַרקייט צו דעם פרעמדן מאַן; וועלכער איז געגאַנגען הינ־טער איר. די באַלעבאָסטע איז מיר די גאַנצע צייט נאָכגעגאַנגען און זיך כסדר געשאָלטן, בשעת ווען מיין גרימצאָרן איז געוואַקסן מיט יעדן טריט, וואָס איך האָב געמאַכט.

מיר זיינען אַראָפּ אויפן הויף; איך בין געגאַנגען גאַנץ לאַנג־זאַם און זיך געישובט, צי זאָל איך זיך אָנהייבן מיט דער באַלע־באָסטע. אין דעם דאָזיקן מאָמענט בין איך געווען אויסער זיך פאַר רציחה און, פול מיט די בלוטיקסטע פלענער, האָב איך

געטראַכט פון אַ זעק אין בויך אַריין, וואָס זאָל זי אַוועקלייגן אויפן אָרט. אַ קוריער גייט מיך פאַרביי אין טויער אַריין, ער גריסט זיך, און איך ענטפער ניט. ער ווענדט זיך צו דער מאַדאַם הינטער מיר, און איך הער, אַז ער פרעגט זיך אויף מיר נאָך, פונדעסטוועגן קער איך זיך ניט אָפּ.

אַ פּאָר טריט פאַרן טויער יאָגט ער מיך אָן, באַגריסט מיך ווידער און שטעלט מיך אָפּ. ער גיט מיר איבער אַ בריוו.

האַסטיק און ניט־ווילנדיק רייס איך אים אויף, פון קאָנ־ווערט פאַלט אַרויס אַ צענקראָניקע — און מער גאָרנישט, קיין איין וואָרט ניט.

איך קוק אָן דעם קוריער און פרעג:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ קאַטאָוועסלעך? פון וועמען איז דער בריוו?

איך ווייס ניט, — ענטפערט ער. — אַ דאַמע האָט מיר אים געגעבן.

איך בלייב שטיין נעפּלעפּט. דער קוריער גייט אַוועק. איך לייג די אַסיגנאַציע אַריין צוריק אין קאָנווערט, קנייטש עס אַלץ צונויף, דריי זיך אום צו דער באַלעבאָסטע, וועלכע קוקט מיך אַלץ נאָך, און גיב עס איר אַ שליידער אין פּנים אַריין. איך האָב גאָרנישט ניט געזאָגט, קיין איין וואָרט ניט. איך האָב בלויז באַמערקט, אַז איידער איך בין אַוועק, האָט זי באַטראַכט דאָס צונויפגעקנייטשטע פּאַפּירל.

יאָ, אָט דאָס הייסט האַלטן זיך! קיין וואָרט ניט זאָגן, ניט דינגען זיך מיט דער מרשעת, נאָר צונויפקנייטשן אַ גרויסע אַסיג־נאַציע און אַ שליידער טאָן זי די שונאים אין פּנים אַריין. דאָס הייסט זיך האַלטן מיט ווערדע! אָט אַזוי דאַרף מען זיי באַהאַנד־לען, די כלבים!...

אַז איך בין צונעקומען צום ראָג טאָמטע־גאַדע און אייזנבאַן־פּלאַץ, האָט די גאַס פּלוצלונג אָנגעהויבן צו טאַנצן פאַר מיינע אויגן און איך בין אַרויפגעפאַלן אויף אַ וואַנט. איך האָב פּשוט ניט געקענט גיין ווייטער, ניט געקענט זיך אַפילו אויפשטעלן פון מיין אייננעבויגענער פּאָזיציע; איך בין געשטאַנען אָנגעשפּאַרט צו

דער וואַנט, און האָב געפילט, אַז איך פאַל אין חלשות. מיין דולער צאָרן איז דורך דעם דאָזיקן אָנפאַל פון פאַרשלאַפטקייט געוואָרן נאָך שטאַרקער און איך האָב אַ טופע געטאָן מיטן פוס אָן טראָטואַר. איך האָב אָנגעשטרענגט אַלע כוחות צו קומען צו זיך, צונויפגעביסן די ציין, געקנייטשט דעם שטערן, געדרייט פאַר־צווייפלט מיט די אויגן און דאָס האָט סוף־כל־סוף געהאָלפן. מיינע געדאַנקען זיינען געוואָרן קלאָר, און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך שטאַרב אַוועק. איך האָב אויסגעצויגן די הענט און האָב זיך אָפּגעשטויסן פון דער וואַנט; די גאַס האָט נאָך אַלץ געטאַנצט און געדרייט זיך פאַר מיר. איך האָב אָנגעהויבן צו שלוקערצן; מיט אַלע מיינע כוחות האָב איך זיך גענומען ראַנגלען איינצו־שטיין און ניט אומצופאַלן; איך האָב געוואָלט שטאַרבן שטייענ־דיקערהייט.

פאַרביי מיר פאָרט לאַנגזאַם אַדורך אַ קאַרע מיט קאַרטאָפל. אָבער פאַר רציחה, פאַר עקשנות פאַלט מיר איין צו זאָגן, אַז דאָס איז ניט קיין קאַרטאָפל, נאָר קעפּלעך קרויט, און איך שווער מיט כל השבועות, אַז דאָס איז קרויט. איך הער גוט, וואָס איך זאָג, און איך הער ניט אויף צו שווערן זיך אויף דעם דאָזיקן ליגן, אַבי צו האָבן אַ נחת־רוח, וואָס איך שווער פאַלש. איך קוויק זיך מיט דעם דאָזיקן חטא, שטרעק אויס מיינע דריי פינגער אין דער לופטן און שווער מיט ציטערדיקע ליפּן, אין נאָמען פון פאָטער, זון און הייליקן גייסט, אַז דאָס זיינען קעפּלעך קרויט.

די צייט איז געגאַנגען. איך האָב זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ טרעפּל דערנעבן, אָפּגעווישט זיך דעם שוויים פון שטערן און פון האַלדז, אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און זיך געצוואונגען צו באַרויִקן. די זון האָט אָנגעהויבן פאַרגיין, ס'איז שוין געווען ווייט נאָך האַלבן טאָג. איך האָב איבעראַניים אָנגעהויבן באַטראַכטן מיין לאַגע. דער הונגער איז געוואָרן אומפאַרשעמט און אין אַ שעה צוויי אַרום איז שוין נאַכט; מען דאַרף עפּעס צוטראַכטן, כל־זמן ס'איז נאָך דאָ צייט. מיינע געדאַנקען האָבן זיך ווייטער אומגעקערט צו דער אַכסניא, פון וועלכער מ'האָט מיך אַרויסגעטריבן; איך האָב אויף קיין פאַל ניט געוואָלט זיך אַהין אומקערן, האָב אָבער

ניט געקענט וועגן דעם אויפהערן צו טראַכטן. איינגנטלעך האָט דאָך די פרוי געהאַט דאָס פולע רעכט מיך אַרויסצויאָגן. ווי האָב איך נאָר געקענט ערוואַרטן, אַז כ'וועל קענען ביי עמעצן וואוינען בחינם? און אויסערדעם האָט זי מיר דאָך געגעבן ווען־ניט־איז אָפּצועסן אויך; אַפּילו נעכטן אינאָוונט, ווען איך האָב זי אויפגערעגט, האָט זי מיר פאַרגעלייגט צוויי פוטערברייטלעך, — פאַרגעלייגט אויס גוטהאַרציקייט, — ווייל זי האָט געוואוסט, אַז איך נייטיק זיך אין עסן. כ'האָב זיך אַלזאָ ניט געהאַט וואָס צו באַקלאָגן און האָב אין רעיון געבעטן ביי איר מחילה, וואָס כ'האָב זי אַזוי באַעוולט. דערהויפט האָט מיך פאַרדראָסן, וואָס כ'האָב זיך לסוף אַרויסגעוויזן אַזוי אומבאַנקבאַר צו איר און איר אַ שליידער געטאָן אין פּנים אַריין די צען קראָן.

צען קראָן! כ'האָב שטיל צוגעפייפט. פון וואַנען איז דער בריוו, וואָס דער קוריער האָט געבראַכט? ערשט אין דער רגע האָב איך זיך אַלץ קלאָר פאַרגעשטעלט און פאַרשטאַנען דעם גאַנצן צוזאַמענהאַנג. צעבראָכן פון פיין און חרפה, האָב איך איייניקע מאָל אַ פרעפל געטאָן מיט אַ הייזעריקן קול: „אילאַיאַלי"? האָב איך עס אַליין ניט נעכטן באַשלאָסן, שטאָלץ פאַרבייצוניין זי און אַרויסצוווייזן איר די גרעסטע גלייכגילטיקייט? אָנשטאָט דעם האָב איך ביי איר אַרויסגערופן מיטלייד צו מיר און אויסגענאַרט ביי איר אַ נדבה.

ניין, ניין, ניטאָ קיין סוף צו מיין דערנידערונג!

אַפילו אין אירע אויגן בין איך ניט אימשטאַנד צו שאַנעווען מיין כבוד; איך זינק אין בלאָטע ביז איבער די קני, איבערן גאַרטל, ווער פאַרזונקען אין אומכבוד און וועל קיינמאָל, קיינמאָל ניט אויפשטיין צוריק. דאָס איז שוין אַריבער אַלע אַלע גרענעצן! נעמען צען קראָן אַלס נדבה, ניט זייענדיק ביכולת זיי אומצוקערן דעם אומבאַקאַנטן געבער, אָנכאַפּן זיך מיטביידע הענט וואו נאָר עס לאָזט זיך אָן יעדן אָרעמען גראָשן און צאָלן דערמיט פאַר דער וואוינונג, טראָגן דעם טיפסטן עקל דערצו...

וואָלט איך אפשר געקענט באַקומען די דאָזיקע צען קראָן צוריק?

גיין צו דער באַלעבאָסטע און פאָדערן דאָס געלט צוריק? דאָס וועט צו גאָרנישט ברענגען.

נאָר עס מוז דאָך פאָרט זיין עפּעס אַן אויסוועג, מען זאָל גוט אַ טראַכט געבן, אָנשטרענגען אַלע כּוחות.

דאָס איז ווייניק אַ טראַכט צו טאָן מיטן געוויינלעכן שכל, מ׳מוז דאָ טראַכטן מיט אַלע חושים. איך האָב זיך אַנידערגעזעצט און אָנגעהויבן צו טראַכטן.

עס איז געווען אַרום פיר אַ זייגער; אין אַ פּאָר שעה אַרום וואָלט איך זיך געקענט זען מיטן טעאַטער־דירעקטאָר, ווען איך וואָלט פאַרטיק געמאַכט מיין דראַמע.

איך נעם אַרויס מיין מאַנוסקריפּט און טרעט צו מיט מיין גאַנצער התמדה צו פאַרענדיקן די לעצטע דריי־פיר סצענעס; איך טראַכט, שוויץ, לייען דורך אַלץ פון דאָס ניי, אָבער כ׳ריר זיך ניט פון אָרט. נאָר אָן טיפשות, אָן עקשנות — טענה איך מיט זיך אַליין אַיין! און איך נעם זיך ווידעראַמאָל צו מיין דראַמע, שרייב אַלץ, וואָס עס פאַלט מיר נאָר איין, אַבי נאָר זי וואָס שנעלער צו פאַרענדיקן און פּטור. איך האָב זיך געוואָלט איינשמועסן, אַז אויף מיר איז ווידער אַרויף אַ מינוט פון רוח־הקודש. כ׳האָב גע־לייגט, זיך אַליין גענאַרט און געשריבן אַזוי, ווי כ׳וואָלט גאָרניט באַדאַרפט זוכן קיין ווערטער. אויסגעצייכנט! „דאָס איז דאָך אַן אוצר!“ — האָב איך פון צייט צו צייט געשעפּטשעט — „שרייב עס נאָר אָן!“

לסוף האָבן מיר מיינע לעצטע רעפּליקעס אָנגעהויבן אויס־ווייזן זייער פאַרדעכטיק; זיי האָבן זיך בולט אונטערשיידט פון די רעפּליקעס אין די ערשטע סצענעס; אויסערדעם איז אין דעם מאָנאַכס רעדע ניט געווען קיין שפור פון מיטלעלטער. כ׳צעביים דעם בלייפעדער, שפּרינג אויף, צערייס איבער העלפט דעם מאַנוס־קריפּט, רייס יעדעס בלאַט באַזונדער, טו אַ וואָרף דעם הוט אויף דער גאַס און הייב אָן צו טרעטן מיט די פיס. איך בין פאַר־לאָרן! — מורמל איך פאַר זיך — רבותי, איך בין פאַרלאָרן! חוץ די דאָזיקע ווערטער זאָג איך גאָרניט און טרעט ווייטער מיין הוט.

עטלעכע טריט ווייט פון מיר שטייט אַ פּאָליציאַנט און קוקט מיך נאָך; ער שטייט אויף דער מיט גאַס און נעמט פון מיר ניט אַראָפּ די אויגן. אַז איך הייב אויף דעם קאָפּ, באַגעגענען זיך אונזערע בליקן; קען זיין, ער איז שוין דאָ געשטאַנען לאַנג און געקוקט אויף מיר, איך הויב אויף מיין הוט, טו אים ווידער אָן און גיי צו צו אים.

— קענט איר מיר אפשר זאָגן, ווי שפּעט איז איצט? — זאָג איך.

ער אײַלט זיך ניט, נעמט אַרויס דעם זייגער און נעמט ניט אַראָפּ פון מיר די גאַנצע צייט זיין בליק.

— פיר, — ענטפערט ער.

— ריכטיק! — זאָג איך, — פיר אַ זייגער, גאַנץ ריכטיק! איר קענט אײַער זאַך, ווי איך זע, און איך וועל אײַך האָבן אין זינען.

מיט די ווערטער האָב איך אים פאַרלאָזן. ער איז געווען נשתומם ביז גאָר, געבליבן שטיין מיט אַן אָפענעם מויל און נאָך אַלץ געהאַלטן דעם זייגער אין דער האַנט. ווען איך בין צוגעקומען צום „ראָיאַל“, האָב איך זיך אומגעקוקט: ער איז נאָך אַלץ געשטאַנען מיט דעם זייגער אין דער האַנט און האָט מיך באַגלייט מיט די אויגן.

כע, כע, אַזוי דאַרף מען זיך באַגיין מיט כלבים! מיט ראַפינירטער אומפאַרשעמקייט! דאָס פלאַנצט אין זיי אַיין אַכטונג און מורא... איך בין געווען מיט זיך אינגאַנצן צופרידן און האָב ווידער אָנגעהויבן אונטערצופייפן. אין געשפּאַנטער אויפגערעגטקייט, ניט פילנדיק מער דעם מינדסטן ווייטאָג, אפילו אָן שום אומאײַנגענעמער שפּירונג, בין איך דורכגעגאַנגען, גרינג ווי אַ פעדערל, דעם גאַנצן פלאַץ, זיך פאַרקערעוועט ביים מאַרק און זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ באַנק ביים „קלויסטער פון דערלייזער“.

אייגנטלעך, איז עס ניט אַלצאיינס דען, צי איך וועל איר אָפּשיקן די צען קראָן, אָדער ניט! האָב איך זיי שוין יאָ באַקומען — געהערן זיי מיר און דאָרט, פון וואַנען כ׳האָב זיי דערהאַלטן, איז קענטיק ניט געווען קיין נויט. איך האָב זיי דאָך

געמוזט אָננעמען, ווען זיי זיינען אויסדריקלעך געשיקט געוואָרן צו מיר; עס האָט דאָך ניט געהאַט קיין שום זין איבערצולאָזן זיי דעם שליח פונקט ווי ס׳האָט ניט געטויגט אָפּצושיקן אַנדערע צען קראָן און ניט די, וואָס כ׳האָב דערהאַלטן. מ׳האָט אַלזאָ גאָרניט געקענט מאַכן.

כ׳האָב געפּרוווט נאָכקוקן די באַוועגונג אויפן פּלאַץ, וואָס איז געווען אַנטקעגן מיר, און פאַרנעמען מיין געדאַנק מיט גלייכגילטיקע זאַכן; נאָר עס איז מיר ניט געלונגען, און כ׳בין די גאַנצע צייט געווען פאַרנומען מיט די צען קראָן. ענדלעך האָב איך צונויפגעדריקט די פויסטן און בין אין כעס געוואָרן. דאָס וואָלט זי באַליידיקט, — האָב איך געזאָגט — ווען איך וואָלט איר אָפּגעשיקט דאָס געלט צוריק; צו וואָס זאָל איך עס טאָן? כ׳האָב זיך שטענדיק געהאַלטן העכער פון אַלעמען, מיט גדלות געשאָקלט מיטן קאָפּ און פלעג זאָגן: — ניין, אַ דאַנק. איצט האָב איך זיך אַרומגעזען, צו וואָס דאָס פירט; איך האָב זיך ווידער געפונען אויף דער גאַס. הגם איך האָב געהאַט די פולע מעגלעכקייט, דאָך האָב איך ניט געקענט איינזיצן אין מיין ליבן, וואַרעמען צימער; איך בין געוואָרן שטאָלץ, בין אויפגעשפּרונגען ביים ערשטן וואָרט, בין געוואָרן פעסט ביי זיך, האָב געוואָרפן אויף לינקס און אויף רעכטס צענדלינגער קראָנען און בין אַוועק ווייטער... איך האָב זיך פירגעהאַלטן, וואָס כ׳האָב אַוועקגעוואָרפן מיין דירה. איך בין ווידער געבליבן אין אַזאַ מין לאַגע. איבעריקנס שפּיי איך אויף אַלץ! איך האָב די צען קראָן ניט געבעטן און דאָס געלט ניט לאַנג געהאַלטן, נאָר עס גלייך אַוועקגעגעבן, באַצאָלט ווילדפרעמדע מענטשן, וועלכע כ׳וועל שוין מער קיינמאָל ניט זען. אַזאַ מענטש בין איך שוין, און באַצאָל אַלץ ביז אַ שילינג, אַז מען דאַרף! ווערליג ווי איך קאָן אילאַיאַלי, האָט זי ניט קיין חרטה, וואָס זי האָט מיר געשיקט דאָס געלט, — וואָס זשע האָב איך זיך דערנערווירט? זי האָט געטאָן דאָס מינדסטע, וואָס זי האָט געקענט, שיקנדיק מיר איינמאָל אין אַ יובל צען קראָן. דאָס אָרעמע מיידל, נעבעך, איז דאָך געווען פאַרליבט אין מיר, אפשר, שטערבלעך פאַרליבט אין מיר... אין מיט דעם געדאַנק האָב איך פון זיך

אַליין אָנגעקוואָלן. עס איז ניט געווען קיין שום ספק, אַז זי איז געווען פאַרליבט אין מיר, דאָס אָרעמע מיידל! עס איז געווען פינף אַ זייגער. איך ווער ווידער אויפגערעגט און ווידער דערשפּיר איך אין קאָפּ דעם פּוסטן געררויש. איך קוק גלייך פאַר זיך, קוק שטאַר און דערזע פאַר זיך אַן אַפּטייק. דער הונגער האָט מיך שטאַרק געעקבערט און כ׳האָב זייער געליטן. בשעת איך בין אַזוי געזעסן און געקוקט פאַר זיך, איז פאַר מיינע שטאַרע אויגן בים־לעכווייז דייטלעך געוואָרן אַ געשטאַלט, און סוף־כל־סוף האָב איך זי שוין גאַנץ קלאָר דערקענט: דאָס איז די קוכנהענדלערין, וואָס ביי דער אַפּטייק „עלעפאַנט".

איך ציטער אויף, גלייך זיך אויס אויף דער באַנק און הייב זיך אָן צו דערמאָנען. גאַנץ ריכטיק, דאָס איז געווען די זעלביקע פרוי ביי דעם זעלבן טישל, אויף דעם זעלבן אָרט! איך טו אייניקע מאָל אַ פייף, קנאַק צו מיט די פינגער, הייב זיך אויף פון באַנק און לאָז זיך גיין צו דער אַפּטייק. נאָר אָן שטיק! כאַפּט עס דער טייוול! איז עס ניט אַלץ איינס, צי איך האָב איר געגעבן זינדיק געלט אָדער אמתע נאָרוועגישע מטבעות פון קאָנגס־בערגער זילבער! כ׳האָב ניט געוואָלט זיין קאָמיש, מען קען דאָך אויסגיין פון איבערטריבענער גדלות...

כ׳דערנעענטער זיך צום ראָג, קוק זיך צו צו דער קוכנ־הענדלערין און שטעל זיך אָפּ לעבן איר. איך שמייכל, גריס זי ווי אַ באַקאַנטער און סדר אויס מיינע ווערטער אַזוי, זי זאָל גלייך אַליין פאַרשטיין, אַז איך האָב געדאַרפט קומען צו איר נאָך אַמאָל.

— גוט מאָרגן! — זאָג איך. — דאַכט זיך איר דערקענט מיך ניט?

— ניין — ענטפערט זי לאַנגזאַם און קוקט מיך אָן.

איך שמייכל נאָך מער, פּונקט ווי דאָס, וואָס זי דערקענט מיך ניט, וואָלט געווען אַ וויץ פון איר זייט, און זאָג:

— איר געדענקט דען ניט, ווי איך האָב אייך אַנומלט געגעבן עטלעכע קראָן? איך האָב דערביי קיין זאַך ניט געזאָגט, אויף ווי ווייט איך געדענק; קיין זאַך ניט. אַזאַ טבע האָב איך

שוין. בשעת מען האָט צו טאָן מיט אָרנטלעכע מענטשן, איז ניט נייטיק צו באַדינגען זיך און שליסן וועגן יעטווידער קלייניקייט קאָנטראַקטן. כע־כע! דאָס האָב איך דאָך אייך איבערגעגעבן געלט אין יענעם טאָג.

— ני יאָ, אוודאי איר! איצט דערקען איך אייך...

איך האָב געוואָלט פאַרלייפן איר דאַנקבאַרקייט צו מיר פאַר דעם געלט און, אויסנעקליבן מיט די אויגן עפּעס פון דעם עסנוואַרג, האָב איך שנעל אַרויסגערעדט:

— איצטער בין איך געקומען נאָך קוכנס.

דאָס פאַרשטייט זי ניט.

— נו יאָ, קוכנס — זאָג איך איבער — איצט בין איך געקומען נאָך זיי. לכל־הפחות נאָך אַ טייל, די ערשטע ראָטע, היינט דאַרף איך ניט אַלע.

— איר זייט געקומען נאָך קוכנס? — פרעגט זי.

— נו, אוודאי! — ענטפער איך און לאַך אייפן קול, כדי איר זאָל גלייך קלאָר ווערן, אַז כ׳בין נאָך דעם געקומען. און איך נעם פון טיש עפּעס אַ מין פראַנצויזיש ברייטל און הייב עס אָן צו עסן.

דערזעען דאָס, האָט זיך די פרוי אַנידערגעשטעלט און געמאַכט אַ באַוועגונג, ווי זי וואָלט באַשיצט פון מיר איר סחורה; זי גיט מיר צו פאַרשטיין, אַז זי האָט ניט ערוואַרט, איך זאָל זיך אומקערן, זי צו באַרויבן.

— ניין? זאָג איך — טאַקע ניט? אַ מאָדנע פרוי באמת! האָבן שוין דען פּאַסירט אין איר לעבן פאַלן, מען זאָל איר איבערלאָזן אַ מטמון געלט און ניט מאָנען עס נאָכהער צוריק. ניין? זעט איר שוין! אפשר מיינט זי, אַז דאָס איז גענגבעט געלט, וויבאַלד איך האָב איר עס אַזוי אַרייננערוקט סתם? ני, דאָס האָט זי דאָך ניט געקענט מיינען! און דאָס איז ריכטיק. טאַקע ריכטיק! און פון איר זייט איז עס, אַזוי צו זאָגן, זייער פיין, וואָס זי האַלט מיך פאַר אַן אָרנטלעכן מאַן. כאַ־כאַ! יאָ, זי איז ווירקלעך זייער אַ וואוילע פרוי.

צו וואָס זשע האָב איך איר דערמאָנט געגעבן דאָס געלט? די פרוי איז געווען מלא כעס און האָט זיך צעשריען.

איך האָב איר געגעבן צו פאַרשטיין, צו וואָס איך האָב איר געגעבן דאָס געלט, געגעבן עס איר צו פאַרשטיין רויק, איבער־ציינגדיק.

— איך האָב שוין אַזאַ טבע צו האַנדלען אַזוי. איך געטרוי אַלע מענטשן. אַלעמאָל אַז עמעצער ליינט מיר פאָר אַ קאָנטראַקט, צי אַ וועקסל, שאָקל איך מיטן קאָפּ און טו אַ זאָג: ניין, אַ שיינעם דאַנק. ערנוואָרט, אַז אַזוי זאָג איך.

אָבער די פרוי האָט מיך פאָרט ניט פאַרשטאַנען.

איך האָב געפּרוווט אַנווענדן אַנדערע מיטלען, האָב אָנגעהויבן : ריידן שטרענג און גאָרניט געוואָלט הערן קיין נאַרישע תירוצים. האָט דען קיינמאָל ניט פּאַסירט, מ'זאָל איר צאָלן פאָרויס? נאַטירלעך — רייכע מענטשן, למשל, אַ קאָנסול. קיינמאָל ניט? יאָ, איך בין מודה, אַז ביי אונז איז דאָס נאָך אַ נייס, אָבער אין אויסלאַנד איז דאָס זייער אָנגענומען. אפשר איז זי קיינמאָל אין אויסלאַנד ניט געווען? ניין? זעט איר שוין! טאָ זאָל זי ניט ריידן, אַז זי ווייס ניט. און איך האָב גענומען עטלעכע קוכן פון טישל.

זי האָט אָנגעהויבן צו ברימען, ניט געוואָלט מיר געבן קיין האָר פון דעם, וואָס זי האָט געהאַט אויפן טישל, אפילו אַרויס־געריסן ביי מיר אַ קוכן פון האַנט און אַוועקגעליינט אויף זיין אָרט. איך בין געוואָרן אין כעס, אַ זעץ געטאָן מיט דער האַנט אין טיש און געדראָט מיט פּאָליציי.

איך בין נאָך צו איר צו גוט, — האָב איך געזאָגט. — ווען איך זאָל נעמען אַלץ, וואָס עס געהערט צו מיר, וואָלט איך זי' ברייל־הדל געשטעלט, וואָרעם איך האָב איר דערמאָנט געגעבן אַ מטמון מיט געלט. איך האָב אָבער ניט געוואָלט נעמען אַזוי פיל, איך האָב פאַרלאַנגט סחורה נאָר אויף אַ העלפט פון מיין קאַפּיטאַל. און דערמיט וועט מיין חשבון מיט איר זיין ערליידיקט באמונות ערליידיקט ווייבאַלד זי איז אַזאַ...

לסוף האָט זי אָפּגעלייגט פאַר מיר אַ 5—6 קוכן פאַר אַ בראַנד־טייערן מקח און האָט מיך געבעטן אָפּטראָגן זיך. איך

האָב זיך אָנגעהויבן מיט איר צו אַמפּערן, געטענהט, אַז זי האָט מיך אָפּגענאַרט לכל־הפּחות אויף אַ קראָן און מיט אירע פּרייזן אויסגעוויזן מיר דאָס בלוט. — „איר ווייסט, וואָס פאַר אַ שטראָף עס קומט פאַר אַזעלכע שטיקלעך? — האָב איך געזאָגט. — איר מעגט דאַנקען גאָט, וואָס איר זייט ניט אַריינגעפאַלן פאַר אַזאַ מעשה אין תּפיסה אויפן גאַנצן לעבן, בהמה איינע!“ זי האָט מיר צוגעוואָרפן נאָך אַ קוכן און קריצנדיק מיט די ציין געבעטן מיך, איך זאָל זיך אָפּטראָגן.

און איך בין אַוועקגעגאַנגען.

כע, אַזאַ דרייערין פון אַ קוכנהענדלערין האָב איך נאָך אין לעבן ניט געזען! די גאַנצע צייט, וואָס איך בין געגאַנגען איבערן מאַרק און געגעסן די קוכנס, האָב איך אויפן קול געזידלט די פרוי און איר אומפאַרשעמטקייט, איבערגעחזרט פאַר זיך דעם גאַנצן וויכּוח אונזערן און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איך בין בעסער פון איר. איך האָב געגעסן די קוכנס פאַר אַלעמען אין די אויגן און גערעדט פאַר זיך.

די קוכנס זיינען פאַרשוואונדן איינס נאָכן אַנדערן; וויפיל איך האָב ניט געגעסן, איז מיר אַלץ געווען ווייניק, מיין הונגער איז ניט געשטילט געוואָרן; איך בין געווען שרעקלעך אויסגעהונ־גערט. מיין גאָט, פאַרוואָס אַזוי ווייניק! איך בין געווען אַזוי גיריק, אַז איך האָב שיר ניט אויפגעגעסן דעם לעצטן קוכן, וועלכן איך האָב פון לכתּחילה אָן באַשלאָסן צו באַהאַלטן פאַר דעם יינגל אויף דער וואָגמאַנס־גאַדע — אָט פאַר דעם קליינעם, וואָס דער מאַן מיט דער רויטער באָרד האָט אים אַ שפּיי געטאָן אויפן קאָפּ. איך האָב די גאַנצע צייט געטראַכט פון אים און ניט געקענט פאַרגעסן זיין פּנים, בשעת ער איז אויפגעשפּרונגען און זיך צעוויינט און זיך אָנגעהויבן צו זידלען. אַז מ׳האָט אויף אים אַ שפּיי געטאָן, האָט ער אויך אַ קוק געטאָן אין מיין פענסטער, גלייך ווי ער וואָלט געוואָלט זען, צי לאַך איך אויך ניט פון אים. איך זאָל אים כאָטש געפינען! איך האָב אָנגעשטרענגט אַלע כּוחות וואָס גיכער אָנצוקומען אויף וואָגמאַנסגאַדע; איך בין אַדורכגע־גאַנגען דעם אָרט, וואו איך האָב צעריסן מיין דראַמע און וואו

עס האָבן זיך נאָך געוואַלגערט שטיקלעך פּאַפּיר, אויסגעמיידט דעם פּאָליציאַנט, וועלכן איך האָב אַזוי פאַרחידושט מיט מיין אויפפירונג, און לסוף אָנגעקומען צו די טרעפּ, וואו דער יונגל איז אינדערפרי געזעסן.

ער איז דאָרט ניט געווען. די גאַס איז כמעט אינגאַנצן געווען וויסט פון מענטשן. עס איז שוין פינסטער געוואָרן און איך האָב דעם יונגל אין ערגעץ ניט געקענט געפינען. ער איז משמעות שוין אַריין אין שטוב. איך האָב דעם קוכן אַוועקגעלייגט כּמעט ביי דער טיר, האָב שטאַרק אָנגעקלאַפּט און בין אויף גיך אַנט־לאָפן. „ער וועט אים אויף זיכער געפינען! האָב איך געזאָגט פאַר זיך; ווי נאָר ער וועט אַרויסגיין פון שטוב, וועט ער גלייך דערזען דעם קוכן". און מיינע אויגן זיינען פייכט געוואָרן פאַר פרייד, וואָס דער יונגל וועט געפינען דעם קוכן.

איך בין ווידער אַראָפּ צו דעם האַפן. איך בין מער ניט געווען הונגעריק, נאָר פון דעם זיסוואַרג וואָס איך האָב אויפגע־געסן, האָט מיך געאיבלט.

אין מיין קאָפּ האָבן זיך ווידער געטראָגן די ווילדסטע מחשבות. אפשר נאָר שטילינקערהייט איבערשניידן די קאַנאַטן ביי די אַלע שיפן? און וואָס וועט זיין, אַז איך וועל פּלוצלונג נעמען שרייען: „עס ברענט!" איך גיי ווייטער איבער דעם האַפן און געפין אַ קאַסטן, זעץ איך זיך דערויף אַוועק, פאַרלייג די הענט און איך פיל, אַז דער פּלאָנטער אין מיין קאָפּ ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער. איך ריר זיך ניט פון אָרט, טו לחלוטין גאָרניט איינצוצאַמען די ווילדע געדאַנקען.

איך קיק שטאַר אויף דעם „קאָטשענאַר". דער שיף אונטער דעם רוסישן פלאַג; אויפן פאַרדעק שטייט אַ מענטש; די רויטע לאַמטערנס פון דעם לינקן באָרטן באַלייכטן זיין קאָפּ און איך שטיי אויף און הייב מיט אים אָן צו ריידן.

איך בין גאָרניט אויסן געווען, זיך ווענדנדיק צו אים, איך האָב זיך אַפילו ניט געריכט, ער זאָל מיר ענטפערן. איך האָב אַ זאָג געטאָן:

— איר זעגלט היינט אָוונט אָפּ, קאַפּיטאַן?

— יאָ, באַלד, — האָט דער מאַן געענטפערט.

ער האָט גערעדט שוועדיש.

„ער איז אַלזאָ אַ פינלענדער“ — האָב איך אַ טראַכט געטאָן.

— המ... אפשר דאַרפט איר האָבן אַ מענטשן?

אין דעם מאָמענט איז מיר געווען אַלצאיינס, צי ער וועט מיך אָפּזאָגן אָדער ניט. מיר איז געווען גאַנץ גלייכגילטיק, וואָס דער מאַן וועט מיר ענטפערן. איך בין געשטאַנען און געוואַרט.

— ניין, — האָט ער געענטפערט. — סיידן אפשר אַ שיפסיונג.

אַ שיפסיונג? איך האָב אַ ציטער געטאָן, אומבאַמערקט אויסגעטאָן די ברילן און באַהאַלטן זיי אין קעשענע; דערנאָך האָב איך איבערן טראַפּ זיך אויפגעהויבן און אַרויף אויפן פּאַרדעק.

— מיר איז נאָך ניט אויסגעקומען צו דינען אויף אַ שיף, איך קען אָבער טאָן אַלצדינג, וואָס מ׳וועט מיר הייסן. וואוהין פאָרט איר?

— מיר גייען מיט באַלאַסט קיין לידס, דאָרט וועלן מיר אָנלאָדן קוילן פאַר קאַדיקס.

— גוט! — האָב איך געזאָגט און איך האָב אים שוין ניט אָפּגעלאָזט. — מיר איז אַלצאיינס, וואוהין צו פאָרן, איך וועל טאָן מיין אַרבעט.

אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען, געקוקט אויף מיר און זיך געיישובט.

— איבערן ים ביסטו נאָך קיינמאָל ניט געפאָרן? — האָט ער געפרעגט.

— ניין. נאָר איך זאָג דאָך אײַך: גיט מיר וואָסער אַרבעט איר ווילט, איך וועל טאָן אַלץ. איך בין צו אַלץ געוואוינט.

ער האָט זיך ווידער געיישובט. איך האָב זיך שוין אַרייַנגענומען אין קאָפּ, אַז איך וועל פאָרן, און אָנגעהויבן מורא צו האָבן, מ׳זאָל מיך ניט צוריקשיקן אויפן ברעג.

— איז וואָס זשע בלייבט, קאַפּיטאַן? — האָב איך ענדלעך געפרעגט. — איך קען, באמת, אַלץ אַריבערטראָגן. אָבער וואָס זאָג איך עס? איך וואָלט זיין אַ שלעכטער אַרבעטער, ווען איך זאָל ניט קענען אויפטאָן נאָך מער ווי מ׳גיט מיר אויף. אויב

ס'איז נייטיק, קען איך אויף זיך נעמען אַ טאָפּלטע אַרבעט. ביי מיר האָט עס ניט קיין ווערדע, איך קען עס לייכט פאַרטראָגן.

— נו, גוט, לאָמיר פּרווון, — האָט ער געזאָגט און לייכט אַ שמייכל געטאָן אויף מיינע לעצטע ווערטער. — און טאָמער וועט ניט טויגן, וועלן מיר זיך אין ענגלאַנד צעשיידן.

— אוודאי, — האָב איך מיט שמחה געזאָגט. און איך האָב איבערגעחזרט, אַז טאָמער וועט ניט טויגן, וועלן מיר זיך אין ענגלאַנד צעשיידן.

און ער האָט מיר אויפגעגעבן אַרבעט.

אין דעם פיאָרד ערשט האָב איך אויסגעגלייכט דעם רוקן און, נאָס פון פיבער און פאַרמאַטערטקייט, האָב איך אַריבערגע־קוקט צו דער יבשה און געזאָגט אַ לעצטן ויי־געזונט דער שטאָט קריסטיאַניע, וואו אין אַלע פענסטער האָבן זיך העל אָנגעצונדן פייערן.

---